י.   ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

# תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס



י. ראַפּאָפּאָרט

# תנך
# אימפּראָוויזאַציעס



אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס

ב ו ע נ אָ ס ־ א יי ר ע ס

ה׳תש״ך — 1960

ווי אַ מתנה צו י. ראַפּאָפּאָרטס 65סטן געבוירנטאָג
— יולי טויזנט נײַנהונדערט זעכציקסטן יאָר —

האָט אַ גרופּע פרײַנט און פאַרערערס פון דעם חשובן שרײַבער
פינאַנסירט די אויסגאַבע פון אָט־דעם בוך.

# אינהאַלט

# וועגן תנ"ך

## דער ספר הספרים

אויף דער וועלט איז דאָ בלויז איין בוך, וועגן וועלכן מע קאָן (און מע דאַרף) אַרויסגעבן אַ ספּעציעלע ענציקלאָפּעדיע. און נישט צוליב יראת הכבוד, נישט דערפאַר ווייל דאָס איז „דאָס בוך פון די ביכער" — דער תנ"ך, נאָר צוליב צוועק־מעסיקייט. ווייל דאָס דאָזיקע בוך איז ענציקלאָפּעדיש לויט זיין אינהאַלט און לויט זיין ווירקונג אויף דער קולטור און דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. עס איז גענוג אָנצווייזן דערויף, אַז דער תנ"ך איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף מער ווי טויזנט שפּראַכן און דיאַלעקטן, כדי פאַרצושטעלן זיך דעם גאַנצן פאַר־נעם פון דער ווירקונג, וואָס דאָס דאָזיקע בוך האָט געהאַט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט.

באמת: ווען מע שטודירט די געשיכטע פון קולטור און די געשיכטע פון דער מענטשהייט, באַמערקט מען מיט פאַרוווּנדערונג אַז כמעט אין יעדן געביט שטויסט מען זיך צונויף מיט אַ גרעסערער אָדער קלענערער ווירקונג פון תנ"ך.

עס וועט נישט זיין קיין איבערטרייבונג צו זאָגן, אַז עס איז נייטיק אַ ספּע־ציעלע ענציקלאָפּעדיע וועגן דעם תנ"ך — אַן ענציקלאָפּעדיע וואָס זאָל באַלייכטן די גאַנצע ווירקונג פון דעם דאָזיקן קולטור־ראַדיאַקטיוון בוך. די דאָזיקע ענ־ציקלאָפּעדיע וואָלט באַדאַרפט זיין געבויט לויט פאָלגנדיקער סכעמע: ליטעראַ־טור און דער תנ"ך; באַפרייונגס־באַוועגונגען פון דער מענטשהייט און דער תנ"ך; סאָציאַלע פראַגע און דער תנ"ך; אוניווערסאַליזם און דער תנ"ך; פילאָ־סאָפיע פון געשיכטע און דער תנ"ך אאַז"וו, אאַז"וו — דערביי וואָלט יעדע אָפּ־טיילונג געהאַט אומצייליקע סוב־אָפּטיילונגען: די ענגלישע ליטעראַטור און דער תנ"ך אאַז"וו.

דערווייל אָבער איז אַזאַ ענציקלאָפּעדיע נישטאָ (און אפשר איז דאָ אַזאַ, נאָר מיר איז זי נישט באַקאַנט), וועל איך זיך באַגנוגענען מיט אַ קליינער נאָ־טיץ אין גייסט פון אַזאַ נויטווענדיקער ענציקלאָפּעדיע.

*

שוין בלויז דאָס וואָס דער תנ"ך איז איבערגעזעצט אויף העכער טויזנט שפּראַכן, קאָן דינען ווי אַ באַווייז פאַר זיין ריזיקער ווירקונג אויף דער פאָרמי־רונג פון מענטשלעכן געדאַנק, אויף דער באַאַרבונג פון די געפילן פון אומצייי־ליקע מיליאָנען מענטשן, פון די ציוויליזירטסטע ביז די פרימיטיווסטע פעלקער. עס זיינען אָבער דאָ מער קאָנקרעטע באַווייזן פון דער גרויסער ווירקונג פונעם

תנ״ך אויף די מוחות און די הערצער פון די מענטשן. דער דאָזיקער באַווייז איז — די וועלט־ליטעראַטור. אָן אַ צאָל שרייבערס און פּאָעטן האָבן געשעפּט פונעם תנ״ך טעמעס, האָבן זיך באַגייסטערט מיט זיינע געשטאַלטן. דער תנ״ך — אין קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע הייליקע ביכער פון דער מענטשהייט — שטעלט נישט פאָר מיט זיך בלויז אַ פורעם פון אַ באַשטימטער רעליגיע, נאָר ער איז אַן אַלזייטיקע ליטעראַטור, אָנגעלאָדן מיט אַזאַ עשירות פון אַלמענטשלעכע סימבאָלן אַז די אַלוועלטלעכע ליטעראַטור הערט נישט אויף צו שעפּן פון איר באַגייסטערונג.

צי דען קאָן אַ פיינפילעקער קינסטלער פאַרבייגיין פּאַסיוו אַזעלכע סימבאָלן פון מענטשלעכקייט, ווי דאָס אַרויסטרייבן אדמען מיט חוהן פון גן־עדן, ווי די געשיכטע מיט קינען, ווי די געשיכטע מיט שמשונען, ווי די געשיכטע מיט משהן? און אַ סך פון די גרעסטע קינסטלערס האָבן געשטרעבט אַרויסצוברענגען זייערע אידייען און געפילן דורך די דאָזיקע ריינסטע קריסטאַלן פון מענטשלעכן גורל.

אָבער די ווירקונג פון דעם תנ״ך אויף דער ליטעראַטור קומט צום אויסדרוק נישט נאָר אין יענע פאַלן, ווען דער גרויסער פּאָעט פאַרקערפּערט זיינע געדאַנקען און געפילן אין ביבלישע געשטאַלטן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט מילטאָנען („פאַרלוירענער גן־עדן״, „שמשון״), און בייראָנען („קין״), נאָר אויך אין יענע פאַלן, ווען די ווירקונג פון תנ״ך איז מער באַהאַלטן, ווי אין פּראָלאָג צו „פאַוסטן״, ווו דער גרויסער געטע באַנוצט זיך מיטן אַריינפיר צו „איוב״.

הגם די אָפענע ווירקונג פון דעם תנ״ך אין זין פון טעמאַטיק איז זייער גרויס, דאָך איז די באַהאַלטענע ליטעראַרישע ווירקונג פונעם תנ״ך נאָך גרעסער. די דאָזיקע ווירקונג קאָן זיין אַזוי באַהאַלטן, אַז עס איז נייטיק שוין גאָר אַ שפּירעוודיק אויער, כדי צו באַמערקן די בילדלעכע אָדער סטיליסטישע ווירקונג פונעם תנ״ך אויף אָן אַ צאָל מחברים, אין וועמענס געדאַנקען און געפילן עס האָט זיך איינגעוואָרצלט, פון די צאַרטסטע קינדער־יאָרן, די ווירקונג פון דעם תנ״ך. דער מענלעכער סטיל פון דעם תנ״ך, זיין רייכקייט אין בילדער־סימבאָלן, זיינע ליידנשאַפטלעכע אידייען — דאָס אַלץ האָט אַריינגעדרונגען אין משך פון יאָרהונדערטערס דורך אומצאָליקע אָפענע און געהיימע קאַנאַלן אין די שפּראַכן, אויף וועלכע מ׳האָט אים איבערגעזעצט און געלייענט, אין די מוחות און אין די הערצער פון די מענטשן און באַאַרבעט זייער אַרט דענקען, זייער אַרט אויסדריקן זיך, זייער פאַרשטיין די וועלט און די מענטשן. אַלע נייע שפּראַכן זיינען דורכגעדרונגען מיט ביבלישע אויסדרוקן און מעטאַפאָרעס. און אַ סך באַנוצן זיך מיט זיי און זיינען אַפילו נישט חושד זייער אמתן אָפּשטאַם.

דער תנ״ך איז אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון פּאָעזיע. אין דעם דאָזיקן פּרט זיינען נישטאָ קיין מיינונג־פאַרשיידנקייטן צווישן דעם דייטשן קענער פון דער אַלוועלטלעכער פּאָעזיע, הערדערן, וועלכער האָט אָנגעשריבן דאָס בוך „וועגן גייסט פון דער העברעישער פּאָעזיע״, און צווישן דעם ייִד היינע, וועלכער האָט אָנגעשריבן איינעם פון די באַגייסטערטסטע הימנען לכבוד דעם גרויסן בוך — דעם תנ״ך.

*

דער תנ״ך האָט געווירקט אויפן לעבן נישט נאָר דורך דעם וואָס ער האָט משפּיע געווען אויף דער ליטעראַטור, דער תנ״ך האָט געווירקט אויך אוממיטל־באַר.

דער תנ״ך האָט באַגייסטערט אַ סך פירערס פון די פאַרשיידנסטע פריי־הייט־באַוועגונגען פון דער מענטשהייט. פאַר מערערע מאַכטיקע פרייהייט־באַ־וועגונגען האָט ער געדינט ווי אַן אוממיטלבאַר געווער פון קאַמף, דערביי ווי אַ הויפּט־געווער, וואָס איז זייער ווירקזאַם. גענוג אָנצווייזן אויף זיין ראָל אינעם קאַמף פון פּראָטעסטאַנטיזם קעגן דער קאַטוילישער קירכע. דער תנ״ך איז גע־ווען פאַר ליוטערן דאָס הויפּט־געווער אין זיין קאַמף. דאָס דאָזיקע געווער איז אויף אַזוי ווייט געווען וויכטיק, אַז ליוטער האָט איבערגעזעצט דעם תנ״ך אויף דייטש, כדי די פאָלקס־מאַסן זאָלן האָבן אַ צוטריט צום דאָזיקן געווער און זיי זאָלן זיך קאָנען באַנוצן מיט אים. און די ווירקזאַמקייט פון דאָזיקן געווער קאָן מען אָפּשאַצן נישט נאָר לויט דעם דערפאָלג פון פּראָטעסטאַנטיזם, נאָר אויך לויט דעם, וואָס ווען ליוטער האָט געוואָלט צוימען זיין באַוועגונג, וועלכע איז אַוועק אַ ביסל צו ווייט (די פּויערישע מאַסן האָבן זיך צו שטאַרק דורכגענומען מיטן תנ״ך און האָבן גענומען בוכשטאַבלעך זיינע דעמאָקראַטישע און סאָציאַלע לערעס), האָט ער זיך באַמיט קודם־כל אַרויסהאַקן פון די הענט פון די פאָלקס־מאַסן דאָס געפערלעכע געווער — דעם תנ״ך. אין זיין בראָשור „קעגן די רייבע־רישע און מערדערישע פּויערים״ שרייבט ער:

„עס העלפט די פּויערים אויך נישט דאָס, וואָס זיי פאַררופן זיך אויף „בראשית״ 1 און 2, לויט וועלכן אַלע זאַכן זיינען פריי און זיינען אויף איין אופן געשאַפן, און אַז מיר זיינען אַלע גלייך. אין נייעם טעסטאַמענט האָט משה נישט קיין אויטאָריטעט, ווייל דאָ הערשט דער האַר יעזוס קריסטוס און וואַרפט אונדז אונטער מיט לייב און לעבן דעם קייזער און דעם וועלטלעכן רעכט.״

אַלע סאָציאַל־באַפרייערישע באַוועגונגען, אַלע באַוועגונגען פאַר באַפרייען די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, האָבן געשעפּט פון אומפאַרלעשלעכן פלאַם פון סאָציאַלן פּראָטעסט פון די נביאים און פון דעמאָקראַטישן גייסט פון דעם גאַנצן תנ״ך. די ווירקונג איז געווען אַ צווייפאַכע: ערשטנס, פאַרמאָגט דער תנ״ך אַ וואָרט וואָס צינדט אָן, און צווייטנס, דאָס דאָזיקע אָנצינדנדיקע וואָרט האָט דורכן גלויבן געהייליקט זיין געטלעכן אָפּשטאַם. אַפילו אַלע גייסטיקע און סאָציאַלע באַוועגונגען אין אונדזער יידיש לעבן זיינען פאַרבונדן מיטן לאָזונג „צוריק צום תנ״ך״, צו זיינע ווערטער, וועלכע זיינען נישט צוגעדעקט מיט אַ דיקער וואַל קאָמענטאַרן און לעגענדעס, נאָר זיינען נאַקעט אין זייער גאַנצער ליידנשאַפט־לעכער אוממיטלבאַרקייט.

נישט אומזיסט האָבן אויך אונדזערע קאָנסערוואַטאָרן מורא געהאַט פאַר אַן אוממיטלבאַרן קאָנטאַקט מיטן תנ״ך און ער איז כמעט געווען פאַרבאָטן פאַר אַ גרינטלעכן שטודיום. דאָס שטודירן דעם תנ״ך איז פאַר אונדזערע אַרכי־קאָנ־סערוואַטאָרן געווען גלייכבאַטייטנדיק מיט דער וואָרשיינלעכקייט פון אַפּיקורסות.

און פון זייער שטאַנדפּונקט זיינען זיי געווען פולשטענדיק גערעכט. דער תנ״ך האָט אין זיך אַ סך פון דעם, וואָס היינע האָט באַצייכנט ווי „גאָטלעס־

טערנדיקע רעליגיעזיטעט". אינעם תנ"ך איז דאָ ווייניקער הכנהדיקע רעליגיעזיטעט, ווי פּראָטעסטירנדיקע. די נביאים און איוב, דאָס איז דאָך דער ליידנשאַפטלעכסטער בונט נישט קעגן רעליגיעזיטעט, נאָר אין נאָמען פון רעליגיעזיטעט. אָט פאַר דעם דאָזיקן אָנשטעקנדיקן פייער פון רעליגיעזער ליידנשאַפטלעכקייט, פון רעליגיעזן פּראָטעסט, האָבן מורא געהאַט און האָבן מורא אַלע קאָנסערוואַטיווע כוחות צווישן די פעלקער, פאַר וועלכע דער תנ"ך איז צוטריטלעך (און פאַר וועמען איז ער נישט צוטריטלעך?).

בכלל: אין דער ספּעציעלער ענציקלאָפּעדיע וועגן תנ"ך וואָלט זיך אויך באַדאַרפט געפינען אַן אָפּטייל אונטערן נאָמען „דער תנ"ך און דאָס יידישע פאָלק". אין דער דאָזיקער פאַרשיידנאַרטיקער אָפּטיילונג וועגן די דריי טויזנט־יאָריקע קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן שעפער און געשאַפענעם (דערביי איז דער שעפער — דאָס יידישע פאָלק — שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאַפונג פונעם געשאַפענעם — פונעם תנ"ך) וואָלט נישט קיין קליינעם אָרט באַדאַרפט פאַרנעמען דער פאַקט, וואָס דאָס יידישע פאָלק איז פאַרפרעמדט געוואָרן פונעם תנ"ך.

ווי ווייניק יידן פאַרנעמען זיך מיטן תנ"ך און ווי ווייניק זיי קענען אים!

עס דאַכט זיך מיר, אַז איינע פון די נויטווענדיקסטע באַדינגונגען פאַר דער אויפלעבונג פון יידישן פאָלק באַשטייט אין דעם, אַז יידן זאָלן זיך אויסלערנען לייענען דעם תנ"ך אוממיטלבאַר און נישט מיט דער הילף פון די פאַרשיידן־קאַליריקע ברילן פון די טראַדיציאָנעלע אויסטייטשונגען. פאַרן יידישן פאָלק איז נייטיק נישט נאָר דאָס אומקערן זיך צו דער נאַטור, זיך אויסלערנען זי איבערצולעבן אוממיטלבאַר — פאַר אים איז וויכטיק אויך דאָס אומקערן זיך צום תנ"ך, איבערלעבן אים אוממיטלבאַר, ווייל אויך ער איז נאַטור, סטיכיע, די גייסטיקע סטיכיע פון מענטשן אין איר סאַמע אוממיטלבאַרער, דערהויבענער דערשיינונג.

די נאָענטקייט און די געוווינהייט האָבן אָפט אַ פאַטאַלע ווירקונג: זיי פאַרטעמפּן די אויפנעם־פעיקייט און לאָזן נישט זען דאָס, וואָס אַנדערע זעען. עס איז נייטיק אַ גרויסע אָנשטרענגונג כדי גובר צו זיין די פאַטאַלע ווירקונג פון געוווינטשאַפט און נאָענטקייט.

אויך מיר, יידן, זיינען אין אונדזער באַציִונג צום תנ"ך געפאַלן קרבנות פון אונדזער נאָענטקייט און געוווינטשאַפט: דאָס איז דאָך א ו נ ד ז ע ר תנ"ך, דאָס איז דאָך אונדזער א יי ג נ ס, און אָט דאָס שלעפערט איין, פאַרטעמפּט, פאַרבלענדט. עס איז נייטיק אַ גרויסע אָנשטרענגונג כדי אויפצוּוועקן אונדזערע גייסטיקע חושים און איבערלעבן די אויפרעגונג פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט — אויפסניי! — מיטן תנ"ך.

דער וועג צו אונדזער אויפלעבונג ליגט אויף דער ליניע פון פרישן קאָנטאַקט מיט דער נאַטור און מיטן תנ"ך — מיט די דאָזיקע גרונט־יסודות פון פיזישן און גייסטיקן געזונט פונעם מענטשן.

# ביבל־קריטיק

די ביבל־קריטיק איז אַ וויסנשאַפט נישט גאָר קיין יונגע: אירע וואָרצלען זיינען שוין אַלט אַכט הונדערט יאָר — זיי גרייכן ביז אברהם אבן־עזראן. און נישט נאָר ביז אים — אַז מען איז גוט באַוואָפנט דערצו — קאָן מע זיי נאָכפאָלגן ביז די חכמי התלמוד.

אָפיציעל איז זי אויך נישט אַזוי יונג — איר אָפיציעלער שטאַמפאָטער — ברוך שפינאָזאַ — איז געשטאָרבן העכער 250 יאָר צוריק.

אָבער ערשט פאַר די לעצטע הונדערט יאָר האָט זיך די דאָזיקע וויסנשאַפט שטאַרק אַנטוויקלט — ביז היפּערטראָפיע. די וויסנשאַפטלעכע קריטיק פון ביבלישן טעקסט איז אַ זאַך אַ נייטיקע און אַ וויכטיקע. אין געביט פון רעסטאַווירן אַ גוט־לעזבאַרן טעקסט, אין שטח פון פונאַנדערלייגן דעם טעקסט אויף זיינע אָריגינעלע שיכטן, וואָס האָבן זיך נאָך אין גרויען אַלטערטום צוזאַמענגעשמאָלצן אינאיינעם ביי די פאַרשיידענע רעדאַקציעס — אין די דאָזיקע געביטן האָט די ביבל־קריטיק אויפגעטאָן זייער אַ סך.

אָבער אַ מאָל שווימט אויף אַ פראַגע: צי האָט זי נישט אויפגעטאָן שוין צו פיל?

אין זיין אַרטיקל „די שפּראַך און דער סטיל פון שעקספּירן״, שרייבט מ. מ. מאָראָזאָוו:

„שעקספּירס בילדער זיינען פאַר אונדז שווער מיט זייער פילזייטיקער אָפּשפּיגלונג פון דער ווירקלעכקייט, וואָס איז אונדז ווייט נישט תמיד באַקאַנט. ווען ראָזעמינדאַ — אין דער קאָמעדיע „ווי אַזוי וועט אייך דאָס געפעלן״ — זאָגט: „גוטער ווייַן בייטיקט זיך נישט אין אַ קוסט״, איז כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע ווערטער... דאַרף מע וויסן אַז פאַר די טירן פון די ווייַן־קראָמען פלעגט מען, פאַר אַ שילד, פאַרזעצן אַ קוסט פוןווילדן וויין״.

און אַזעלכע ביישפּילן ברענגט מאָראָזאָוו אַ סך. ער ווייזט אָן דערויף, אַז בלויז צוליב עם־הארצות באַמיִען זיך די שעקספּיראָלאָגן אויסצובעסערן אַזעלכע „פאַרגרייזטע״ טעקסטן, כדי זיי זאָלן זיך לייענען לאָגיש. ווען מע פאַרקוקט זיך אָבער אין שעקספּירס עפּאָכע, פאַרוואַנדלען זיך אַ סך אומלאָגישע טעקסטן אין בילדער.

אָבער אויב מיר טרעפן זיך מיט אַזעלכע פאַקטן ביי שעקספּירן, וועלכער האָט געלעבט כמעט אין אונדזער צייט, אין פאַרגלייך מיט דער אַלטקייט פון דער הייליקער שריפט, טאָ וואָס־זשע זאָלן מיר זאָגן וועגן תנ״ך? צי דען דאַרפן מיר נישט צוימען אונדזער לאָגיק, וועלכע וויל נאָר איר שמאָלן, גלייכן וועג? דאָס, וואָס זעט אויס צו זיין נישט לאָגיש, באַזירט אפשר אויף אַ ווירקלעכקייט, וואָס איז אונדז פרעמד סיי אין איר אויסערלעכער דערשיינונג, סיי אין איר אינערלעכער קלאַוויאַטור.

אַפילו פאַר אַ פשוטן לייענער, וואָס איז נישט באַוואָפנט מיטן גאַנצן כלי־זין פון דער היסטאָריש־פילאָלאָגישער ביבל־קריטיק, איז לייכט צו זען אַז אין די פסוקים 9־10 פון 11טן קאַפּיטל „קוהלת״ האָבן זיך פאַרקליבן נישט אָרגאַנישע שטעלן: „פריי זיך, בחור, אין דיין יוגנט, און לאָז ווויליגיין דיין האַרץ אין דיינע בחורשע טעג, און גיי אין די וועגן פון דיין האַרצן, און נאָך דער זעונג

פון דיינע אויגן; אָ ב ע ר ז יי וו י ס ן, אַ ז פ אַ ר אַ ל ע ם ד ע ם וו ע ט ג אָ ט ד י ך ב ר ע נ ג ע ן צ ו ם מ י ש פ ט. און טו אָפּ ער־גערניש פון דיין האַרצן, און האַלט אָפּ בייז פון דיין לייב, ווייל יוּנגלשאַפט און יוגנט זיינען אַ הויך".

עס איז קלאָר, אַז די פון מיר אונטערגעשטראָכענע שטעלע איז אַ פרעמד־קערפּער, אַריינגעבראַכט מיט געוואַלד דורך אַ רעדאַקטאָר, וואָס איז געווען מער ייִד פאַרן מחבר פון „קוהלת", און די דאָזיקע פסוקים לעבן אויף, ווי נאָר מע באַזייטיקט דעם פרעמד־קערפּער.

און איך ספק שטאַרק צי יהואש האָט ריכטיק איבערגעזעצט די לעצטע פּאָר ווערטער „וואָרעם יוּנגלשאַפט און די יוגנט זיינען אַ הויך". אמת, זיי פּאַסן זיך אַריין אין דער שטימונג פון די צוויי פסוקים, אָבער גיכער האָבן מיר דאָ ווידער אַ רעדאַקטאָרישע הגהה, „ווייל יוּנגלשאַפט און יוגנט זיינען אייטלקייט".

דאָס איז ביבל־קריטיק, — יהואש גלאַטיקט אויס דעם טעקסט, אָנשטאָט אים צו לאָזן טונקל אָדער אַרויסצוּוואַרפן די פרעמד־קערפּערס; אָבער ווען די ביבל־קריטיק איז שוין צו גלאַט, ווען זי רעסטאַווּרירט שוין צו לאַגיש דעם ביבלישן טעקסט, ווער איך פול מיט חשד לגבי דער דאָזיקער גלאַטיקייט.

די ביבל־קריטיק דאַרף צוגיין קריטיש אויך צו איר קריטיק — נישט נאָר צום ביבלישן מסורה־טעקסט.

## דער גורל פון ייִדישן פאָלק

„און וואָס אייך קומט אויפן זינען וועט קיין מאָל נישט זיין: וואָס איר זאָגט: מיר וועלן זיין אַזוי ווי די אומות, אַזוי ווי די מישפּחות פון די לענדער, צו דינען האָלץ און שטיין. אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר, אויב נישט מיט אַ שטאַרקער האַנט, און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, און מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן, וועל איך קיניגן אויף אייך (יחזקאל, כ', 32־33).

די דאָזיקע ליידנשאַפטלעכע ווערטער פון יחזקאל רופן אַרויס אַ ריי געדאַנקען.

מעגלעך, אַז די פעלקער טראָגן זייער גורל אין זייער פּסיכיק, אין זייער כאַראַקטער, אין זייער נאַטור, אַזוי ווי יחידים.

אין יעדן מענטשן (לכל הפחות אין יענע, וואָס טיילן זיך אויס פון דער מאַסע ווי פּערזענלעכקייטן) איז דאָ עפּעס אַ דעמאָנישע קראַפט, וואָס רייסט אים פאָרויס אין אַ באַשטימטער ריכטונג — ווי כוואַליעס אַ שפּענדל — נישט געקוקט אויף זיין פאַרלאַנג צו זיין אַנדערש, צו האַנדלען אַנדערש, נעמען אַן אַנדער ריכטונג.

איינער — אַן עראָטישע נאַטור — וועט תמיד באַגעגענען אויף זיין וועג אַ פרוי, וואָס לאָזט אים נישט ווערן אַ סטאַטעק — די פרוי איז זיין גורל; אַ צווייטער קאָן טויזנט מאָל באַשליסן ביי זיך צו זיין איינגעהאַלטן אין זיינע סאָציאַלע ליידנשאַפטן, און דאָך פלאַקערט ער תיכף אויף מיט צאָרן, ווי נאָר ער טרעפט אַן אומגערעכטיקייט — דאָס איז דער טיפּ פון דאָן קיכאָט; אַ דריטער מעג זיך הונדערט מאָל געבן דאָס וואָרט צו ווערן אַ „מענטש" און לעבן ווי אַלע,

און דאָך פֿאַרזינקט ער תּמיד אין געדאַנקען וועגן דער וועלט, אָדער ער איז תּמיד פֿאַרנומען מיט פּאָעטישע פּלענער — דאָס איז דער טיפּ פֿון אַ פּאָעט אָדער פֿון אַ פֿילאָסאָף.

מעגלעך אַז אויך מיט פֿעלקער קומט פֿאָר דאָס זעלביקע.

נישט איין מאָל אין זיין געשיכטע האָט שוין דאָס ייִדישע פֿאָלק באַשלאָסן צו ווערן גלייך מיט אַנדערע פֿעלקער — און פֿון דעסטוועגן איז דאָס אים נישט געלונגען. און דער עיקר — צוליב זיין אייגענער שולד. אַ מין דעמאָנישע קראַפֿט שטעלט זיך אין אים אַנטקעגן, לאָזט זיך נישט דערשטיקן און רייסט אַראָפּ אַלע זיינע מיושבדיקע באַשלוסן.

מיט וואָסער קראַפֿט דאָס איז אויסגעדריקט אַפֿילו ביי יחזקאלן, ביי דעם דאָזיקן נביא וואָס געהערט נישט צו די שטאַרקסטע אין תּנ״ך. ער איז מער ראַציאָנאַליסט־כהן, ווי עמאָציאָנאַליסט־נביא, און דאָך — ס׳אַראַ דעמאָנישקייט אין דעם דאָזיקן אויסברוך: „און מיט אויסגעגאָסענעם צאָרן וועל איך קיניגן אויף אייך״. וואָר? דער כאַראַקטער־גורל?

טראָגט טאַקע יעדעס פֿאָלק זיין גורל אין זיך, אין זיין כאַראַקטער, וואָס איז — זיין השגחה פּרטית?

אָדער האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק צופֿעליק אַרויסגעבראַכט פֿון זיך אַזעלכע עטישע נאַטורן, אַז זיי האָבן מיט געוואַלד אַוועקגעפֿירט דאָס דאָזיקע פֿאָלק, קעגן זיין ווילן, קעגן זיין אינערלעכער נייטראַלקייט, מיט אַ ספּעציפֿישן וועג פֿון אַ פֿאָלק — אַ פּערזענלעכקייט, וואָס געפֿינט זיך אין דער מאַכט פֿון דעמאָנישער ליידנשאַפֿט צו הייליקן זיין ערדיש לעבן?

אויב אַפֿילו דאָס דאָזיקע לעצטע איז ריכטיק, איז שוין אויך נישטאָ קיין צוריק: דאָס פֿאָלק געפֿינט זיך שוין אין דער מאַכט פֿון דער דאָזיקער געוווינהייט, וואָס איז געוואָרן זיין צווייטע נאַטור: עס קאָן שוין נישט שלום מאַכן מיטן גורל צו ווערן גלייך מיט אַלעמען — עס רייסט זיך צו אַן אידעאַל וואָס מע האָט אויף אים אַרויפֿגעצוווּנגען מיט אַזאַ מאַכטיקן כּוח אין פֿאַרלויף פֿון יאָרטויזנטער.

ווען אַ יחיד גייט קעגן זיין גורל־נאַטור — פֿאַרניכט ער זיך מאָראַליש, ער רופֿט אַרויס אין זיך אַ בירגער־קריג, אין וועלכן עס זיגט אָדער זיין נאַטור און דער מענטש נעמט לעבן אין הסכּם מיט איר אָדער די פּערזענלעכקייט ווערט פֿאַרניכט.

דאָס זעלביקע, מעגלעך, קומט פֿאָר מיט אַ פֿאָלק. ווען עס פֿעלשט אין זיין גורל־נאַטור, אין זיין וועג, דעמאָלט צעפֿלאַקערט זיך אין אים אַ קאַמף, אין וועלכן עס זיגן אָדער די דעמאָנישע כּוחות אָדער זיין נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט ווערט צעשטערט.

די גאַנצע ייִדישע געשיכטע שטעלט פֿאָר מיט זיך אַ גאַנצע ריי אַזעלכע גייסטיקע צוזאַמענשטויסן. און איצט, ווען דאָס ייִדישע פֿאָלק וויל ווידער ווערן ווי אַלע פֿעלקער, הייבט אין אים אָן רייף ווערן אַן אינערלעכער קאַמף, אַ פּסיכישער — און פּאַקטישער — בירגער־קריג. איז אָדער עס וועט זיגן דער גורל פֿון דער ייִדישער געשיכטע, וואָס הערשט איבער אונדז מיט „אויסגעגאָסענעם צאָרן״, אָדער מיר וועלן פֿאַרלירן אונדזער נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט, מיר

וועלן פסיכיש קראַנק ווערן, ווי יעדע פערזענלעכקייט, ווען עס ווערט צעשטערט איר איינהייט.

אונדזער פסיכיק איז צו שטאַרק פאַרהאַרטעוועט אין פייער פון דער איי־ביקער שטרעבונג צו פאַרווירקלעכן דאָס „מלכות שמים" אויף דער ערד, אַז אונ־דזער פאַרלאַנג צו ווערן ווי אַלע פעלקער זאָל אונדז קאָנען צעברעכן. יענער וואָס לעבט נישט אין הסכם מיט זיין „איך" — צעברעכט זיך אַליין.

נישט אומזיסט האָט הערצלס „יידישע מלוכה" אָנגעטראָפן אויף אַ ווידער־שטאַנד מצד דעם „גייסטיקן צענטער" פון אחד העם.

דאָס איז געווען בלויז אַן אָנהייב.

## א) די אייביקע זאָרג און די אייביקע וויזיע

יחזקאל הנביא איז אונדז נעענטער, היימישער פון אַלע אַנדערע נביאים; ער איז אַן אונדזעריקער, אַ גלותדיקער ייִד.

אַנדערע נביאים האָבן פאָרויסגעזאָגט דעם גלות, מיטגעגאַנגען אין גלות, אָבער יחזקאל איז דער ערשטער — און אפשר דער איינציקער נביא — וועלכער איז אויסגעוואַקסן אין גלות, ווען דער גלות איז געלעגן אין די ביינער.

„ואני בתוך הגולה" („און איך געפין זיך צווישן די פאַרטריבענע") — איז דער ערשטער אַקאָרד פון יחזקאל הנביאס ספר און דער לייט־מאָטיוו פון זיין נביאות־זאָגן.

און ער איז געווען אַנדערש פון אַלע אַנדערע נביאים אויך מיט דעם, וואָס ער איז געווען היימיש אויך פ אַ ר און צ ו די, פאַר וועמען ער האָט נביאות געזאָגט.

אַנדערע נביאים פלעגן אַראָפּשטורעמען אָדער אַראָפּנידערן צום פאָלק, אויב נישט ווי אליהו, ממש פון מידבר אַרויס, איז לכל הפחות פון אַ גרויסן גייסטיקן מרחק, פון אַ גרויסער גייסטיקער הויך, עפּעס ווי פון אַן אַנדער וועלט.

מע קאָן זיך עפּעס נישט פאָרשטעלן ישעיה הנביאן אין אַ קרייז ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר; אַפילו ירמיהון, וועמען מיר זעען אַזוי אָפט אין זיין טיף־פשוטער מענטשלעכקייט, איז זיך שווער פאָרצושטעלן אין אַ קרייז ייִדן, ביי אַ שמועס. קיינער וואָלט זיך נישט געווען דערוועגט צו צעשטערן די דיסטאַנץ צווישן אים און זיך.

אַנדערש איז יחזקאל. ער דערציילט אונדז פשוטע, אַלטעגלעכע זאַכן:

„און עס איז געווען אין זעקסטן יאָר, אין זעקסטן חודש, אין פינפטן טאָג פון חודש, ווי איך זיץ אין מיין הויז און די עלטסטע פון יהודה זיצן פאַר מיר..."

„און צו מיר זיינען געקומען מענער פון די עלטסטע פון ישראל, און זיי זיינען געזעסן פאַר מיר".

„און עס איז געווען אין זיבעטן יאָר, אין פינפטן חודש, אין צענטן טאָג פון חודש, זיינען געקומען מענער פון די עלטסטע פון ישראל צו פרעגן ביי גאָט, און זיי זיינען געזעסן פאַר מיר".

ווי טאָגבוך־פאַרצייכענונגען, ווי פּראָטאָקאָל־איינשרייבונגען, ווי נאָטיצן פון אַ באַאַמטן. יחזקאל איז שוין נישט נאָר אַ נביא (דאָס אויך!), וואָס גאָטס וואָרט באַפאַלט א י ם, און ער באַפאַלט מיט אים דאָס פאָלק אומגעריכט, — יחזקאל איז שוין אויך אַ נביאישע אינסטיטוציע, וואָס פונקציאָנירט פּלאַנמעסיק, מיושב־דיק, ווי דער אורים־ותומים, וואָס די נביאים האָבן אים, — ווי אַלץ וואָס איז מצוות־אנשים־מלומדהמדיק, — באַזייטיקט אין זייער עקסטאַז, אין זייער איי־בערמענטשלעכער דערהויבנקייט איבער דאָס קליינלעך־ווירקלעכע, איבער דעם גייסטיק־טעכנישן און עס פאַרביטן בלויז אויף גאָטס גייסטיק וואָרט.

אין יחזקאלן איז די נבואה אַ ביסל צוריקגעזונקען צום אורים־ותומים, — הגם זי איז נאָך אויך ביי אים אָפט גאַנץ ווייט פון צו זיין אַ הויף־נבואה, אַ

באַאמטן־נבואה, אַ מעכאַניש־פונקציאָנירנדיקע גייסטיקע אינסטיטוציע. זי איז אָבער שפּראָכלעך פאַרהיימישט געוואָרן, זי איז געוואָרן צוטריטלעכער פאַרן דורכשניטלעכן מענטש; זי קאָן פאַרטראָגן דעם אָפּט טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט מיט די זקני־ישראל און די לעצטע קאָנען פאַרטראָגן די פאַרהיימישטע נבואה.

*

און דער ערשטער עכטער גלות־נביא, יחזקאל, ראַנגלט זיך שוין מיט דעם אור־גלות־פּראָבלעם. וואָרעם וועגן וואָס פלעגן די זקני־יהודה ריידן מיט זייער היימישן נביא? וועגן דער גרויסער זאָרג פון יעדנטום זינט עס געדענקט זיך: וועגן קיום־האומה.

די זקני־ישראל פלעגן טענהן, זיצנדיק מיטן נביא אין זיין הויז, אַז:

„פאַרטריקנט זיינען אונדזערע ביינער;
און פאַרלוירן איז אונדזער האָפענונג;
פאַרשניטן זיינען מיר״.

און דער נביא פלעגט ריידן צו זיי טרייסט־רייד, אין גאָטס נאָמען, כדי אויפצוהאַלטן זייער גייסט:

„זע, איך עפן אייערע קברים,
און וועל אייך, מיין פאָלק, אויפברענגען פון אייערע קברים.
און אייך ברענגען אויף דער ערד פון ישראל...
און איך וועל אַריינגעבן מיין גייסט אין אייך,
און איר וועט לעבעדיק ווערן;
און איך וועל אייך באַרוען אויף אייער ערד״.

אָבער דעם נביא איז לייכטער געווען צו טרייסטן די זקני־ישראל, ווי זיך, און ווען ער פלעגט בלייבן אַליין, מיט די גריזשנדיקע ספקות, פלעגט ער זען אין זיין דיכטערישן כוח־הדמיון דעם גלות ווי אַ הויפן אויסגעטריקנטע ביינער. און ווען עמעץ אין אים פלעגט שטעלן די פראַגע: „צי קענען די דאָזיקע ביינער לעבעדיק ווערן?״, פלעגט ער זיך אַליין ענטפערן: „אדני יהוה, אתה ידעת!״ — „איין גאָט ווייסט...״

ביז דעם נביאס פאַרצווייפלונג האָט איין מאָל, אין אַן אַנטי־קלימאַקס, געבוירן אַ גראַנדיעזע וויזיע פון האָפענונג און טרייסט:

„איר טרוקענע ביינער, הערט דאָס וואָרט פון גאָט...:
זעט, איך ברענג אַריין אין אייך אַן אָטעם,
און איר וועט לעבעדיק ווערן.
יאָ, איך וועל געבן אויף אייך אָדערן,
און וועל אַרויפטאָן אויף אייך פלייש,
און אַרויפציִען אויף אייך אַ הויט,
און אַריינגעבן אין אייך אַן אָטעם,
און איר וועט לעבעדיק ווערן...
און די ביינער האָבן גענענט ביין צו זיין ביין;
און דער אָטעם איז אין זיי אַריין,

און זיי זיינען לעבעדיק געוואָרן;
און זיי האָבן זיך געשטעלט אויף זייערע פיס,
אַ זייער זייער גרויסע מחנה...
דאָס גאַנצע הויז פון ישראל...״

און זינט יענעם טאָג הערט נישט אויף אין גאַנצן הויז פון ישראל דער קאַמף צווישן דעם נאַגנדיקן וואָרעם פון פאַרצווייפלונג און דער מיטרייסנדיקער וויזיע פון טרייסט און האָפענונג.

וואָס מער עס פרעסן זיך איין אין אונדז, ווי זשאַווער, די מיושבדיקע, רעאַ־ליסטישע פעסטשטעלונגען: „פאַרטריקנט זיינען אונדזערע ביינער און פאַרלוירן איז אונדזער האָפענונג; פאַרשניטן זיינען מיר״, — אַלץ אומדערוואַרטער גיט זיך אַ צעבלי אין אונדז, ווי אַן אַנטי־קלימאַקס, די טראָגיקע אַרויספאָדערונג צום גורל, יחזקאלס וויזיע (וואָס האָט זיך אויך אין אים צעבליט ווי אַן אַנטרי־נונג פון פאַרסמנדיקע ספקות) וועגן דעם טאָל מיט די אויסגעטריקנטע ביינער, וואָס שטייען אויף צו אַ ניי־אַלט לעבן...

יחזקאלס טרייסט־וויזיע פון אַ פאַרצווייפלטן האָט ווי אַ טראָגיקע פאָן פון ניצחון געצויגן צו זיך די בליקן פון אומצאָליקע פאַרצווייפלענדיקע דורות; די וויזיע זיינע האָט זיי געגעבן פליגלען (ווייל זי פאַרמאָגט זיי!) אַריבערצופליען איבער זומפּן און אָפּגרונטן — אומבאַשעדיקט.

די וויזיע פון אַ מאַן פון גייסט, אַ וויזיע וואָס איז געבוירן פון פאַרצווייפ־לונג, כדי צו טרייסטן זיך און די זקני־ישראל, וואָס פלעגן קומען צו אים, האָט באַזיגט די האָפענונגלאָזע ווירקלעכקייט פון אומצאָליקע דורות — האָט זיך אַרויסגעוויזן ווירקלעכער פון אַלע ווירקלעכקייטן.

צוערשט איז געווען די וויזיע.

און די וויזיע האָט געשאַפן דאָס וואָרט. און דאָס וואָרט האָט אָנגעצונדן דעם גייסט מיט דער גרויסקייט פון דער וויזיע.

און דער גייסט וואָס ברענט מיט וויזיע איז אומשטערבלעך; ער איז די ווירקלעכקייט פון אַלע אמתע ווירקלעכקייטן.

## ב) דאָס נאַציאָנאַלע און דאָס אוניווערסאַלע

עס איז אַלגעמיין באַקאַנט אַז די ייִדישע קולטור — אין איר קלאַסישער אַנטוויקלונג אין זעלבשטענדיקייט־פּעריאָד פון ייִדישן פאָלק — האָט דורכגעמאַכט איינע פון די פאַנטאַסטישסטע מעטאַמאָרפאָזעס אין דער וועלט־געשיכטע. אין תנ״ך זיינען דאָ שטעלן ווו מיר שטויסן זיך אָן אויף שפּורן פון אַזאַ פּרימיטיוון קולטור־צושטאַנד, אַז נאָך זיי גלייבט מע קוים די אייגענע אויגן, ווען מע לייענט די גייסטיקסטע קאַפּיטלען פון די גרויסע נביאים.

פאַראַן אין תנ״ך שטעלן, וואָס אָטעמען מיט אוראַלטקייט, מיטן הייל־פּעריאָד — מיט אַן אוראַלטקייט וואָס איז כמעט נישט פאַרשטענדלעך אונדזערע נשמות. דערמאָנט זיך נאָר, ווי אַזוי גאָט וויל טויטן משהן און מיט וואָס משהס פרוי, צפורה, ראַטעוועט אים: „און עס איז געווען אונטערוועגס אין אַ האַרבעריק, האָט אים באַגעגנט גאָט, און ער האָט אים געוואָלט טויטן. האָט צפורה גענומען אַ שאַרפן שטיין, און האָט אָפּגעשניטן די פאָרהויט פון איר זון, און האָט צוגערירט צו זיינע פיס; און זי האָט געזאָגט: פאַרוואָר, אַ בלוט־חתן ביסטו מיר. און ער האָט אים אָפּגעלאָזט. דעמאָלט האָט זי געזאָגט „אַ בלוט־חתן, פון וועגן דער באַשניידונג״ (שמות ד׳, 24־26). און מיט אַ מאָל געפינט איר זיך אין אַ קולטור־אַטמאָספער, וואָס איז נאָך אויך איצט אַ נישט פאַרווירקלעכטער טרוים: „און אַ פרעמדן זאָלסטו נישט דריקן, וואָרעם איר ווייסט דאָס געמיט פון דעם פרעמדן, ווייל פרעמדע זענט איר געווען אין לאַנד מצרים״ (שמות כ״ג, ט).

און די דאָזיקע אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור האָט איבערגעלאָזן אין תנ״ך אַזעלכע בולטע שפּורן, אַז עס איז גענוג זיך אַוועקצוזעצן ביים תנ״ך און בלויז בלעטערן אים, כדי צו זען פאַר זיך דעם דאָזיקן לאַנגן וועג פון סאַמע פּרימיטיוון גייסטיקן צושטאַנד ביזן סאַמע דערהויבענעם.

די דאָזיקע אַנטוויקלונג לאָזט זיך באַמערקן אַפילו אין די ביכער פון די נביאים, הגם אַלע געהערן זיי צום פּעריאָד פון דער הויכער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור.

אדרבא, עפנט אויף דעם תנ״ך און לייענט איבער דעם פערטן קאַפּיטל פונעם נביא יואל און דעם צווייטן קאַפּיטל פונעם נביא ישעיה.

אין אָט־די קאַפּיטלען פון די צוויי נביאים רעדט זיך וועגן דעם לעצטן יום־הדין איבער די פעלקער פון דער ערד אין דעם טאָג, ווען דאָס ייִדישע פאָלק וועט זיך אומקערן קיין ציון. אָבער ס׳איז אַ אונטערשייד אין די וויזיעס פון די דאָזיקע צוויי נביאים:

„וואָרעם זע, אין יענע טעג און יענער צייט,
אַז איך וועל אומקערן די געפאַנגענשאַפט פון יהודה און ירושלים,
וועל איך איינזאַמלען אַלע פעלקער,
און איך וועל זיי מאַכן נידערן אין טאָל פון יהושפט,
און איך וועל זיך דאָרטן מישפּטן מיט זיי

פאַר מיין פאָלק און מיין אַרב ישראל,
וואָס זיי האָבן צעשפּרייט צווישן די פעלקער,
און צעטיילט מיין לאַנד.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
און די קינדער פון יהודה און די קינדער פון ירושלים
האָט איר פאַרקויפט צו די קינדער פון די יוונים,
כדי זיי צו דערווייטערן פון זייער געמאַרק.
זעט, איך דערוועק זיי פון דעם אָרט
וואָס איר האָט זיי פאַרקויפט דאָרטן,
און איך וועל אומקערן אייער טוּאונג אויף אייער קאָפּ.
און איך וועל פאַרקויפן אייערע זין און אייערע טעכטער
אין דער האַנט פון די קינדער פון יהודה,
און זיי וועלן זיי פאַרקויפן צו די שבאים, צו אַ ווייטן פאָלק,
וואָרעם גאָט האָט גערעדט.

רופט אויס צווישן די פעלקער,
ברייט אָן אַ מילחמה,
וועקט אויף די גיבורים;
זאָלן גענענען, זאָלן אַרויפגיין אַלע מענער פון מילחמה.
שמידט אייערע אַקעראייזנס אויף שווערדן,
און אייערע צווייגמעסערס אויף שפּיזן;
דער שלאַפער זאָל זאָגן: אַ גיבור בין איך.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
די זון און די לבנה ווערן שוואַרץ,
און די שטערן נעמען אַריין זייער שיין.
און גאָט וועט ברילן פון ציון,
און פון ירושלים וועט ער אַרויסלאָזן זיין קול,
און שטורעמען וועלן הימל און ערד;
אָבער גאָט וועט זיין אַ באַשיצונג פאַר זיין פאָלק,
און אַ פעסטונג פאַר די קינדער פון ישראל.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
וועלן די בערג טריפן זאַפט,
און די הייכן וועלן איבערגיין מיט מילך.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
מצרים וועט אַ וויסטעניש ווערן
און אדום וועט אַ וויסטער מידבר ווערן,
פאַר דעם אומרעכט צו די קינדער פון יהודה,
וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן אומשולדיק בלוט אין זייער לאַנד.״

**דאָס איז די וויזיע פון יואלן. און אָט איז די וויזיע פון ישעיהן:**

„און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג,
וועט שטיין פעסט דער באַרג פון גאָטס הויז
אויבן אָן פון די בערג,
און דערהויבן איבער די הייכן;
און אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען.
און פיל אומות וועלן גיין און וועלן זאָגן:
קומט, און לאָמיר אַרויפגיין צום באַרג פון יהוה,
צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב;
און ער וועט אונדז לערנען פון זיינע וועגן,
און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן;
וואָרעם פון ציון וועט אַרויסגיין אַ תורה,
און גאָטס וואָרט פון ירושלים.
און ער וועט מישפּטן צווישן די פעלקער
און אַנטשיידן איבער פיל אומות;
און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס,
און זייערע שפּיזן אויף צווייגמעסערס;
אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט נישט הייבן אַ שווערד,
און מע וועט נישט מער לערנען מילחמה״.

ביי יואלן טראָגט די עשאַטאָלאָגיע אַ ריין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער; ביי ישעיהן — אַ ריין־אוניווערסאַלן. ביי יואלן איז די וויזיע דורכגעדרונגען מיט געפילן פון נקמה פאַר די איבערגעלעבטע עוולות; ביי ישעיהן איז זי איבערגעפולט מיט געפילן פון ליבע און מחילה; ביי יואלן טראָגט די וויזיע כמעט דורכויס אַ מאַטעריעלן כאַראַקטער, ביי ישעיהן — אַ ריין־גייסטיקן.

ווי כדי צו אונטערשטרייכן די אַנטוויקלונג־ליניע פון נאַציאָנאַלן צום אוניווערסאַלן (אין מוקדם ומאוחר בקולטור־אַנטוויקלונג), פון מאַטעריעלן צום גייסטיקן — איז אין אָט־די אַנטיפּאָדישע קאַפּיטלען אַריינגעפירט איין און דער זעלביקער פאַרגלייך, אויסגעדריקט מיט די זעלביקע ווערטער, נאָר פונאַנדערגעטיילט אין אַן אַנדער סדר.

יואל רופט אויף זיין פאָלק: „כתו אתיכם לחרבות ומזמרותיכם לרמחים...״

און ישעיה נעמט אַרום אין זיין וויזיע אַלע פעלקער: „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות...״

וואָס פאַר אַ גראַנדיעזע אַנטוויקלונג־ליניע! אויפהייבנדיק זיך פון דער ערד, שפּאַרט זי אָן צום העכסטן הימל.

אמת, מע טאָר נישט פאַרגעסן דערביי דעם אונטערשייד אין די באַדינגונגען, וועןביידע קאַפּיטלעך זיינען געשאַפן געוואָרן. יואל ברענגט ווי אומישנע ישעיהס באַרימטע וויזיע אין אַ געענדערטער פאָרעם, כדי שטום אָפּצופרעגן דאָס אוניווערסאַלע לטובת דעם ברענענדיק־אַקטועלן, נאַציאָנאַלן. מ׳קאָן זיך אָבער בכלל נישט פאָרשטעלן אַז אַן אַנטוויקלונג־ליניע פון קולטור זאָל זיך ציִען גלייך ווי אַ סטרונע, נישט געבראָכן, אָן זיגזאַגן. דער עיקר איז דאָ אָבער, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט בכלל געהאַט זייער ווייניק רויִקע צייטן, און ישעיה איז אויך נישט געווען קיין פרידלעכער נביא. און דאָך האָט זיך דאָס ייִדישע פאָלק דערהויבן צו ישעיהס נוסח.

אין יואלס ווערטער איז דאָ ערדישע קראַפט, מאַכטיקע אינסטינקטן פון

שינאה און נקמה; נישט נאָר דער נביא שרייט ווי אַ לייב, נאָר אויך גאָט שרייט, גרייט צום שפּרונג אויף די פעלקער־פאַרקנעכטערס פון זיין פאָלק.

אָבער ישעיהס וויזיע איז אַזוי שטיל און דורכזיכטיק קלאָר, אַזוי אוניווער־סאַל פאַרטרוימט, ווי מע וואָלט אַריינגעפאַלן גלייך פון שלאַכט־רויש אין אַן אידילישער לאַנדשאַפט.

אָט די פעיִקייט אַרויסצורייסן זיך פון די אָרעמס, פון די פעסט אַרומנע־מענדיקע אָרעמס פון דער ערד, פון בלוט, פון נאַציאָנאַלן קאַמף פאַר עקסיסטענץ, און זען אַזעלכע וויזיעס, איז דער העכסטער פונקט פון דער קולטור־אַנטוויקלונג.

אָבער דער אַנטוויקלונג־קאַמף פאַר קולטור איז אַ כסדרדיקער צופלוס און אָפּפלוס. נאָך ישעיהס וויזיע קאָן — און מוז אַ מאָל — קומען יואלס וויזיע.

אָבער אין דער קולטור־געשיכטע פון אַ פאָלק בלייבט אויך דאַן ישעיהס וויזיע דער הויכפּונקט פון זיין אַנטוויקלונג — קיינער קאָן אים שוין מער נישט אויסמעקן.

און איצט, ווען מיר פיבערן ווידער מיט עשאַטאָלאָגישע וויזיעס וועגן צור־ריקקער קיין ציון, טרוימען אייניקע פון אונדז די וויזיע פון יואלן, און די אַנ־דערע — די וויזיע פון ישעיהן.

## ג) די עפּאָפּייע פון טויזנט־יאָריקן קריג

אונדזער עפּאָפּייע, דער תנ״ך, איז ווי כמעט אַלע עפּאָפּייעס אַן עפּאָפּייע פון קאַמף, פון מילחמות: די מילחמות מיט עמלק, מיט די פלשתים, מיט די מצרים, מיט אשור, מיט בבל.

אָבער ווי בלאָס עס ווערן די דאָזיקע אַלע מילחמות אין פאַרגלייך מיט דער הויפּט־מילחמה וואָס איז דער רוקנביין פונעם תנ״ך: די מילחמה צווישן גאָט און זיין פאָלק.

עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם ביים לייענען אין תנ״ך די געשיכטע פון דעם דאָזיקן קאַמף.

גאָט, וואָס האָט געוואָלט אַרויס פון זיין איינזאַמקייט דורך באַשאַפן די וועלט, איז נאָך איינזאַמער געוואָרן: דער מענטש האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן דער ערד, און פאַר אים, זיין גאָט, איבערגעלאָזן דעם הימל: „השמים שמים לד׳ והארץ נתן לבני אדם״.

און דער איינזאַמער גאָט האָט געהויערט איבער דער וועלט, ווי אַמאָל זיין גייסט איבערן כאָאָס, און ווי אַ שפּאַרבער אויסגעקוקט זיין רויב, כדי אַריינצו־שטעקן אין אים זיינע נעגל פון גייסט.

און גאָט האָט אויסגעוויילט זיין קרבן: ער האָט אויסגעוויילט אַן אָרעמען פאַרקנעכטעטן שטאַם, כדי ער זאָל אים קאָנען לייכטער פאַרפירן.

וואָס האָט גאָט אַלץ נישט אָנגעווענדט אויף צו פאַרפירן אים! ער האָט צעהיצט זיין פאַנטאַזיע מיט אויסדערוויילטקייט פון אַמאָל, מיטן בונד, וואָס ער האָט פאַרשניטן מיט זיינע אבות; ער האָט אים געכישופט מיט אַ צוגעזאָגט לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, ער האָט געשיקט צו אים זיינע שליחים, מיט איין וואָרט: ער האָט געטאָן אַלץ וואָס יעדער פאַרפירער טוט — געקיצלט דאָס זעלבסטגעפיל און צוגעזאָגט גליקן.

מ׳דאַרף זיין גערעכט אַפילו צו גאָט און מודה זיין אַז ער איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער פאַרפירער, — ער האָט פאַרפירט פון ליבע. אין זיין געט־לעכער איינזאַמקייט האָט ער זיך געוואָרפן אויף זיין אויסגעוויילטן שטאַם, גע־נומען אויספאַנטאַזירן זיין צוזאַמענלעבן מיט אים, — ווי אַזוי ער וועט אים אָפּרייסן פון דער ערד, פון דעם מענטשנס געגנג און ער וועט שאַפן פון אים אַ געטלעך פאָלק, וואָס ער, גאָט, וועט קיניגן איבער אים, און דאָס פאָלק וועט אים געטריי דינען. „און איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר אויף אייביק״, — האָט גאָט געטרוימט וועגן זיין אויסגעטרוימט פאָלק.

און גאָט האָט פאַרפירט דאָס פאָלק ישראל. און עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע טראַגעדיע פון יעדער גרויסער ליבע, ווען איין צד, דער ליבע־אַגרעסאָר, באַזיגט דעם צווייטן, אָבער דער צווייטער קאָן נישט באַפרידיקן די טרוימען פו־נעם זיגער. אָבער אָנשטאָט צו האָבן טענות צו די אייגענע צו געוואַגטע טרוימען,

באַשולדיקט מען דעם צווייטן אין פאַרראַט, מע נעמט אים פּייניקן מיט ליבע־האַס, מיטן דאָזיקן קעגנזעצלעכן און דאָך אָפט צוזאַמענגייענדיקן פּאָרל.

*

ווען גאָט פלעגט זיך אַ מאָל נעמען כעסן אויף זיין ווידערשפּעניק פאָלק, פלעגט ער אָנטרינען פון זיין צאָרן אין זיסע דערינערונגען (ווי תמיד — אויס־געטרוימטע!). ווי צאַרט עס ווערט די שטים פונעם אל קנא ונוקם, ווען ער פאַר־זינקט אין דערינערונגען:

„איך געדענק דיר די גינציקייט פון דיין יוגנט, די ליבשאַפט פון דיין כלה־צייט; דיין גיין נאָך מיר אין דער מידבר, אין אַ לאַנד נישט געזייט״.

דאָס איז דאָך אָבער נישט אמת! ווער איז נאָך אים געגאַנגען מיט ליבע אין מידבר? גאָט האָט דאָך אים געשלעפּט נאָך זיך! דאָס פאָלק ישראל האָט זיך דאָך פאַרשאָלטן דאָס לעבן, למאי עס האָט זיך געלאָזט איבעררײַדן. ווי שלעכט עס האָט שפּעטער געמוזט זיין דאָס צוזאַמענלעבן פון גאָט און זיין פאָלק אינעם צוגעזאָגטן לאַנד, אויב די מידבר־צייט האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין אַ חתן־כלה־אידיליע.

דאָס יידישע פאָלק איז געגאַנגען נאָך זיין גאָט מיט כלה־ליבשאַפט? גאָט האָט עס דאָך געשלעפּט מיט געוואַלד, דראָענדיק מיט געוואַלד, איינגענומען עס אויף מינוטן מיט נסים. אַ ווילדער קאַמף פלאַקערט דאָך אין מידבר צווישן דעם יונגן פּאָר, און דער שליח, דער גרויסער שדכן פון דאָזיקן טראַגישן זיווג, משה רבינו, האָט געברענטע צרות: ביידע צדדים לאָזן אים נישט צורו. דאָס פאָלק האָט חרטה אויפן שידוך מיט גאָט, און גאָט — אויפן שידוך מיטן פאָלק, ווײַל ער וויל פאַר קיין פאַל נישט פריילאָזן.

דאָס פאָלק וויל דאָס יאָ: דער טאַנץ אַרום גאָלדענעם קאַלב איז געווען בלויז די שימחה פון אָפּלאָזן דעם שידוך מיט גאָט.

אויב גאָט זאָגט (אין „מיכה״, ו׳, 2־3): „וואָרעם גאָט האָט אַ קריג מיט זיין פאָלק, און מיט ישראל וועט ער אַ וויכוח האָבן״, איז דאָס שוין אַ טויזנט־יאָריקער קריג, אָנגעהויבן טאַקע שוין אין דער כלה־צייט (ווי דאָס באַווייזט דער גאַנצער „חומש״ וועגן גאַנג אין מידבר) און אים ווייטער געפירט אין צוגעזאָגטן לאַנד, ווי עס באַווייזן דאָס אַלע ביכער פון די נביאים ראשונים און נביאים אחרונים.

און עס לאָזט אַזאַ מאָדנעם רושם גאָטס נאַיווע פראַגע: „מיין פאָלק, וואָס האָב איך דיר געטאָן? און מיט וואָס האָב איך דיך מיד געמאַכט?״ מיט וואָס? מיט דער ליידנשאַפטלעכער ליבע וואָס שטעלט אַזעלכע גרויסע פאָדערונגען, מיט אָפּרייסן פון דער ערד, מיט וועלן מאַכן אַ פאָלק פון בשר ודמס פאַר אַ עם־קדוש, פאַר אַ הייליק פאָלק, פאַר אַ מלוכה פון כהנים.

דער טויזנט־יאָריקער קריג צווישן גאָט און זיין פאָלק, איז דער גרעסטער און דער ליידנשאַפטלעכסטער קאַמף אין דער וועלט־געשיכטע.

לייענט מען וועגן די דאָזיקע אומצאָליקע אָפּפאַלונגען פון גאָט און די ווי־דערקערונגען צו גאָט מיט נישט גאָר וואַכע חושים, ווערט עס אַ מאָל איבער־דריסיק: ווייטער דאָס זעלביקע און אָבער דאָס זעלביקע: האָבן די יידן געדינט פרעמדע געטער און זיך אַ ריס געטאָן צו דער ערד, האָט גאָט גענומען צאָרענען

און וואָרענען און שטראָפן; האָט דאָס פֿאָלק געזען אַז עס ווערט געממיתט, האָט עס געשריגן צו גאָט, פֿאַרניכט די געטשן, צוגעזאָגט צו זיין גוט און פֿרום, איז געוואָרן שלום־בית אויף אַ קורצער ווײַלע. און אַזוי כסדר — ווי דער אייבי־קער אָפּפלוס און צופלוס פֿון אייביקן ים.

לייענט מען אָבער מיט אַן אָפּן געמיט די דאָזיקע מאָנאָטאָנע באַריכטן וועגן לעבן פֿונעם אויסטערלישסטן פֿאָרפֿאָלק אין דער געשיכטע, ווערט מען פֿאַר־כאַפּט פֿון דער גראַנדיעזקייט פֿון דער טראַגעדיע. גאָט האָט זיך איינגעביסן אין זיין קרבן און לאָזט אים נישט אָפּ. עס איז נישט אמת, אַז יעקב האָט געשטריטן מיט גאָט און אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן ביז ער וועט אים נישט בענטשן; אמת איז, אַז גאָט האָט געשטריטן מיט יעקבן און אים נישט. געוואָלט אָפּלאָזן ביז ער וועט אים נישט האָבן פֿאַר זיך אין גאַנצן. און דער קאַמף איז נאָך נישט גע־ענדיקט ביז היינט.

*

און ביידע זיינען קרבנות פֿון אַ גרויסער ליבע: גאָט ליידט, ווייל דאָס פֿאָלק איז צו קליין פֿאַר זיין ליבע; און דאָס פֿאָלק ליידט, ווייל גאָטס ליבע איז צו גרויס פֿאַר אים.

גאָט וויל איינער אַליין קיניגן איבער זיין פֿאָלק, אָבער דעם פֿאָלק ווילט זיך האָבן אַ קיניג פֿון פֿלייש און בלוט.

דער־אָ טויזנט־יאָריקער קאַמף צווישן פֿלייש און גייסט, וואָס כוואַליעט זיך אַהין און אַהער אָן אויפֿהער, וואָס יעדער לעבעדיקער פּונקט אין תנ״ך — פֿון יציאת מצרים ביז גלות בלל, — זאָגט עדות אויף אים, — אָט־דער טויזנט־יאָרי־קער געראַנגל איז דער גרעסטער און טראַגישסטער עפּאָס פֿון דער מענטשהייט (און עכטער טראַגיזם איז תמיד דערהייבנדיק).

מאָמענטנווייז זיינען מיר שטאָלץ מיט גאָטס ליבע צו אונדז, אָבער מער נאָך זיינען מיר מיד.

אַ ליבע, וואָס פּייניקט, ווייל זי פֿאָדערט און דערוואַרט מער וויפֿל מע קאָן געבן, איז טראַגיש שיין, אָבער קיין פּשוט, רויִק גליק ברענגט זי נישט.

און אַ מאָל בענקט זיך אַזוי נאָך דעם, — עס בענקט זיך אַזוי נאָך אַ ביסל פּשוט גליק...

אמת, מיר האָבן זיך שוין — נאָך אַ טויזנט־יאָריקן קריג — איינגעלעבט מיט אונדזער גאָט (מיר זיינען שוין ביידע מיד פֿון טויזנט־יאָריקן קאַמף, פֿון טויזנט־יאָריקן ליבע־האַס), אָבער דאַך טרעפֿן נאָך אויך היינט מאָמענטן, ווען עס בענקט זיך נאָך אַ ביסל ערדיש מגושמדיק גליק.

און אַזאַ מאָמענט — אין געשיכטלעכן אויסמעסט — לעבן מיר היינט איבער.

*

עס הייבט אונדז שוין אָן אַזש צו אַרן, וואָס דער גאָט אונדזערער לאָזט אונדז צופֿיל צורו אין אונדזער אָפּפֿאַלן פֿון אים: — זאָל ער אונדז שוין מער נישט ליב האָבן?

עס ווילט זיך אַ סימן פֿון ליבע! מיר זיינען שוין אַזוי געוווינט צו איר... צו זיין גרויזאַמער, אָבער גרויסער ליבע.

## ד) אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן

דאָס קריסטנטום איז שטאַרק מיט דעם, וואָס עס האָט פאַרביטן משה רבינוס „אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן" אויף קריסטוסעס „שטעל אונטער די לינקע באַק, ווען מע גיט דיר אַ פּאַטש אין דער רעכטער".

און מיר זיינען שטאָלץ מיט דעם, וואָס דאָס אוראַלטע געזעץ פון „אַ צאָן פאַר אַ צאָן" איז ביי אונדז שוין פון לאַנג אויסגעטייטשט געוואָרן מילדער — דאָס מיינט מען אַ געלט־אַנטשעדיקונג.

ווען איך קוק זיך צו, ווי עס זעט אויס אין לעבן דאָס „אונטערשטעלן די לינקע באַק, ווען מע פּאַטשט אין דער רעכטער", און ווען איך לייען זיך אַריין אין דער געזעצגעבונג פון תורת־משה, הייב איך אָן ספקן אין דער צוועקמעסיקייט פון אונדזער מילדערן דעם אוראַלטן „אַ צאָן פאַר אַ צאָן". איך הייב אָן צו פילן אַז דאָס איז נישט קיין פּוסטע באַרימערייַ, ווען משה רופט אָן זיין תורה — „תורת חיים", אַ תורה פאַרן לעבן, אַ תורה וואָס נעמט אין באַטראַכט דאָס לעבן. ווי ווונדערבאַר דאָס איז אויסגעדריקט אין דברים, ל', 11־14: „וואָרעם דאָס דאָזיקע געבאָט וואָס איך געביט דיר היינט, דאָס איז נישט פאַרהוילן פון דיר, און דאָס איז נישט צו ווייט. נישט אויפן הימל איז דאָס, אַז דו זאָלסט זאָגן: ווער וועט אונדז אַרויפגיין אויפן הימל און עס נעמען פאַר אונדז, און עס אונדז לאָזן הערן, כדי מיר זאָלן עס טאָן? און נישט פון יענער זייט ים איז דאָס, אַז דו זאָלסט זאָגן: ווער וועט אונדז אַריבערגיין אויף יענער זייט ים און עס נעמען פאַר אונדז, און דאָס אונדז לאָזן הערן, כדי מיר זאָלן עס טאָן? נייערט זייער נאָענט איז דאָס וואָרט צו דיר, אין דיין מויל, און אין דיין האַרצן, עס צו טאָן".

אָט דאָס דאָזיקע באַפליגלטע וואָרט „לא בשמים היא", וואָס האָט אַזוי שטאַרק אָפּגעקלונגען אין תלמוד, ווען דער תנא רבי יהושע האָט זיך נישט געלאָזט אָפּשרעקן דורכן בית־קול און אַ זאָג געטאָן: „לא בשמים היא" — די תורה איז נישט אין הימל און נישט פאַרן הימל, נאָר פאַר דער ערד און אירע ערדישע — מענטשן און ז יי באַשטימען די תורה, ווייל זי דאַרף ריידן צו ז יי ע ר פאַרשטאַנד און — דער עיקר — צו ז יי ע ר ע אינסטינקטן און געפילן. אָט דאָס באַפליגלטע וואָרט איז די פאָן פון ייִדנטום. און אויף דער דאָזיקער פאָן דאַרף מען אויסנייען מיט גאָלדענע אותיות: „אַן אויג פאַר אַן אויג און אַ צאָן פאַר אַ צאָן", ווייל דאָס איז די שפּראַך וואָס דער מענטש פאַרשטייט, ווייל דאָס איז די קראַפט, וואָס איז פעיק צו צוימען די חיה. צוימען די חיה קאָן מע נאָר ווען מ'קוקט איר גלייך אין די אויגן, און די חיה ווייס, אַז מע ווייס אַז זי איז אַ חיה, און מ'היט איר יעדע באַוועגונג און עס איז גרייט די בייטש. „אַ צאָן פאַר אַ צאָן און אַן אויג פאַר אַן אויג", כדי „די איבעריקע וועלן הערן און וועלן מורא האָבן, און וועלן מער נישט טאָן די דאָזיקע שלעכטע זאַך צווישן דיר".

ליבע איז זייער אַ שיינע זאַך, אָבער דער מענטש פאַרטראָגט זי אין קליינע

דאָזעס, ווי אַ צוגאָב צו דער שטרענגער געזעץ־דיעטע. הלל הזקן איז אַ זעלטע־נער אויסנעם, פראַנציסק פון אַסיז — אויך, און ר׳ משה לייב סאַסאָווער — אַוודאי און אַוודאי. די דאָזיקע קאָנט איר לאָזן פריי פון געזעץ — זייער געזעץ איז אומבאַגרענעצטע ליבע. אָבער וואָס עס ווערט פונעם „אונטערשטעלן די לינ־קע באַק, ווען מע גיט דיר אַ פּאַטש אין דער רעכטער״ האָבן מיר געהאַט צייט צו זען אין משך פון צוויי טויזנט יאָר.

אין יעזוסעס לעבן זיינען דאָ זייער אַ סך טונקעלע מאָמענטן. איינער פון די טונקלסטע איז זיין קאַמף מיטן שטן וואָס וויל אים פאַנגען מיט פאַרשיידענע נסיונות. די ווײַגן פון שטן זיינען אַזוי פאַרבאָרגן, ער כאַפּט זיך אַריין ווו מע דאַרף אים צום ווינציקסטן! — אין אַזעלכע אומגעריכטע מאָסקירונגען, — צי האָט ער אַ מאָל נישט באַזיגט יעזוסן מיט דער פאַסטקע פון ליבע, ווען ער האָט געזען אַז אַלע אַנדערע נסיונות האָבן נישט קיין דערפאָלג? ווו איז פלוצלונג אַהינגעקומען רבי ישוע וואָס האָט דערקלערט אַז ער איז נישט געקומען ברענגען פרידן אויף דער וועלט, נאָר די שווערד („ובערת הרע מקרבך״!), אַז ער איז נישט געקומען אָפּשאַפן קיין אות פון תורת משה? צי האָט אים דער שטן נישט פאַרפירט דורך ליבע, כדי פריי צו לאָזן די חיה פונעם צוים פון געזעץ? און עס גנבעט זיך אַ מאָל אַריין אַ ספק: צי איז נישט ישו געבליבן אין מידבר באַזיגט דורכן שטן, און דער שטן איז געקומען צו דער וועלט אין דער געשטאַלט פון ישו?

*

וויפל מע האָט האָט שוין אַלץ נישט אויסגעלאַכט דעם „אַן אויג פאַר אַן אויג און אַ צאָן פאַר אַ צאָן״! און דאָך איז אין דעם דאָזיקן געזעץ דאָ טיפע מענטש־קענטעניש.

דאָס דאָזיקע געזעץ טראָגט דער מענטש אין זיין בלוט און ער דאַרף אים נישט זוכן נישט אין הימל און נישט אויף יענער זייט ים, — ער טראָגט אים אין בלוט. ער איז אים נאָענט, און דעריבער הערשט ער איבער אים, אָבער דע־ריבער קאָן ער זיך אים אויך אונטערוואַרפן, ווייל ער קען אים און קאָן אים אָנערקענען. „אַ צאָן פאַר אַ צאָן״ איז אַ שטרענגער געזעץ, אָבער אַ גערעכטער; ער קאָן טרעפן שווער, אָבער ער דערנידעריקט נישט און ער פירט נישט צו דע־גענעראַציע. בעת דאָס „אונטערשטעלן די לינקע באַק, ווען מע גיט דיר אַ פּאַטש אין דער רעכטער״, בונטעוועט דאָס בלוט, פירט אין פאַל פון דערפאָלג צו דע־גענעראַציע און בדרך כלל — צו צביעות: ביי יענעם פאָדערט מען ער זאָל אונ־טערשטעלן ביידע באַקן, כדי מע זאָל אָן געפאַר קאָנען פּאַטשן אין זיי.

און וואָס שייך ליבע, פעלט נישט דער תורת־משה קיין ליבע. נישט די לייכ־טע, צו גאָר נישט פאַרפליכטנדיקע אַבסטראַקטע ליבע פון קריסטנטום, נאָר די קאָנקרעטע, פעסט אַרומגעצוימטע ליבע פון יידנטום.

ווי לייכט עס איז ליב צו האָבן די מענטשהייט, די גאַנצע וועלט, — און ווי שווער עס איז ליב צו האָבן אַ קאָנקרעטן מענטשן. דעם געבאָט „שטעל אונ־טער די לינקע באַק, ווען מען שלאָגט דיר אין דער רעכטער״, איז לייכט צו פּרעדיקן, און נאָך לייכטער נישט אויסצופירן, ווייל עס דראָעט פאַר דעם גאָר נישט. ס׳איז דאָך נאָר אַ פרומער ווונטש, אַן אויגן־גלאָצעניש צום הימל, כדי נישט צו זען ווי אַזוי די הענט פּאַטשן אויף רעכטס און אויף לינקס יענעמס

באַקן; אָבער דער געבאָט פון נישט אויסהאַקן יענעם אַן אויג, ווייל דאָס איז אַ זינד, וואָס מוז באַשטראָפט ווערן מיטן פאַרלוסט פון אייגענעם אויג, — דאָס איז ציוויליזירנדיק, דאָס צוימט די געוואַלד.

וואָס טויג דער מענטשהייט אַ רעליגיע פון ליבע וואָס פאַרגיט יעדן פאַרברעכן, אויב מע באַטריפט אים מיט ליבע־טרערן? מיר איז ליבער — און אין מיינע אויגן איז גרעסער — אַ געזעץ וואָס לאָזט זיך נישט פאַרבלענדן די אויגן מיט די אייגענע געזעצן אַפילו.

„אַן אויג פאַר אַן אויג און אַ צאָן פאַר אַ צאָן”, אָבער נישט מעכאַניש, נאָר מיט אָפענע אויגן פאַר רעכט און יושר. אויב אַ מענטש האָט אויס עמעצן אַן אויג אומגערן, דאַן שיצט אים דאָס געזעץ קעגן דעם נאַטירלעכן פאַרלאַנג פונעם בלוט זיך נוקם צו זיין, — דאָס געזעץ באַשטימט ערי־מיקלט פאַר אַזעלכע. אָבער אויך די ערי־מיקלט זיינען נישט קיין מעכאַניש געזעץ; אויב אַ מענטש, וואָס באַגייט אַ פאַרברעכן במזיד, אַנטלויפט אַהין, נעמט מען אים פון דאָרט אַרויס מיט געוואַלד.

וואָס טויג אַ ליבע וואָס איז מעכאַניש: ווערט מע נישט געטובלט אין הייליק וואַסער, איז מען אַ פאַראורטיילטער, אַפילו ווען מ׳איז אַ צדיק; ווערט מען געטובלט — ווערט מען ריין פון אַלע זינד, ווי אַ טויב.

איך וויל בעסער אַ שטרענגן געזעץ, וואָס אָנערקענט עולם־הבא אויך פאַר אַנדערש־גלייביקע, אויב זיי לעבן נאָר לויט די אינערלעכע געזעצן, וואָס די אויסערלעכע געזעצן פון תורת־משה באַצוועקן.

תורת־משה איז געזעץ און דאָס קריסטנטום איז ליבע! נישטאָ קיין מער פאַרדרייטער אורטייל, ווי דער דאָזיקער.

אויב אַ וואָסערע נישט איז רעליגיע דערציט צו קאָנקרעטער ליבע, איז דאָס תורת־משה.

ווי שיין עס זיינען די ליבע־געבאָטן פון תורת־משה! ווי פּסיכאָלאָגיש טיף זיי זיינען!

„אַז דו וועסט אַרויסגיין אין מלחמה אַקעגן דיינע פיינט, און יהוה דיין גאָט וועט זיי געבן אין דיין האַנט, און וועסט פאַנגען פון זיי געפאַנגענע, און וועסט זען צווישן די געפאַנגענע אַ פרוי שיין אין געשטאַלט, און וועסט זי גלוסטן און וועסט זי דיר וועלן נעמען פאַר אַ ווייב, זאָלסטו זי ברענגען אין דיין הויז, און זי זאָל אָפּגאָלן איר קאָפּ, און אָפּשניידן אירע נעגל; און זי זאָל אויסטאָן פון זיך די קליידונג פון איר געפאַנגענשאַפט און זיצן אין דיין הויז, און באַוויינען איר פאָטער און איר מוטער אַ חודש צייט, און דערנאָך זאָלסטו קומען צו איר און זי באַמאַנען, און זי זאָל דיר ווערן פאַר אַ ווייב. און עס וועט זיין, אויב זי וועט דיר נישט געפעלן, זאָלסטו זי לאָזן גיין וווהין זי וויל, אָבער פאַרקויפן פאַר געלט זאָלסטו זי נישט פאַרקויפן; טאָרסט נישט באַלעבאַטעווען איבער איר, דערפאַר וואָס דו האָסט זי געפּייניקט”.

דעם גאַנצן אימפּאָטענטן ליבע־גאַווער פון צוויי טויזנט יאָר קריסטנטום פאַר די דאָזיקע פינף ערשטע פסוקים פון „כי תצא” (דברים).

ס׳אַראַ טיפער רעספּעקט פאַרן מענטשן, ס׳אַראַ טיפע דערציִונג־קונסט! וויטאַלע קראַפט, — און במילא אים מאַכן אָדער פאַר אַן אומהיילבאַרן צבועק מע זאָגט נישט דעם מענטשן, ער זאָל אַרויסטרייבן זיין יצר־הרע — די

אָדער פֿאַר אַן אומהיילבאַרן נויראָטיקער. מען אָנערקענט די מענטשלעכע תאווה, אָבער מע וואַרפֿט אַרויף אויף איר אַ צוים פֿון ליבע און רעספּעקט צום נידער־ריקסטן אין אַמאָליקער און היינטיקער געזעלשאַפֿט: צום קנעכט, צום קריגס־רויב־קנעכט.

מע גיט דער שקלאַפֿין אַ חודש צייט צו באַוויינען איר גורל (איר פֿאָטער און מוטער); זי זאָל זיך צוגעוווינען צו איר גורל. און אויב דער זיגער וויל זי, נאָך דער באַמאַנונג, נישט נעמען פֿאַר אַ פֿרוי, מוז ער זי באַפֿרייען אַן געלט. ער איז טאַקע דער זיגער, זי געהערט אים, אָבער ער האָט זי געפּייניקט, פֿאַר־שעמט, און — פֿאַר דעם ווילקיר פֿונעם זיגער איז דאָ אַ גרענעץ.

ווי שיין עס איז די באַציִונג צו דער מילחמה־שקלאַפֿין! און ווי פֿיין די דערציִונג־קונסט לגבי דעם פּרימיטיווון מענטשן!

און דער געבאָט וועגן אַן אַנטלאָפֿענעם קנעכט?

„זאָלסט נישט איבערענטפֿערן אַ קנעכט צו זיין האַר, אַז ער וועט זיך ראַ־טעווען צו דיר פֿון זיין האַר. ביי דיר זאָל ער זיצן, אין דיין מיט, אין דעם אָרט וואָס ער וועט אויסדערוויילן, אין איינעם פֿון דיינע טויערן, ווו אים איז בעסער; זאָלסט אים נישט קריוודען".

די פֿרומע קריסטן גלייבן אַז תורת־משה איז געווען דער ערשטער דער־ציִונג־אַקט פֿון דער פּרימיטיווער מענטשהייט, און דער נייער טעסטאַמענט האָט פֿאַרביטן די דאָזיקע פּרימיטיווע תורה פֿאַר אַ פּרימיטיוון מענטשן אויף אַ הע־כערער תורה פֿאַר אַ העכערן מענטשן.

איך פֿאַרשטיי אָבער נישט צו וואָס מ'האָט באַדאַרפֿט אַריבערזעצן אין אַ העכערן קלאַס אַ מענטשהייט, וואָס מעג נאָך זיצן — נאָך צוויי טויזנט יאָר העכערן קלאַס! — אין נידעריקערן.

אין נידעריקערן קלאַס הייסט מע טאַקע נישט אָפּשאַפֿן קיין קנעכטשאַפֿט, אָבער ווען אַ קנעכט אַנטלויפֿט פֿון זיין באַלעבאָס (ווייל אים איז שלעכט ביי יענעם!) טאָר מען אים נישט איבערענטפֿערן אין די הענט פֿון זיין פּייניקער. עס זיינען טאַקע דאָ קנעכט, אָבער קנעכט זיינען מענטשן און מע דאַרף זיי באַ־האַנדלען מענטשלעך. וויפֿל קריסטן האָבן איבערגעענטפֿערט אין די הענט פֿונעם נאַצי־האַר די ייִדישע קנעכט פֿון 20סטן יאָרהונדערט? וויפֿל קריסטן האָבן אומ־געקערט אין די קאָלכאָזיוונס די אַנטלאָפֿענע פֿון טרעבלינקע? וויפֿל קריסטן האָבן די אַנטלאָפֿענע ייִדן־קנעכט פֿון 20סטן יאָרהונדערט געלאָזט זיצן ביי זיך? און וויפֿל קריסטן האָבן נישט געקריוודעט די ייִדן? וויפֿל מלוכות, — דעמאָקראַטי־שע, קריסטלעכע מלוכות, — האָבן די אַנטלאָפֿענע ייִדן־קנעכט געלאָזט וווינען „אין דעם אָרט, וואָס זיי וועלן אויסדערוויילן"?

דערמאָנט זיך נאָר דעם אינדזל מאַוריציוס און די אַנדערע לאַגערס אין אַזוי פֿיל קריסטן־לענדער!

אפֿשר זאָל מע זיי צוריק אַריינזעצן אין נידעריקן דערציִונג־קלאַס, ביז זיי וועלן איינזאַפּן אין זיך די טיפֿע ליבע צום קאָנקרעטן מענטשן (מעג ער זיין אַ קנעכט!) פֿון די פּסוקים 16 און 17 פֿון „דברים" כ"ג?

און אפֿשר וואָלטן נאָך די פֿרייהייט־ליבנדיקע פֿעלקער געמעגט לערנען און איינחזרן דעם קאַפּיטל כ' פֿון „דברים"? ס'איז דאָ ליבע צום מענטשן, ס'איז דאָ דרך־ארץ פֿאַרן יחיד עס ברענט מיט אַ שטילן, גלייכמאָסיקן, נישט־היסטערישן פֿלאַם

אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל וואָס רעדט וועגן קריג. איר געדענקט? אויב אַ מענטש האָט געבויט אַ נייַ הויז און נישט באַוויזן עס צו באַנייַען, זאָל ער זיך אומקערן אַהיים; טאָמער שטאַרבט ער אין דער מילחמה און אַן אַנדער מענטש וועט עס באַנייַען. דאָס זעלביקע מיט אַ ווייַנגאָרטן און מיט אַ פרוי.

דאָס איז דרך־ארץ פאַרן יחיד, וואָס אים ציט צוריק צו זיין שטיקל מענטש־לעך גליק: צו אַ פרוי, צו אַ ווייַנגאָרטן, צו אַ הויז, וואָס ער האָט געטרוימט וועגן זיי און נישט באַוויזן צו געניסן פון זיי. אָבער דאָס איז אויך קלוגשאַפט. פּונקט ווי די תורה הייסט צוריקשיקן — נישט אין קריגס־געריכט, נאָר אַהיים — אַ פּחדן (ווייל פּחדנות איז נישט קיין זינד, נאָר אַ שוואַכקייט, אַ קראַנקייט), כדי „דאָס האַרץ פון זיינע ברידער זאָל נישט צעגיין אַזוי ווי זיין האַרץ״, אַזוי הייסט די תורה אָפּשיקן אַהיים זעלנער, וואָס זייער האַרץ איז ערגעץ אַנדערש. דאָס זיינען געבאָטן פון אַ תורת־חיים, וואָס קאָן דאָס לעבן.

אין תורת־משה פעלט ליבע!

„אַז פאַר דיר וועט זיך טרעפן אין וועג אַ נעסט פון אַ פויגל... מיט פייגע־לעך אָדער אייער, און די מוטער זיצט אויף די פייגעלעך אָדער אויף די אייער, זאָלסטו נישט נעמען די מוטער אינאיינעם מיט די קינדער. אַוועקלאָזן זאָלסטו אַוועקלאָזן די מוטער, און די קינדער זאָלסטו נעמען צו דיר״.

אין די דאָזיקע זאַכלעכע שורות איז דאָ אַ ים ליבע און אַ ים דערציִונג־קונסט: נישט פאָדערן קיין הימלישע ליבע, נאָר זי אַריינברענגען צו ביסלעך אין די פּשוטסטע ערדישע זאַכן, — צומישן צו אַלע מעשים, אַפילו צו די א ו מ־פּ אַ ר מ יי ד ל ע כ ע עוולות און גראָבקייטן פון לעבן, אַ ביסל חיה־צוימונג, אַ ביסל מענטש־איבונג.

דאָס איז פאַר די פּאַזולוסעס געוועזן צו ווייניק מיט אַ צוויי טויזנט יאָר צו־ריק, און זיי האָבן צעשטערט דאָס געזעץ אין נאָמען פון אַ פורעמלאָזער, גע־שטאַלטלאָזער, געזעצלאָזער ליבע. און הייַנט? נישט נאָר דעם פויגל מיט די אייער נעמט מען אינאיינעם, נאָר מוטער מיט קינדער האָט מע געפירט אין די גאַז־קאַמערן, און אַ גאַנצע וועלט האָט געקוקט, געשוויגן און זי איז שוין גרייט, — אין איר גרענעצלאָזער ליבע! — מוחל צו זיין, ווייל ביי איר גילט נישט דער האַרבער רעפריין צו די האַרבע געזעצן „ובערת הרע מקרבך!״, — פאַר איר גילט דער ליבע־גאַוואער פונעם רענעגאַט פּאַוולוס, וואָס איז אַלץ מוחל, אויב מע גלייבט אין אים און ער איז קיין זאַך נישט מוחל, אויב מע גלייבט נישט אין אים.

און איך בין זיכער (איך ווייס עס און כ׳פיל עס), אַז אינעם האַרבן „ובערת הרע מקרבך!״ איז דאָ מער ליבע צום מענטשן און צום ריינעם מענטשלעכן לעבן ווי אין דער גאַנצער באַרג־פרעדיקט, וואָס פאָדערט ביים מענטשן גאָר נישט, אַ חוץ פּלאַפּלעריי.

*

עס זיינען דאָ אין תורת־משה גרויזאַמע געזעצן, למשל: „אַ ממזר זאָל נישט קומען אין דער עדה פון גאָט; צומאָל דער צענטער דור פון אים זאָל נישט קומען אין דער עדה פון גאָט״.

אָבער איך וווּנדער זיך גיכער אויף די טיף־מענטשלעכע געזעצן, ווי אויף די אוממענטשלעכע.

און חוץ דעם: אין זעלביקן קאפיטל כ״ג (דברים), ווו מע לאזט נישט צו צו דער עדה פון גאט נישט קיין ממזר, נישט קיין עמוני און קיין מואבי ביז צום צענטן דור אפילו, ווערט געזאגט: „זאלסט נישט פאראומווערדיקן א מצרי, וואָרעם דו ביסט געווען א פרעמדער אין זיין לאנד".

אט די קליינע דאזעס פון ליבע און מענטשלעכקייט אינעם געדיכטן וואלד פון געזעץ־הארבקייט האבן דערפירט צו דעם, אז קעגן דער אכזריות לגבי א ממזר האבן רעוואלטירט גראד די טרייעסטע דינערס פון משהס געזעץ: נישט קיין אנדערער, ווי דער תלמוד דערלויבט זיך צו פרעגן: אז די עלטערן האבן געזינדיקט — איז דען שולדיק דאס קינד? און אין זעלביקן תלמוד וואס איז כולו געזעץ, ווערט געזאגט אז א ממזר א תלמיד חכם איז חשובער פאר א כהן גדול אן עם־הארץ.

צו וואס האט מע באדארפט דעם העכערן קלאס פון פרייער ליבע, אויב אין דעם זעלביקן אלטן קלאס איז מע דערגאנגען צו אזא רחמימדיקער באציונג צום ממזר און צו אזא דרך־ארץ פארן מענטשן אין אים?

דאס קריסטנטום איז געשפרונגען צום הימל אדער אין טרוים, אדער עס איז געפאלן אויף דער ערד: דאס יידנטום האט גענומען בויען טרעפ צום הימל, טרעפ וואס זאלן פארבינדן דעם הימל מיט דער ערד, נעענטער מאכן דעם הימל צו דער ערד. און דער פונדאמענט פאר די דאזיקע טרעפ, וואס פירן לאנגזאם אבער זיכער ארויף, איז נאך אלץ דער אלטער: „אן אויג פאר אן אויג און א צאן פאר א צאן".

א קלאפ טאן דער חיה און שטרענג, מיט דער גרעסטער אנטשלאסנקייט, איר קוקן אין די אויגן און היטן איר יעדע באוועגונג, און דאן, ווען זי בלייבט שטיין דערשראקן, אומדעצידירט אין איר שפרונג, נעמען זי דערציען.

ווייל צו א מענטשהייט, וואס צעשטערט דעם דאזיקן פונדאמענט און וויל דערציען די מענטשהייט דורך אן אומגעצאמטער ליבע.

## ה) דער האַס פון תנ"ך

איך האָב ליב דעם האַס פון תנ"ך, אַט יענעם אַלט־טעסטאַמענטלעכן האַס, וועלכן געבעלס האָט אַזוי פיינט געהאַט אין דער לעצטער פאַזע פון זיין בילן, ווען דער שטורעם קעגן בבל, וואָס בושעוועט אין קאַפּיטל י"ג פון ישעיה הנביא, האָט זיך געהאַלטן אין דערנענטערן צו דייטשלאַנד.

„יאָמערט, וואָרעם נאָענט איז דער טאָג פון גאָט, ווי אַ בראַך פון אַלמעכ־טיקן וועט ער קומען. דרום וועלן אַלע הענט שלאַף ווערן, און איטלעך הארץ פון אַ מענטש וועט צעגיין; יסורים און ווייען וועלן זיי קריגן, ווי אַ געווינערין וועלן זיי זיך דרייען...

„איטלעכער וואָס ווערט געפונען, וועט דערשטאָכן ווערן און איטלעכער וואָס ווערט געכאַפּט, וועט פאַלן פון דעם שווערד. און זייערע קליינע קינדער וועלן צעהאַקט ווערן פאַר זייערע אויגן; זייערע הייזער וועלן צערויבט ווערן און זייערע ווייבער וועלן געשענדט ווערן... און בבל, דאָס שיינדל פון מלוכות, די שטאָלצע פּראַכט פון די כשדים, וועט זיין ווי גאָטס איבערקערעניש פון סדום און עמורה. זי וועט אייביק נישט באַזעצט ווערן און נישט באַווינט זיין אויף דור־דורות..."

איך האָב ליב דעם דאָזיקן אַלט־טעסטאַמענטלעכן האַס, וועלכן די געבעל־סעס, וואָס לעבן פון האַס, האָבן אַזוי פיינט.

מיטן שאַרפן חוש פון האַס פילן זיי, ווי פאַרשיידן עס איז זייער האַס פונעם האַס פון די ייִדישע נביאים. זייער האַס איז דער האַס פון שטאַרקן צום שוואַכן, דער האַס פון אַ רויב־חיה; דער האַס פון די נביאים איז דער האַס פון רעכט קעגן אומרעכט, פונעם פאַרצוקטן קעגן דעם פאַרצוקער.

דער הערלעכסטער קאַמף אין דער וועלט איז נישט דער קאַמף צווישן האַס און ליבע, נאָר דער קאַמף צווישן די אויבן באַשריבענע צוויי פאַרשיידענע האַסן.

עס איז נישט ריכטיק די מיינונג וואָס דאָס קריסטנטום וויל אַרויפצווינגען אויף דער וועלט (און אויך געוויסע ייִדן פאַלן אַרונטער אונטער איר סוגעסטיע), אַז דער נייער טעסטאַמענט איז אַ העכערער שטאַפּל פון אַנטוויקלונג, ווייל ער פאַרבייט דעם אַלט־טעסטאַמענטלעכן האַס („אל נקמות ד'") אויף דער ניי־טעס־טאַמענטלעכער ליבע. די ליבע פון נייעם טעסטאַמענט האָט נישט צעשטערט און נישט אָפּגעשוואַכט דעם האַס פון פאַרצוקער, נאָר צוגענומען ביים פאַרצוקטן דעם היילקן קעגנהאַס, וואָס די פאַרצוקערס האָבן אים אַזוי פיינט, ווייל זיי שפּירן אין אים דעם איינציקן געווער, וואָס קאָן זיי פאַרניכטן.

איך האָב געוואַלדיק ליב די צאַרטע טענער פון ליבע אין תנ"ך: פּלוצלונג באַווייזט זיך צווישן די צאָרן־וואָלקנס אַ שטראַל פון וואַרעמער ליבע און דעם דונער פון צאָרן־שטורעם בייטן אָפּ די צאַרטסטע קלאַנגען פון ליבע און רחמנות, פון מיטלייד און גינציקייט. די דאָזיקע שטעלן ביי ישעיהן און ירמיהן זיינען פון איבערערדישער שיינקייט, אָבער נישט זיי איבערצייגן מיך אין דער עטישער דערהויבנקייט פון תנ"ך, פון דער ייִדישער לערע, — זייער האַס איבערצייגט

מיך. זייער האַס צו אומגערעכטיקייט, צום נישט־עטישן עלעמענט אין לעבן איז נישט ווייניקער נישט־מענטשלעך ווי דעם נוצרים ליבע. דערפאַר אָבער איז ער פון מענלעכן מין (ווי די ליבע — פון ווייבלעכן), און ער לאָזט זיך נישט פאַר־גוואַלטיקן ווי די ליבע. דער עטישער האַס פון די נביאים ווייס נישט פון קיין קאָמפּראָמיס: ער איז אַבסאָלוט אין זיינע פאָדערונגען און נאָרמעס. צי דאָס איז בבל און אשור, צי דאָס איז ישראל און יהודה, — דער הוראַגאַן פון נביאישן האַס לאָזט זיך אַראָפּ מיט דער זעלביקער פאַרניכטנדיקער קראַפט אויף יעדן פון זיי, ווער עס איז נאָר עובר אויף דעם עטישן אַבסאָלוט.

נישט דערפאַר וועלן בבלס קינדער פאַרטיליקט ווערן און בבלס פרויען גע־שענדט ווערן, ווייל זיי האָבן פאַרטיליקט און געשענדט ישראלס קינדער און פרויען; זיי וועט טרעפן גאָטס בראָך דערפאַר, ווייל זיי האָבן געשענדט פ ר ו י ע ן און געטויט ק י נ ד ע ר, אָדער נאָך אומפּערזענלעכער: ווייל זיי האָבן עובר גע־ווען אויף די אַבסאָלוטע עטישע געזעצן פון „לא תרצח!“ און „לא תנאף!“

דער בעסטער באַווייז פאַר דער ריכטיקייט פון די דאָזיקע ווערטער איז דאָס וואָס פאַרן פאָלק ישראל געפינען זיי נאָך שרעקלעכערע ווערטער, ווי פאַר די פאַרשיידענע בבלס.

דער האַס פון די געבעלסעס איז געווענדט קעגן יענעם, קעגן פרעמדן, ווייל ער איז „יענער“, ווייל ער איז אַ „פרעמדער“, אַפילו ווען זיי ווענדן אָן עטישן קאַמופלאַזש און הענגען אַרויס איבער זייער עגאָיסטישן האַס אַן עטיש שילדל. דער בעסטער באַוויז: ווען דער קאַמופלאַזש ווערט אָפּגעדעקט און עס באַווייזט זיך די ערווה פון זייער האַס, איז דער דאָזיקער לעצטער נאָך אַלץ געווענדט קעגן יענעם, דעם פרעמדן, און קיין מאָל נישט קעגן זיך.

ווי אַנדערש איז ביי די נביאים: ווען ישראל זינדיקט, רופן זיי טויט און פאַרניכטונג קעגן אים, ווייל זיי דינען קיינעם נישט, נאָר דעם אַבסאָלוטן עטישן געזעץ.

*

דער נביאישער האַס איז עטישער פאַר דעם נוצרים ליבע, אָדער ריכטיקער: די נביאים האָבן געקאָנט אַזוי אומקאָמפּראָמיסלעך האַסן בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן פאַרמאָגט די גרויסע ליבע, די עכטע, די וואַרעמע, די מענלעכע, וואָס פאָדערט אַ סך און באַפרידיקט זיך נישט מיט ווייניק; נישט יענע אָבסטראַקטע ליבע, וואָס זאָגט צו אַזוי פיל און האָט פאַר דער סאַמאַריטאַנערן גאָר נישט, — נאָר די קאָנקרעטע ליבע צום מענטשן, ווער ער זאָל נישט זיין, אויב ער איז נאָר מל דאָס האַרץ און נעמט אָן מיט אהבה דעם עטישן יאָך.

ווען גאָט שיקט יונה הנביא קיין נינוה נביאות־זאָגן זייער אומקום, און זיי טוען תשובה — צעברעכט גאָט זיין גזר־דין. און דאָס ווערט דערציילט אין זעל־ביקן תנ"ך, וואָס דערציילט וועגן חורבן ירושלים!

און ווען עמוס הנביא רעכנט אויס די פעלקער, וועלכע גאָט וועט באַשטראָפן, רעכנט ער אויס צוזאַמען מיט אדום, עמון און מואב אויך — יהודה.

ווי אַנדערש וואָלט היינט אויסגעזען די וועלט, ווען זי וואָלט אין משך פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר אויסגעשמידט איר כאַראַקטער אינעם פייער פון

נביאימשן האַס, אַנשטאָט צו אַנאַניזירן אין אַבסטראַקטער ליבע ביז אומהיילבאַ־רער אימפּאָטענץ.

נאָר דער וואָס האָט באמת עפּעס פיינט, האָט באמת עפּעס ליב. אויב מ׳האָט באמת ליב אַ פרוי, מוז מען פיינט האָבן אין איר יעדע זאַך, וואָס צעשטערט די פולקאָמע פאָרשטעלונג וועגן איר; מוז מע פיינט האָבן אַלץ וואָס פאַרדאַרבט זי און מאַכט זי קליינלעך און נישטיק.

עס איז נישט ריכטיק אַז די נביאים האָבן געקאָנט נאָר האַסן און דער נוצרי — נאָר ליב האָבן. קיינער האָט נישט פאַרמאָגט אַזאַ גרויסע ליבע, ווי די נביאים, — דאָס זעט מען פון זייער האַס.

דער נוצרי איז געווען אַ שוואַכער עפּיגאָן פון מאַכטיקן נביאים־שטאַם, — ער האָט נישט געהאַט קיין קראַפט ליב צו האָבן ביז האַס. פון דער נביאימשער מענלעכער ליבע איז ביי אים פאַרבליבן דער ליבע־נעפּל פון אַ שוואַכער פרוי, וואָס זעט גאָר נישט אין איר ליבע־געפיל. זי פילט בלויז.

בלויז מאָמענטנווייז וועקט זיך אויף אין אים עפּעס פון די נביאים. אָבער ער פילט עס ווי דורך אַ נעפּל און פטרט עס אָפּ מיט אַ שיינעם, הגם בלאַסן אַפאָ־ריזם: ער איז נישט געקומען ברענגען קיין שלום אויף דער וועלט, נאָר דעם שווערד.

אָבער דער נביאימשער שווערד איז נישטאָ נישט אין זיינע רייד, נישט אין זיינע געבאָטן און נישט אין זיינע מעשים.

ווי אַנדערש עס וואָלט אויסגעזען די מאָראַלישע לאַגע פון דער מענטשהייט ווען די וועלט וואָלט זיך געווען אָראָפּגעלאָזן אויף דייטשלאַנד מיטן צאָרן פון ישעיה׳ס דרייצנטן קאַפּיטל, און נישט מיט דער ליבע פונעם נוצרי, וואָס האָט גאָר נישט פאַר דער סאַמאַריטאַנערן, אָבער זי פאַרגיט די זינד פון די מערדערס — זיינע שכנים.

אָבער כדי אַראָפּצונידערן אויף דייטשלאַנד מיטן שטורעם פון ישעיה הנביאס פאַרניכטנדיקן האַס, דאַרף מע ליב האָבן די עטישע מענטש־פליכט מיט ישעיה הנביאס ליבע.

אָבער דער וועלט פעלט די האַסנדיקע ליבע, די אַבסאָלוט־קאָנקרעטע ליבע, וואָס איז פעיִק אויף אומפּשרהדיקן האַס.

די וועלט האָט זיך נאָך קיין מאָל נישט אַזוי געצייטיקט אינעם אָפּפרישנ־דיקן, אָפּרייניקנדיקן אַלט־טעסטאַמענטלעכן האַס־שטורעם, ווי איצט, נאָך צוויי טויזנט יאָר הערשאַפט פון דעם נייעם טעסטאַמענט.

נישט אומזיסט האָט געבעלס, אין די לעצטע חדשים פאַר זיין פּגירה, גע־פיבערט מיט שרעק פאַרן אַלט־טעסטאַמענטלעכן האַס. ער האָט געוווסט אַז דער עטישער האַס איז די איינציקע קראַפט וואָס קאָן פאַרניכטן זיין עגאָיִסטישן האַס.

ווען ער ווייס ווי ווייניק אַלט־טעסטאַמענטלעכן האַס די פעלקער האָבן, וואָלט ער נישט געווען מיטגענומען אויף יענער וועלט זיינע קינדער. ער האָט דאָס נישט געוווסט.

ער האָט אַזוי לאַנג געשריגן, אַז די וועלט מוז באַפרייט ווערן פון ייִדישן גייסט, פון ייִדישן קריסטנטום, ביז ער האָט אָנגעהויבן צו גלייבן אַז דאָס קריסטנ־טום איז — ייִדנטום.

ער האָט נביאות געזאָגט, אָבער ער האָט נישט געוווסט — וואָס.

די וועלט איז טאַקע קראַנק, טויט קראַנק אויף קריסטנטום, אָבער דאָס דאָ־זיקע קריסטנטום האָט נישט קיין שייכות צום ייִדנטום.

ווען דאָס קריסטנטום וואָלט טאַקע געווען — ווי געבעלס האָט געמיינט — ייִדישער גייסט, וואָלט ער גאָר נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו שרעקן זיך פֿאַר אים: דער דאָזיקער אַלט־טעסטאַמענטלעכער ייִדישער גייסט וואָלט שוין פֿון לאַנג געווען אויסגעריסן מיטן וואָרצל די אַלע ווילד־גראָזן, וואָס זייער ממזר ער איז געווען.

*

איך האָב ליב די זיסע, לירישע טענער פֿון די נביאימס ליבע־פּסוקים, די שטורעמדיקע האַס־מוזיק וואָס באַגלייט זיי, און זיי זיינען מפסיק אין איר אויף אַ רגע, זאָגט עס אומפּאַרפעלשט עדות אויף זייער עכטקייט.

דערפֿאַר טאַקע האָב איך ליב דעם אַלט־טעסטאַמענטלעכן האַס: דורך זיינע פֿלאַמען שטראַלט די גרויסע, ריייניקנדיקע מענלעכע ליבע.

## ו) די קלאַסישע געשיכטע פון קנעכטשאַפט

אַנדערע זעען אין משהן די קלאַסישע געשיכטע פון אַ פאָלקס באַפרייט ווערן פון קנעכטשאַפט; איך זע אין איר די קלאַסישע געשיכטע פון אַ פאָלקס קנעכטשאַפט. און אפשר טאַקע פון דער מענטשהייטס קנעכטשאַפט. ווי אַלץ אין תנ״ך, איז אויך די־אָ געשיכטע געשריבן מיט דער מאַקסימאַלסטער קורצקייט, וואָס אַנטהאַלט די מאַקסימאַלסטע פולקייט.

„אַז משה איז אויפגעוואַקסן איז ער אַרויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער, און האָט זיך צוגעקוקט צו זייער ביטערער אַרבעט; און ער האָט געזען אַ מאַן אַ מצרי שלאָגן אַ מאַן אַ ייִד, פון זיינע ברידער. און אַז ער האָט געזען, אַז קיין מענטש איז נישטאָ, האָט ער דערשלאָגן דעם מצרי און האָט אים באַהאַלטן אין זאַמד. און ער איז אַרויסגעגאַנגען אויפן צווייטן טאָג, ערשט צוויי מענער ייִדן ראַנגלען זיך; האָט ער געזאָגט צו דעם אומגערעכטן: פאַר וואָס שלאָגסטו דיין חבר? האָט יענער געזאָגט: ווער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ מאַן אַ האַר און אַ ריכטער איבער אונדז? צי מיינסטו מיך צו הרגענען אַזוי ווי דו האָסט דער־הרגעט דעם מצרי?״

כמעט תמיד הייבט אָן דעם רעוואָלט פון די פאַרשקלאַפטע — אַ פרייער, וועלכער דערזעט פלוצלונג ווי זיינע ברידער זיינען פאַרשקלאַפט. און כמעט תמיד טרעפט ער אָן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד די פאַרשקלאַפטע ברידער זיינע. זיי זיינען אַזוי פאַרנומען מיט שלאָגן איינער דעם צווייטן אַז זיי האָבן נישט קיין צייט צו שלאָגן דעם באַדריקער. און נישט נאָר קיין צייט האָבן זיי נישט דער־צו; אַפילו נישט בלויז דער מאַנגל אין פיזישן מוט שטערט זיי אין דעם, — די אויסערלעכע קנעכטשאַפט פאַרוואַנדלט זיי אין אינערלעכע קנעכט: „ווער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ מאַן אַ האַר און אַ ריכטער איבער אונדז?״ פון פּרעהס אויפ־זעער זיינען זיי גרייט אָנצונעמען אַלץ — זיי זיינען דאָך באַשטימט דורך זייער האַר פּרעה, ווען זיי אָנערקענען אינערלעך ווי זייער האַר.

די שווערסטע אויפגאַבע באַשטייט אין קריגן די צושטימונג צו דער באַ־פרייונג נישט מצד פּרעהן, נאָר מצד די ייִדן. און עס איז אַ זיכערער גרייז אין חומש, ווען ער שרייבט: „איז משה אַנטלאָפן פאַר פּרעהן״, — פאַר די ייִדן איז ער אַנטלאָפן.

די לעקציע וואָס משה האָט באַקומען, ווען ער איז צום ערשטן מאָל אַרויס צו זיינע ברידער און דערזען קנעכט נישט נאָר וועדליק זייער לאַגע, נאָר אויך קנעכט אין זייער נשמה, די־אָ לעקציע איז געווען אַזוי שטאַרק אַז אין יאָרן אַרום, ווען גאָט האָט דערזען די קינדער פון ישראל אין זייער קנעכטשאַפט און געשיקט משהן זיי אויסצולייזן, בעט זיך משה ביי אים (ביי זיין אינערלעכער שטים, וואָס טרייבט אים ווידער צו זיינע ברידער) מיט אַלע תירוצים, ער זאָל אים לאָזן צורו: ער מאַכט זיך קליין („ווער בין איך, אַז איך זאָל גיין צו פּרעהן?״); ער דערמאָנט זיך זיין ערשטע דערפאַרונג, און ער פרעגט מיט בלוטיקן סאַר־קאַזם: „אָט קום איך צו די קינדער פון ישראל, און איך וועל זאָגן צו זיי: דער

גאָט פון אייערע עלטערן האָט מיך געשיקט צו אייך, און זיי וועלן זאָגן צו מיר: וואָס איז זיין נאָמען?״

פּרעהס נאָמען, ווי איינער זאָגט, קענען זיי, אָבער קומען צו זיי נישט איך פּרעהס נאָמען? און אַז דאָס העלפט אויך נישט, מאַכט ער זיך גאָר פּאַר אַ בעל־מום: „איך בין נישט קיין מענטש פון ווערטער... איך בין שווער אויפן מויל, און שווער אויף דער צונג״. ווי געפעלט אייך דער אויסרייד פונעם זינגער פון „האזינו״?

משה איז צוריקגעגאַנגען צו זיינע ברידער. נישט אומזיסט איז גאָט געגאַנגען צו משהן, ווען „די קינדער פון ישראל האָבן געזיפצט פון דער קנעכטשאַפט״ און „זייער געשריי איז אויפגעגאַנגען צו גאָט״; גאָט האָט געוווּסט, אַז דער וואָס איז שוין איין מאָל אַרויס צו זיינע ברידער, וועט גיין נאָך אַ מאָל, ווי שלעכט זיינע דערפאַרונגען מיט זיי זאָלן נישט האָבן געווען.

משה איז אפשר געווען דער ערשטער באַפרייער, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין אויפגאַבע דורך די, וועמען ער האָט געוואָלט באַפרייען, אָבער נישט דער לעצטער באַפרייער. און ער איז אויך נישט געווען דער לעצטער וואָס האָט זיך אומגעקערט: די בני־ישראל האָט ווייניק זייער פיזישע קנעכטשאַפט; משהן האָט ווייניק געטאָן זייער גייסטיקע קנעכטשאַפט. און משה האָט געליטן מער פון זיי. זיי האָט געפעלט אַ ביסל אַ לייכטערער דרוק, אים — זייער פולע פרייהייט.

משה האָט נישט געוואָלט גיין צו זיינע ברידער, אָבער ער האָט געמוזט, ווייל ער האָט זיך נישט געענדערט אין ווייטן מדין. זיין נשמה האָט געברענט ווי דער סנה, אָן אויפהער, נישט ווערנדיק פאַרברענט אויף אַש.

אָבער אויך זיינע ברידער האָבן זיך נישט געענדערט. ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען און גענומען פירן זייער קאַמף, האָבן זיי אין אים גלייך דערזען דעם אומגעבעטענעם בעל־טובה, וואָס טוט רק רעות. „און זיי האָבן געטראָפן משהן און אהרנען... און זיי האָבן צו זיי געזאָגט: זאָל גאָט אַראָפּקוקן אויף אייך און מישפטן, וואָס איר האָט פאַרמיאוסט אונדזער ריח אין די אויגן פון פּרעה, און אין די אויגן פון זיינע קנעכט, צו געבן אַ שווערד אין זייער האַנט אונדז צו הרגענען״.

ס׳אַראַ גרויסן אָרט עס פאַרנעמען אין אונדזער געשיכטע די דאָזיקע ווערטער! פּונקט אַזאַ גרויסן, ווי אונדזערע פיזישע ליידן. אומעטום, וווּ עס נעמט ווירקן אין אונדזער געשיכטע משהס גייסט, קומט אים אַנטקעגן דאָס אומשטערבלעכע קלאָגן זיך „פון די (ייִדישע — י. ר.) אויפזעערס פון די קינדער פון ישראל״.

צי דען האָבן די דאָזיקע ווערטער נישט אַנטקעגן געקלונגען דעם ציוניזם אין אַלע זיינע פאָרמען, פון די מילדסטע ביז די ראַדיקאַלסטע? צי דען זיינען זיי נישט אַנטקעגן געקומען דעם טעריטאָריאַליזם? צי דען זיינען זיי נישט אַנטקעגן געקומען אַפילו די געטאָ־קעמפּפערס? אַפילו דאָרט וווּ עס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער אורטייל פון פולשטענדיקן אומקום, האָט זיך די פאַראורטיילטע אויך געדאַכט, אַז די קעמפּפערס מאַכן ערגער זייער גורל.

און וואָס איז דער וווּנדער, וואָס די געטאָ־קעמפּפערס האָבן אָפּט נאָכגעגעבן

דער אילוזיע פון די אומגליקלעכע, אַז משה אַפילו, שוין נאָכן באַשלאָסענעם צוריקקער, האָט זיך געלאָזט ווייכער מאַכן זיין האַרץ:

„האָט משה זיך צוריקגעקערט צו גאָט, און האָט געזאָגט: גאָט, פאַר וואָס טוסטו שלעכטס דעם דאָזיקן פאָלק? צו וואָס נאָך האָסטו מיך געשיקט? אַז זינט איך בין געקומען צו פּרעהן..., באַגייט ער זיך נאָך ערגער מיט דעם דאָזיקן פאָלק...“

און גאָט ענטפערט אים דערויף: „אַצינד וועסטו זען וואָס איך וועל טאָן צו פּרעהן; וואָרעם דורך אַ שטאַרקער האַנט וועט ער זיי אַוועקלאָזן און דורך אַ שטאַרקער האַנט וועט ער זיי אַרויסטרייבן פון זיין לאַנד“.

איך בין חושד אַז ביים דערציילן וועגן יציאת מצרים דערציילט דער חומש אַ האַלבן אמת: אַז פּרעה פלעגט נאָך יעדער מכה נישט וועלן אַרויסלאָזן די ייִדן פון מצרים; ער פאַרשווייגט אָבער דעם צווייטן האַלבן אמת, אַז די ייִדן גופא פלעגן נישט וועלן אַרויסגיין פון מצרים, אויב פּרעה איז געוואָרן אַזוי ווייכהאַרציק, אַז ער וויל זיי שוין אַרויסלאָזן. „אויב פּרעה איז געוואָרן אַזוי גוט, וועט דאָך דאָ אין מצרים זיין דאָס צוגעזאָגטע לאַנד...“

און דערויף איז דער חומש בלויז מרמז: „האָט משה... גערעדט צו די קינדער פון ישראל (וועגן דעם, אַז גאָט וועט זיי אויסלייזן — י. ר.), אָבער זיי האָבן זיך נישט צוגעהערט צו משהן“. „פון קורץ געמיט און פון שווערער אַרבעט“, גיט צו דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר, כדי צוצודעקן די שאַנדע פון זיינע אבות...

און דעריבער האָט גאָט געמוזט אַזוי שטאַרק פּלאָגן פּרעהן, כדי ער זאָל אַרויסטרייבן די ייִדן פון זיין לאַנד, — ווייל אַרויסגיין האָבן זיי נישט געוואָלט. און אַפילו אַרויסטרייבן איז זיי שווער געווען בלויז אין דער פרייהייט אַריין; גאָט האָט זיי נאָך אַ חוץ פרייהייט געמוזט צוזאָגן עפּעס ממשותדיקערס (פאַר קנעכט): „און עס וועט זיין, אַז איר וועט אַרויסגיין, וועט איר נישט אַרויסגיין מיט ליידיקן; נאָר יעטוועדע פרוי וועט אַנטלייען פון איר שכנטע... זילבערנע זאַכן, און גילדערנע זאַכן, און קליידער...“

גאָט האָט זיך נישקשהדיק אַראָפּגעלאָזן צו זיין פאַרקנעכטיקט פאָלק. און דאָך האָט ער נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר זיין קנעכטישקייט, וואָס איז אים אַריין אין די ביינער. און ווען „פּרעה האָט אַוועקגעלאָזן דאָס פאָלק, האָט זיי גאָט נישט געפירט אויפן וועג פון דעם לאַנד פון די פלשתים, ווייל ער איז געווען נאָענט (יהואש איבערזעצט צו אָפּט ווערטלעך דאָרט, ווו מ׳דאַרף עס נישט; אָבער גראָד דאַן, ווען דאָס איז נייטיק, פאַרלאָזט ער זיין ווערטלעכן איבערזעצונג־מעטאָד. אויך דאָ זעצט ער איבער אָנשטאָט „ווייל“ — „הגם“. — י. ר.), וואָרעם גאָט האָט געזאָגט: דאָס פאָלק וועט נאָך חרטה האָבן, אַז זיי וועלן דערזען מילחמה, און זיי וועלן זיך אומקערן קיין מצרים“.

„אַז זיי וועלן דערזען מילחמה“, האָט שוין צוגעגעבן אַ שפּעטערדיקער פאַרשענערער פון דער געשיכטע. אין דער אמתן האָט דאָס פאָלק געוואָלט אומקערן זיך קיין מצרים ביי יעדער געלעגנהייט.

זיי האָבן זיך געוואָלט אומקערן קיין מצרים, ווען זיי האָבן געזען די נאָכיאָגנדיקע מצרים. „צי ווייל קיין קברים זיינען נישטאָ אין מצרים, האָסטו אונדז אַרויסגענומען צו שטאַרבן אין דער מידבר?... איז דאָס נישט דאָס וואָרט, וואָס

מיר האָבן גערעדט צו דיר אין מצרים, אַזוי צו זאָגן: „טו זיך אָפּ פון אונדז און לאָמיר דינען מצרים?״ וואָרעם בעסער פאַר אונדז צו דינען מצרים איידער מיר זאָלן שטאַרבן אין דער מידבר״.

רייד פון קנעכט, וואָס האָבן נישט פאַרדינט די פרייהייט!

און ווען עס איז שוואַך געווען מיט עסן, האָט זיי גענומען צ׳עזן צום פלייש־טאָפּ פון מצרים: „הלוואי וואָלטן מיר געשטאָרבן אין לאַנד מצרים, ווען מיר זיינען געזעסן איבערן פלייש, ווען מיר האָבן געגעסן פלייש צו זאַט״.

אַלערליי טויטן זיינען זיי געווען ניחא, אַבי נישט דער טויט פון פרייהייט־קאַמף!

און אַז עס איז געקומען דאָרשט — האָבן זיי ווידער געבענקט נאָך דער קנעכטשאַפט און געהאַט טענות צו משהן: „נאָך וואָס גאָר האָסטו אונדז אויפ־געבראַכט פון מצרים, צו טויטן מיך און מיינע קינדער און מיינע פי דורך דאָרשט?״

משה האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אויסקויפן פון זיי פאַר דער טובה וואָס זיי האָבן אים געטאָן מיטן לאָזן אויסלייזן זיך פון דער מצרישער קנעכטשאַפט... מע האָט זיי באַדאַרפט כסדר אָפּגילטן דערפאַר. און עס איז פאַרשטענדלעך: משה האָט זיי נישט געקאָנט געבן אין מידבר קיין שום זאַך וואָס זיי האָבן גע־האַט אין מצרים; דאָס איינציקע וואָס ער האָט זיי געגעבן איז געווען פרייהייט, און גראָד דאָס האָבן זיי נישט באַדאַרפט; פון לאַנגער געוווינהייט צו קנעכט־שאַפט, האָבן זיי זיך אָפּגעוווינט דערפון.

און ווי נאָר משה האָט זיך פאַרזאַמט אויפן באַרג סיני, האָבן זיי זיך גע־איילט כאָטש גייסטיק אומצוקערן זיך קיין מצרים, — אויב נישט צו פרעהן, איז צו זיין גאָט. און אויב עס סטייעט נישט קיין גאָלד אויף אַן אָקס, איז כאָטש אַ קאַלב!

מיד פון פירן צו פרייהייט אַ פאָלק, וואָס האָט דאָס נישט געדאַרפט, — האָט משה באַשלאָסן צוצופירן זיי צום לאַנד וואָס ער האָט זיי צוגעזאָגט אין נאָמען פון גאָט, און אַליין נישט אַריינגיין אַהין.

די גאַנצע פערציק יאָר וואָס ער האָט זיי געפירט איבערן מידבר, בעת די אומצייליקע צוזאַמענשטויסן מיטן פאָלק, וואָס האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין דאָס, וואָס ער האָט אים פאַרפירט צו פרייהייט, איז פאַר משהן געווען איין טרייסט: דער טרוים פון אַ פריי פאָלק אין אַ פריי לאַנד, געפירט דורך די הויכע געזעצן וואָס ער האָט זיי געגעבן. און וואָס נעענטער ער איז צוגעקומען צום דאָזיקן אויסגעטרוימטן לאַנד, וואָס מער ער האָט דערקענט די קנעכטישקייט פון זיין פאָלק, אַלץ מער האָט ער זיך געשראָקן פאַרן גורל פון זיין טרוים. צי וועלן די דערפאַרונגען אין צוגעזאָגטן לאַנד נישט זיין אַ המשך פון די דערפאַרונגען אין מידבר?

און ווען עס איז געקומען די מעשה מיט די מרגלים, און דאָס פאָלק — אויפן שוועל פון צוגעזאָגטן לאַנד! — האָט ווידער גענומען בענקען נאָך מצרים, — אַפילו נישט צום לעבן אין מצרים, נאָר צום טויט אין מצרים, — אַבי אין מצרים!... „הלוואי וואָלטן מיר געשטאָרבן אין לאַנד מצרים, אָדער הלוואי וואָלטן מיר געשטאָרבן אין דעם דאָזיקן מידבר! און נאָך וואָס ברענגט אונדז גאָט אין דעם דאָזיקן לאַנד, צו פאַלן דורכן שווערד?... איז נישט בעסער פאַר אונדז זיך

אומצוקערן קיין מצרים?״ — האָט משה באַשלאָסן בעסער צו זען דאָס לאַנד פון שפּיץ פונעם באַרג נבו, און נאָך אַ מאָל טרוימען זיין גרויסן טרוים פון אַ פריי פאָלק וואָס אָנערקענט בלויז דעם איידעלן יאָך פון דער תורה.

און דעריבער ווייס קיינער נישט ווו זיין קבר איז — אויפן שוועל פונעם צוגעזאָגטן לאַנד האָט ער דערפילט אין זיך דאָס רעכט צו דערפילן די לאַנגאָנס־טיקע באַדערפעניש — אַנטלויפן, ווי אַמאָל ביים אָנהייב, פון זיין פאָלק.

ער איז אַרויף אויפן שפּיץ פונעם באַרג נבו, געזען דאָס לאַנד און געטרוימט וועגן זיין פאָלק אין דאָזיקן לאַנד — און פאַרקראָכן ערגעץ אין אַ באַרג־שפּאַלט און אויסגעהויכט די נשמה „בנשיקה״ — טרוימענדיק אומגעשטערט זיין גרויסן טרוים.

ער האָט אַזוי פיל קלוגע זאַכן געטאָן פאַר זיין פאָלק; די לעצטע קלוגע זאַך האָט ער געטאָן פאַר זיך.

## ז) דער פּאַטאָס פון קנעכטשאַפט

מען איז געוווינט צו זאָגן: די גריכן האָבן אַן עפּאָס, די ייִדן — ליריק; די גריכן האָבן די „אָדיסייע״ און די „איליאַדע״, די ייִדן — דעם „תהילים״ און „שיר־השירים״.

אַז די ייִדן האָבן ליריק — בין איך מסכים; אַז די גריכן האָבן אַן עפּאָס, בין איך אויך מסכים, הגם ער איז מיר נישט אַזוי נאָענט צום האַרצן, אָבער אַז די ייִדן האָבן נישט קיין עפּאָס — אויף דעם קאָן איך מיין הסכמה נישט געבן. וואָס איז „שופטים״, שמואל א׳ און ב׳, מלכים א׳ און ב׳, אויב נישט עפּאָס? אמת, דאָס איז אַן עפּאָס אַ פראַגמענטאַרישער, אַן אויסגעמישטער מיט געשיכטע, אַ צעשאָטענער, אָבער אַן עפּאָס, וואָס איז, אין מיינע אויגן, שטאַרקער און מיטרייסנדיקער פאַרן גריכישן.

אויב דער קאַמף פון שאולן און דודן, אויב דער קאַמף פון שמשונען מיט די פּלשתים, אויב די קאַמפן פון גדעונען און פון די אַנדערע שופטים, — אויב דאָס אַלץ איז נישט קיין עפּאָס, קיין גרויסער, פאַרביקער, העראָישער עפּאָס — ווייס איך נישט, וואָס עפּאָס איז.

פאַראַן אָבער אין די דאָזיקע ספרים — „שופטים״ און „שמואל א׳ ״ — נאָך אַן עפּאָס, אַ שטילערער און נישט אַזאַ פאַרביקער ווי דער קאַמף צווישן שאולן און דודן, ווי דער קאַמף צווישן שמשונען און די פּלשתים, אָבער אַ נישט ווייניקער דראַמאַטישער און אין זיינע גרויס־היסטאָרישע טענער — אַ טיפערער. דאָס איז דער קאַמף אין ייִדישן פאָלק צווישן דער דעמאָקראַטישער שופטים־הערשאַפט און דער אַבסאָלוטיסטישער דינאַסטיע־הערשאַפט.

נאָך גדעונס ניצחונות איבער די באַדריקערס פון ישראל, די מדינים, האָבן די מענער פון ישראל געזאָגט צו גדעונען: „געוועלטיק איבער אונדז, אי דו, אי דיין זון, אי דיין זונס זון, וואָרעם דו האָסט אונדז געהאָלפן פון דער האַנט פון מדין״ (שופטים ח׳, כ״ב).

מען איז געקומען צו אַ זיגער אויפן שלאַכטפעלד און מ׳האָט אים פאָרגעלייגט דאָס וואָס אַזעלכע זיגערס נעמען געוויינטלעך אַליין: די קרוין פון אַ דינאַסטיע. אָבער די טראַדיציע פון די שופטים, — וואָס פלעגן שטייגן און זינקען מיט די כוואַליעס פון פאָלקס־נויט און פאָלקס־זיכערקייט מיט דער זעלביקער לעבעדיקער געזעצמעסיקייט, ווי דער צופלוס און אָפּפלוס פון ים, — איז נאָך דאַן געווען צו שטאַרק אין ייִדישן פאָלק, איבער וועלכן עס האָט געקיניגט גאָט און זיינע פאַרטרעטערס — די שופטים, און גדעון האָט געגעבן אַן ענטפער וואָס איז אפשר איינציקאַרטיק אין דער געשיכטע: „נישט איך וועל געוועלטיקן איבער אייך, און נישט מיין זון וועט געוועלטיקן איבער אייך; גאָט וועט געוועלטיקן איבער אייך״ (שופטים ח׳, כ״ג).

דאָס איז נישט קיין אינדיווידועלער ענטפער, — דורך גדעונס מויל האָט גערעדט דאָס פאָלק וואָס האָט געקוקט אויף פראָפעסיאָנעלער הערשאַפט, ווי אויף אַ פּריווילעגיע פון גאָט, אָבער נישט פון מענטשן. פירערשאַפט איבער אַ

שבט האָט מען באַדאַרפט פאַרדינען דורך אינדיווידועלע מעלות, דורך פאַרדינסטן פאַרן כלל, — דאָס האָט נישט געקאָנט זיין קיין דינאַסטיע־ענין.

גדעון האָט גערעדט אין נאָמען פון פאָלק, — די מענער פון ישראל האָבן גענומען גיין אין פרעמדע דרכים און האָבן פאָרגעלייגט צו פאַרוואַנדלען די פאָלקס־הערשאַפט אין אַ דינאַסטיע.

ס׳אָראַ טיפע פאַראַכטונג דאָס פאָלק האָט געפילט צו פּראָפעסיאָנעלע הערשערס, איז צו זען פונעם וווּנדערבאַרן משל פון קליינעם יותם בן־ירובעל, ווען אַלע מענער פון שכם און גאַנץ בית־מילוא האָבן געמאַכט פאַר אַ מלך אַבימלכן, דעם מערדער פון זיינע זיבעציק ברידער, גדעונס זיבעציק זין.

„געגאַנגען זיינען געגאַנגען די ביימער צו זאַלבן אַ מלך איבער זיך, און זיי האָבן געזאָגט צום איילבירט־בוים: קיניג איבער אונדז. האָט דער איילבירט־בוים צו זיי געזאָגט: זאָל איך אויפגעבן מיין פעטקייט, וואָס מיט מיר טוט מען כבוד גאָט און לייט, און גיין זיך וויגן איבער די ביימער? האָבן די ביימער געזאָגט צום פייגנבוים: קום דו, קיניג איבער אונדז. האָט דער פייגנבוים צו זיי געזאָגט: זאָל איך אויפגעבן מיין זיסקייט און מיין גוטע פרוכט און גיין זיך וויגן איבער די ביימער? האָבן די ביימער געזאָגט צום ווייַנשטאָק: קום דו, קיניג איבער אונדז. האָט דער ווייַנשטאָק צו זיי געזאָגט: זאָל איך אויפגעבן מיין וויין וואָס דערפרייט גאָט און לייט, און גיין זיך וויגן איבער די ביימער? האָבן אַלע ביימער געזאָגט צום דאָרן: קום דו, קיניג איבער אונדז. האָט דער דאָרן געזאָגט צו די ביימער: אויב איר ווילט מיך אין דער אמתן זאַלבן פאַר אַ מלך איבער אייך, קומט און שיצט אייך אין מיין שאָטן...״

עס איז קלאָר: דעם דאַזיקן משל — און באַזונדערס דעם נמשל — האָט דער קליינער יותם נישט צוגעטראַכט. דער משל דריקט אויס די מיינונג פון פרייע שבטים וועגן פּראָפעסיאָנעלע מושלים. אַן אַרבעטזאַם, פריי פאָלק קוקט אויף אַ פּראָפעסיאָנעלן מלך ווי אויף אַ ליידיקגייער: ווער עס האָט וואָס צו טאָן, רייסט זיך נישט צום טראָן, — וואָלט דאָס היינטיקע יידישע פאָלק געמעגט פאַראַפּראַזירן יותמס קלאַסישן משל.

אָבער אויב דורך יותמס מויל האָט גערעדט דער אַלט־איינגעוואָרצלטער ישראלישער לעבנשטייגער, האָט דורך די מענער וואָס האָבן פאָרגעלייגט גדעונען אַ דינאַסטיע־טראָן, גערעדט די היסטאָרישע אַנטוויקלונג, וואָס האָט גענומען ברעכן די פּאַטריאַרכאַלישע לעבנס־פאָרמען פונעם פעדעראַטיוון שבטים־פאָלק.

און אויב די דאָזיקע טענדענץ האָט גדעונען פ אָ ר ג ע ל ײ ג ט אַ טראָן, האָט זי ביי שמואלן גענומען פ אָ ד ע ר ן אַ מלך.

אין שמואל א׳, קאַפּיטל ח׳, באַקומט דער דאָזיקער היסטאָרישער קאַמף אַ דראַמאַטישן אויסדרוק.

די עלטסטע פון ישראל קומען צום אַלטן שמואל פאָדערן אַ קיניג: „מאַך אונדז אַ מלך אונדז צו מישפּטן אַזוי ווי אַלע פעלקער״.

אמת, זיי גיבן אָן אַ סיבה: „זע, דו ביסט אַלט און דיינע זין גייען נישט אין דיינע וועגן״. אָבער עליס קינדער זיינען אויך נישט געגאַנגען אין עליס וועגן און עלי איז אויך געווען אַלט און דאָך איז קיינער נישט געקומען צו אים בעטן אַ מלך...

צו שמואלן איז מען יאָ געקומען מיט דעם. און שמואלן איז דאָס שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן. אָבער נאָך מער — דעם יידישן גאָט. „האָט גאָט געזאָגט צו שמואלן: הער צו דאָס קול פון דעם פאָלק אין אַלץ, וואָס זיי זאָגן צו דיר; וואָרעם נישט דיך האָבן זיי פאַראַכט, נאָר מיך האָבן זיי פאַראַכט פון צו קיניגן איבער זיי... הער צו זייער קול, נאָר וואָרענען זאָלסטו זיי וואָרענען, און זיי דער־ציילן דעם שטייגער פון דעם מלך וואָס וועט קיניגן איבער זיי".

און שמואל האָט זיי געוואָרנט מיט ווערטער וואָס זיינען דער באַריידעווור־דיקסטער רעוואָלוציע־לאָזונג אין דער וועלט־געשיכטע. שמואל האָט געוואָרנט מיט ווערטער, וואָס וואָלטן זיך געפּאַסט פאַר אַ מענטשן מיט אַ גרויסער דער־פאַרונג אויף דעם געביט. האָט ער די דערפאַרונג גענומען פון דער פרעמד, אָדער עס האָבן אים שפּעטערדיקע דורות אַריינגעלייגט אין מויל זייערע ווערטער, כדי ער זאָל דאָס זאָגן אויפן שוועל פון דעם יידישן קיניג־פּעריאָד?

„דאָס וועט זיין דער שטייגער פון דעם מלך, וואָס וועט קיניגן איבער אייך: אייערע זין וועט ער צונעמען און וועט זיי פאַרטאָן פאַר זיך ביי זיין רייטוואָגן, און ביי זיינע פערד, און זיי וועלן לויפן פאַר זיין רייטוואָגן. און ער וועט זיי זיך מאַכן פאַר הויפּטלייט פון טויזנט, און הויפּטלייט פון פופציק, און אויף צו אַקערן זיין אַקער, און צו שניידן זיין שניט, און צו מאַכן זיינע כלי־מילחמה, און די שפּאַנצייג פון זיינע רייטוועגן. און אייערע טעכטער וועט ער צונעמען פאַר בשמים־מאַכערינס, און פאַר קעכינס, און פאַר בעקערינס. און אייערע בעס־טע פעלדער און וויינגערטנער און איילבירט־גערטנער וועט ער צונעמען און אָוועקשענקען צו זיינע הויף־דינערס און צו זיינע קנעכט. און אייערע קנעכט און אייערע דינסטן און אייערע בעסטע בחורים און אייערע אייזלען וועט ער צונעמען, און פאַרטאָן פאַר זיין אַרבעט. פון אייערע שאָף וועט ער נעמען מעשר; און איר וועט זיין קנעכט ביי אים. און איר וועט שרייען אין יענעם טאָג פון וועגן אייער מלך, וואָס איר האָט אייך אויסדערוויילט, און גאָט וועט אייך נישט ענטפערן אין יענעם טאָג".

מעגלעך, ווי געזאָגט, אַז מע האָט די דאָזיקע שפּעטערע דערפאַרונג אַריינ־געלייגט אין שמואלס מויל ווי אַ וואָרענונג. אָבער ווען שמואל וואָלט דאָס טאַקע געווען געזאָגט, וואָלט אויך נישט געהאָלפן. דאָס פאָלק ישראל איז אין יענער צייט אַריינגעפאַלן אינעם פאַטאָס פון קנעכטשאַפט, ווי מיר האָבן דאָס איבער־געלעבט און מיר לעבן דאָס נאָך איבער אין אונדזער היינטיקן דור. און ווען מענטשן פאַלן אַריין אין פאַטאָס פון קנעכטשאַפט — העלפט נישט קיין שום וואָרענונג.

„אָבער דאָס פאָלק האָט נישט געוואָלט צוהערן צו דעם קול פון שמואלן, און זיי האָבן געזאָגט: ניין, נאָר דווקא אַ מלך מוז זיין איבער אונדז אַז מיר זאָלן אויך זיין ווי אַלע פעלקער..."

מענטשן פאַרלירן אַ מאָל דאָס געדולד צו טראָגן די לאַסט פון קנעכטשאַפט; אָבער נאָך אָפטער פאַרלירן זיי דאָס געדולד צו טראָגן די פרייהייט... מיט וויפל ליידנשאַפטלעכקייט זיי וואַרפן דאָס דאַן אַראָפּ!

אַפילו גאָט אַליין האָט דאַן מורא מיט זיי אָנצוהייבן און אָנשטאָט צו

הייסן שמואלן זאָגן דעם פֿאָלק, עס זאָל הערן זיין, גאָטס, קול, הייסט ער אים גאָר צוהערן זיך „צו זייער קול״.

ווען מענטשן ווילן אַראָפּוואַרפֿן די קנעכטשאַפֿט, קאָן זיי גאָט נאָך אפשר העלפֿן; אָבער ווען זיי ווילן אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם יאָך פֿון פֿרייהייט, קאָן שוין גאָט אויך נישט העלפֿן...

## ח) דער דאָרן איז תמיד גרייט צו קיניגן...

שוין לאַנג, זייער לאַנג ווי עס שטייט פאַר מיר די פראַגע: פאַר וואָס זיי־נען די פירערס פון מלוכות, פאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס על־פּי־רוב אַזוי נישטיק, פאַלש, עגאָיסטיש און — דער עיקר — פאַררעטעריש לגבי די צילן, לטובת וועלכע זיי האָבן איבערגענומען די פירערשאַפט?

די אַנאַרכיסטן האָבן דערויף אַן ענטפער: מ אַ כ ט מאַכט קאַליע! נעמט און גיט איבער אין די הענט פון בעסטן די מ אַ כ ט, וועט ער גאַר גיך קאַ־ליע ווערן. מ אַ כ ט רייצט צו מיסברויכן מיט איר, און זייער ווייניקע קאָנען ביישטיין דעם ניסיון אויסצונוצן די מאַכט לטובת זיך גופא, לטובת די אייגענע קאַפּריזן.

מע קאָן די דאָזיקע דערקלערונג נישט אָװעקמאַכן מיט דער האַנט. דאָס מיסברויכן מיט דער מאַכט איז אַזאַ אָפּטע, כמעט אַלגעמיינע דערשיינונג אַז די אויבנגעבראַכטע דערקלערונג לייגט זיך נישט נאָר אויפן שכל, נאָר זי ווערט אונטערגעשטיצט דורך אַ ריזיקער דערפאַרונג: וויפל מאָל האָבן מיר געזען ווי גוטע, פיינע מענטשן (כל זמן זיי האָבן נישט קיין מאַכט אין די הענט) ווערן אין גאַנצן איבערגעקערט, ווי נאָר זיי דערפילן די מאַכט אין זייערע הענט?

דערמאָנט זיך נאָר דעם קלאַסישן ביישפיל פון „שמואל א׳". שמואל הנביא וואָרנט דאָס פאָלק ישראל, לויט גאָטס באַפעל, קעגן איבערגעבן די מאַכט צו אַ מלך:

„און אַצינד... וואָרענען זאָלסטו זיי וואָרענען, און זיי דערציילן דעם שטייגער פון דעם מלך וואָס וועט קיניגן איבער זיי...

„אייערע זין וועט ער צונעמען און וועט זיי פאַרטאָן פאַר זיך ביי זיין רייט־וואָגן, און ביי זיינע פערד, און זיי וועלן לויפן פאַר זיין רייטוואָגן. און... אַקערן זיין אַקער, און... שניידן זיין שניט...

„און אייערע בעסטע פעלדער און וויינגערטנער און איילבירט־גערטנער וועט ער צונעמען און אַוועקשענקען צו זיינע קנעכט..."

און גלייך ביים ערשטן קיניג איז שמואלס נבואה מקוים געוואָרן אויף הונ־דערט פּראָצענט.

האָט מע דען געדאַרפט האָבן אַ פאַסיקערן, מער פאָלקסטימלעכן מלך ווי שאולן? ווען מע זוכט אים אַרום, שוין נאָך זיין געזאַלבט ווערן, קאָן מען אים נישט געפינען: ער האָט זיך פון עניוות אויסבאַהאַלטן צווישן די זאַכן („נחבא אל הכלים").

אָבער ווי גיך שאול האָט זיך געענדערט! ווי נאָר ער האָט דערפילט דעם טראָן אונטער זיך, האָט אים די מאַכט אַ שלאָג געטאָן צום קאָפּ. דער קאָפּ זיי־נער איז געוואָרן בלויז אַ צוגאָב צו דער קרוין.

שאול האָט פאַרלוירן דעם קאָפּ, און אויך דאָס האַרץ. ער איז געוואָרן אויס מענטש אין זיין אוממענטשלעכן קאַמף פאַר דער קרוין.

און אַזוי איז געווען פּ אַ ר שאולן, און נאָך שאולן, ביז די „פאָלקס־דעמאָקראַטישע״ קיניגן פון קרעמל...

*

אָבער די דערקלערונג פון די אַנאַרכיסטן איז בלויז אַ טיילווייזער אמת (ווי די מערסטע טייל אמתן)...

אַן אַנדער טייל אמת באַשטייט אָט אין וואָס: מאַכט האָט נישט נאָר די אייגנשאַפט פון פאַרדאַרבן דעם גוטן מענטשן, פון מאַכן אים אויס מענטש, נאָר זי מאַכט אויך דעם מאַכטהאָבער הילפלאָז, באַזונדערס דעם מאַכטהאָבער, וועלכער וויל בלייבן גוט, ד״ה גיין קעגן שטראָם, אויך זיצנדיק „אויפן טראָן״.

ווי רירנדיק עס איז די געשטאַלט פון צדקיהו מלך יהודה, ווען ער מאַכט מיט ירמיהן אַ „פאַרשווערונג״ קעגן די האַרן (איבער וועלכע ער קיניגט כלומרשט און וועלכע האַלטן אים פאַקטיש אין געפאַנגענשאַפט אויפן טראָן): ער זאָל נישט אויסזאָגן די האַרן וואָס ער האָט מיט אים גערעדט. דאָס איז נייטיק נישט נאָר פאַר ירמיהן — אויך דער קיניג נייטיקט זיך אין דער דאָזיקער שוץ...

אין דער ממשלה פון מאַכטהאָבעריי קומט פאָר אַ מין נאַטירלעכער אָפּקלייב פון די נישטיקסטע און ערגסטע.

אויב עס כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ בענקל אַזעלכער וואָס איז נישט צוגעפּאַסט צו דער דאָזיקער מלאכה, איז אָדער די אַטמאָספערע פון דער מאַכט מאַכט אים „קליגער״ אָדער די מאַכט־סביבה מאַכט אים הילפלאָז, — זי צווינגט אים אָדער צו בלייבן פּאַסיוו אָדער צו פאַרלאָזן די פּאָזיציע, פאַר וועלכער ער איז צו מ ע נ ט ש ל ע ך.

נאָר דער וואָס קאָן זיך צופּאַסן צו דער אַטמאָספערע פון מאַכטהאָבעריי, בלייבט לעבן אין דער דאָזיקער מלוכה; די אַנדערע ווערן אויסגעשפּיגן פון איר, ווי אַלע נישט לעבנס־פעיִקע.

דערמיט דערקלערט זיך די אָפטע אַנטוישונג אין די בעסטע מענטשן, ווען זיי קומען צו דער מאַכט; און מיט דעם דערקלערט זיך אויך וואָס אַזוי פיל פון די בעסטע און די איידלסטע שרעקן זיך פאַר מאַכט, מיידן אויס זי אָנצונעמען, ווען מע שטופּט זי זיי אין די הענט (צי אין דער פאָרעם פון אַ טראָן, צי אין דער פאָרעם פון אַ פּרעזידענטן־בענקל): זיי האָבן מורא צו אַנטוישן אַנדערע און צו אַנטוישן זיך גופא; זיי האָבן מורא צו פאַרלירן דעם אייגענעם „איך״ אָדער צו פאַרלירן די פרייהייט פון פּרעדיקן דאָס גוטע און ריכטיקע.

אַ גוטע טאַט איז העכער פאַר אַ גוט וואָרט; אָבער ווען דער הערשער פאַרמאָגט נישט די פרייהייט פון טאַט, פאַרלירט ער אויך די פרייהייט פון וואָרט. ער פאַרלירט ביידע וועלטן...

און די בעסטע ווילן בעסער בלייבן כאָטש ביי דער קלענערער פרייהייט פון וואָרט, איידער צו פאַרלירן מיט דער גרעסערער אויך די קלענערע...

זיי מאַכן פריי דעם וועג פאַר די גוט צוגעפּאַסטע צו מאַכט...

*

אַז דער תנ״ך האָט געוווּסט וועגן דעם צווייטן טייל אמת (אַז מ אַ כ ט

מאַכט הילפלאָז און די בעסטע מיידן אויס די דאָזיקע פּאַסטקע), קאָן מע זען פון „שופטים" קאַפּיטל ט׳.

אַ שענערע און שאַרפערע סאַטירע אויף די מאַכט־שפּיצן, ווי מע געפינט זי אין אָט־דעם שופטים־קאַפּיטל, וועט שווער זיין צו געפינען אין דער וועלט־ליטעראַטור.

ווען אבימלך בן־ירובעל דינגט אָן „נישטיקע און לויזע לייט", הרגעט אויס „זיינע ברידער, די זין פון ירובעלן, זיבעציק מאַן, אויף איין שטיין", און מע מאַכט דעם מערדער פאַר אַ מלך (מע זעט דאָך אַז ער איז פּעיק צו הערשן!), קומט דער יינגסטער זון פון פאַרשטאָרבענעם ירובעל גדעון, יותם, און פונעם שפּיץ באַרג גריזים דערציילט ער דעם פאַרזאַמלטן המון פון שכם דעם וויטער־דיקן אומשטערבלעכן משל: „געגאַנגען זיינען געגאַנגען די ביימער צו זאַלבן אַ מלך איבער זיך, און זיי האָבן געזאָגט צום איילבירט־בוים: קיניג איבער אונדז. האָט דער איילבירט־בוים צו זיי געזאָגט: זאָל איך אויפגעבן מיין פעטקייט, וואָס מיט מיר טוט מען כבוד גאָט און לייט" אאַ"וו?

דער איילבירט־בוים, דער פייגנבוים און דער וויינשטאָק ווייסן, אַז אי זיין פעט און זיס צו דער שימחה פון גאָט און לייט און אי הערשן, וועלן זיי נישט קאָנען... קלייבן זיי אויס דאָס ערשטע... אָבער דער דאָרן איז תמיד גרייט אָוועק־צושענקען זיין שאָטן (דער שאָטן פון אַ דאָרן! — ס׳אַראַ פאַרניכטנדיקער סאַר־קאַזם...) פאַר אַ ביסל מאַכט. וואָרעם אָן אַ טראָן — צי אין אַ מלוכה, צי אין אַ חברה קדישא — האָט ער נישט וואָס צו טאָן...

דער איילבירט־בוים, דער פייגנבוים און דער וויינשטאָק קאָנען זיך פאַר־גינען אָפּצוואַרפן דעם פאַרלייג פון אַ טראָן אָדער פון אַ טרענדעלע, — אָבער דער דאָרן?... נישט נאָר ער לויפט צו אַ בענקל ביים ערשטן ווונק, נאָר ער רייסט זיך צו אים מיט אַלע מיטלען.

ער איז גרייט אַפילו צו שעכטן זיבעציק ברידער אויף איין שטיין...

און דאָס פאָלק?

דאָס פאָלק לויפט זיך שיצן אינעם שאָטן פון אַיעדן דאָרן... אַבי ער איז נאָר גרייט צו קיניגן.

## ט) אליהו הנביא

אליהו הנביא איז געווען אַ בעל־מופת. ער האָט אַפּילו מחיה־מתים געווען דעם טויטן זון פון אַן אָרעמער אַלמנה. אָבער דער נס, וואָס איז געשען מיט אים אַ דאַנק דער שעפערישער פאַנטאַזיע פון יידישן פאָלק, לאָזט ווייט הינטער־שטעליק אַלע מעשי־נסים פון דעם דאָזיקן שטורמישן נביא, וועמענס שליחות עס איז אין דירעקטן זין געווען אַקציע און נישט דאָס גערעדטע וואָרט, דאָס וואָס מיר האָבן שטענדיק אין זינען, ווען מ׳רעדט וועגן דער מיסיע פון די גרויסע נביאים.

אליהו הנביא געהערט נישט צו די דאָזיקע, אָבער קיין איינער פון די נביאים איז אַזוי נישט דערהויבן געוואָרן דורך דער פאָלקס־פאַנטאַזיע ווי ער, אליהו הנביא. אַרויפגעטראָגן אין הימל אַריין אין אַ פייערדיקן רייטוואָגן, האָט אים דאָס יידישע פאָלק צוריק אַראָפּגעבראַכט אויף דער ערד און אים מחיה־מתים געווען צו אומשטערבלעכקייט אויף דער ערד, אין מיטן פון זיין פאָלק.

וואָס באַטייט דער צייטווייליקער תחית־המתים פון דער אלמנהס זון אין פאַרגלייך מיטן תחית־המתים אין דער אייביקייט אַריין פון אליהו הנביא גופא?

ביי יעדער גליקלעכער באַגעגעניש פלאַמט אויך נאָך היינט אויף יעדער יידישער פאָלקס־מענטש מיט דער פרייד פון אַ כלה: אפשר איז אים באַשערט געווען צו באַגעגענען דעם אומשטערבלעכן אליהו הנביא?

*

בלויז איין מענטשן פון דער יידישער געשיכטע האָט די פאָלקס־פאַנטאַזיע באַצירט נאָך שענער ווי אליהו הנביאן: דוד המלך. מיר דאַכט זיך אַ מאָל אַז אין דאָזיקן פּרט האָט דוד המלך קיין שום קאָנקורענט נישט אַפילו אין די פאַנטאַזיעס פון אַלע אַנדערע פעלקער.

אַ דור נאָך אַ דור האָט די יידישע שעפערישע פאַנטאַזיע אָפּגעגעבן איר גאַנצע קראַפט אויף צו שאַפן אַ געשטאַלט פון איבערערדישער שיינקייט און איבערמענטשלעכער דערהייבנקייט. די געשטאַלט פון דוד המלך, געשאַפן דורך דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, איז די העכסטע פּאָעטישע שאַפונג וואָס האָט אפשר צו זיך נישט קיין גלייכן נישט אין דער פאָלקס־שאַפונג און נישט אין דער קינסטלערישער שאַפונג פון אַלע צייטן און פעלקער.

וואָס פאַר אַ סובלימירונג־קראַפט! ס׳אַראַ שווונג פון דער פאַנטאַזיע! ס׳אַראַ האַרמאָניע פון פאַרבן! ס׳אַראַ נשמה־מוזיק!

די געשטאַלט פון דוד המלך איז די ראָמאַנטישסטע געשטאַלט פון יידישער שאַפונג, און טאַקע דערין ליגט זיין אַנדערשדיקייט פון דער אליהו הנביא־געשטאַלט. די פּאָעטישע געשטאַלט פון דוד המלך איז דער קלימאַקס פון יידישער ראָמאַנטישער שאַפונג, אָבער די געשטאַלט פון אליהו הנביא איז דער קלימאַקס פון פסיכאָלאָגישן שאַפן פונעם יידישן פאָלקס־זשעני.

די געשטאַלט פון לעגענדאַרן דוד המלך האַרמאָנירט לחלוטין נישט מיט

דער געשטאַלט פון היסטאָרישן דוד המלך, ווי אַזוי ער טרעט אַרויס פאַר אונדז אויף די זייטלעך פון די היסטאָרישע תנ״ך־ביכער. דער שעפערישער פאָלקס־זשעני האָט אַרויסגעכאַפּט פון דער גאַנץ פולער געשיכטע פון דוד המלך אַ צוויי־דריי מאָטיוון און — אָפּוואַרפנדיק אַל דאָס איבעריקע — געשאַפן אַ געשטאַלט וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך. און דאָס וואָס דוד המלך פון דער לעגענדע האָט גרינטלעך געקאָנט שטעלן אין שאָטן דעם דוד המלך פון דער געשיכטע אַזוי, אַז די געשיכטע האָט כמעט ווי אויפגעהערט צו עקסיסטירן אונטערן צו־דעק פון דער לעגענדע, באַווייזט בלויז די קראַפט פון אונדזער פאָלקס־זשעני.

גאַנץ אַנדערש איז דער ענין מיט דער געשטאַלט פון אליהו הנביא: אין דער דאָזיקער געשטאַלט דערגאַנצט די לעגענדע די פּסיכאָלאָגיש די געשיכטע. די לעגענדע מאַכט געניאַלע אויספירן פון דער געשיכטע און פאַרוואַנדלט די שטור־מישע נאַטור פון אליהו הנביא אין קרישטאָל־קלאָרסטן קוואַל פון גוטסקייט און גוטמוטיקייט.

*

די סטיכיע פון אונדזער נביא איז — שטורעם. אים ברענגט צו טראָגן אָדער עס טראָגט אים אַוועק — דער שטורעם; אַפילו אין הימל קומט ער אַריין נישט ווי משה רבינו דורך אַ „מיתת נשיקה״, נאָר אין אַ פייערדיקן רייטוואָגן, גע־שפּאַנט מיט פייערדיקע פערד. דער שטורעם נעמט אים צו פון דער ערד. און ווי אַן אַלץ־פאַרניכטנדיקער הוראַגאַן פאַלט ער אָן אויף די נביאי הבעל. ער איז נישט אַרויסגעטראָטן קעגן זיי בלויז מיטן דונער פון וואָרט, נאָר ער האָט זיי פאַרניכט מיטן שווערד, ער האָט זיי אויסגעראָטן אַלע, ביז איינעם, אומ־רחמנותדיק.

אָבער מיט דער דאָזיקער אַקציע האָט דער אינערלעכער שטורעם פון אליהו הנביא דערגרייכט זיין הויכפּונקט, און ער האָט פאַרלוירן זיין קראַפט. נאָך מער, בעת דער דאָזיקער שחיטה האָט אליהו הנביא פאַרוווּנדעט זיין אייגענע נשמה.

„און ער אַליין איז געגאַנגען אין מידבר אַ טאָג וועגס,
און איז געקומען און האָט
זיך געזעצט אונטער אַ בעזעמביימל.
און ער האָט געבעטן אויף זיך דעם
טויט, און האָט געזאָגט: גענוג!
אַצינד, גאָט, נעם צו מיין זעל,
וואָרעם איך בין נישט בעסער פון מיינע עלטערן״.

(מלכים א—י״ט, 4)

עס וואָלט געווען קורצזיכטיק צו דערלאָזן דעם געדאַנק אַז אליהו הנביא האָט געבעטן אויף זיך דעם טויט דערפאַר, ווייל עס האָט אים דערדריקט די מורא פאַר דער צוגעזאָגטער נקמה פון דער קיניגין איזבל — דער באַשיצערן פון בעל און זיינע נביאים — און די נויטווענדיקייט זיך אויסצובאַהאַלטן פון איר אין מידבר. דער מידבר איז דאָך געווען זיין געוויינטלעכער מקום מיקלט — אַן אָרט ווו עס פלעגט צייטיקן אין אים די קראַפט צו טאַט, פון וואַנען ער פלעגט אַנטלויפן ווי אַ שטורעם־ווינט; און פאַרן טויט האָט דער דאָזיקער קעמ־

פּער אויך נישט מורא געהאַט: זיין גאַנץ לעבן איז דאָך פול געווען מיט סכנה.

אליהו הנביא — די דאָזיקע שטורעמדיקע סטיכיע — און מורא פאַרן טויט בינדן זיך עפּעס נישט. אין מאַכטיקן שטראָם פון טעטיקן לעבן, וואָס ער האָט געשפּירט אין זיך, איז נישט געווען קיין אָרט פאַרן געפיל פון טויט, וואָס פּייניקט שוואַכע און קאָנטעמפּלאַטיווע נאַטורן.

אויב אליהו הנביא האָט געבעטן אויף זיך דעם טויט, איז אין דעם שולדיק די ווונד, וואָס ער אַליין האָט געמאַכט אין זיין נשמה מיטן צו שטורמישן אויסגוס פון רעליגיעזן אייפער. די העקאַטאָמבעס טויטע קערפּערס ביים טייכל קישון — וואָס זיינע וואַסערן זיינען רויט געוואָרן פון בלוט אויך אין די טעג פון דבורה הנביאה — האָבן דערדריקט זיין ענערגיע, זיין זעלבסטזיכערקייט. און אליהו הנביא איז עפּעס ווי אינערלעך פּוסט געוואָרן, האָט פאַרלוירן די גלייכגעוויכט. די דאָזיקע מאַכטיקע דינאַמאָ האָט געפּלאַצט. אויך איצט, ווי תמיד נאָך אַן אויפטו, גייט ער אַוועק אין מידבר. אָבער צום ערשטן מאָל פילט ער זיך אַ באַזיגטער זיגער; ער האָט גענומען ספקן אין דער גערעכטיקייט פון זיין טאַט, ער האָט גענומען ספקן אין דער גערעכטיקייט פון זיין ווילדן אויסברוך.

דער דאָזיקער ספק באַקומט זיין דערהייבנדיקן און דערשיטערנדיקן אויסדרוק אין אַן אינערלעכן דיאַלאָג, וואָס קניפּט זיך אָן צווישן אליהו הנביא און זיין אינעווייניקדיקער געטלעכער שטים.

„עס איז דאָרטן אַריינגעגאַנגען אין דער הייל, און האָט דאָרטן גענעכטיקט. ערשט דאָס וואָרט פון גאָט איז צו צו אים, און ער האָט צו אים געזאָגט:

וואָס טוסטו דאָ, אליהו?
האָט ער געזאָגט:
אָנגעמען האָב איך זיך אָנגענומען פון וועגן יהוה
דעם גאָט פון צבאות:
וויל פאַרלאָזן דיין בונד, האָבן די קינדער פון ישראל,
דיינע מיזבחות האָבן זיי צעשטערט,
און דיינע נביאים האָבן זיי געהרגעט מיטן שווערד;
און איך אַליין בין איבערגעבליבן,
און זיי זוכן מיין לעבן צו נעמען״.

(מלכים א—י״ט, 9־10)

און מ׳האָט זי טאַקע געפונען, זיין נשמה, און מע האָט אָפּגענומען ביי איר די רו. נישט אומזיסט הערן מיר דאָ אליהו הנביאס בולטן פּרווו צו פאַרטיידיקן זיך.

און אָט דאָ האָבן מיר דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט פון דעם דאָזיקן אינערלעכן דיאַלאָג, פון דעם מאָראַלישן ספק. מיר זיינען אָנוועזנדיק ביי דער געבורט פון עם ריינעם, העכסטן גייסט פון נבואה, פון איר ערשטער, מופתדיקפּרימיטיווער פאַזע.

„האָט ער געזאָגט: גיי אַרויס,
און זאָלסט זיך שטעלן אויפן באַרג פאַר גאָט,

ערשט גאָט גייט פאַרביי, און אַ גרויסער און שטאַרקער
שטורעם רייסט בערג און ברעכט פעלדזן פאַר גאָט —
נישט אין שטורעם איז געווען גאָט;
און נאָך דעם שטורעם אַן ערד־ציטערניש —
נישט אין דער ערד־ציטערניש איז געווען גאָט;
און נאָך דער ערד־ציטערניש
אַ פייער — נישט אין פייער איז געווען גאָט;
און נאָך דעם פייער אַ קול
פון אַ דינער שטילקייט.
און עס איז געווען, ווי אליהו הנביא האָט דאָס דערהערט, אַזוי האָט ער איינ־
געוויקלט זיין פּנים אין זיין מאַנטל״.

(מלאכים א—י״ט, 11־13).

אליהו הנביא באַמיט זיך נאָך צו דערשטיקן די דאָזיקע אינערלעכע שטילע, אָבער דאָך דורכדרינגענדיקע שטים. צום צווייטן מאָל ענטפערט ער אויף דער פראַגע, וואָס ער גופא, אין זיין זעלישער צערודערטקייט, שטעלט זיך: „וואָס טוסטו דאָ, אליהו?״ ער חזרט איבער, ווי אין פאַרענטפערונג:

„אַנגעמען האָב איך זיך אָנגענומען
פון וועגן יהוה דעם גאָט פון צבאות;
ווייל פאַרלאָזן דיין בונד האָבן די קינדער פון ישראל,
דיינע מיזבחות האָבן זיי
צעשטערט,
און דיינע נביאים האָבן זיי געהרגעט מיטן שווערד;
און איך אַליין בין איבערגעבליבן,
און זיי זוכן מיין לעבן צו נעמען״.

(מלכים א—י״ט, 14).

אליהו דערשטיקט אין זיך די שטילע שטים און גייט צוריק מיט זיין וועג. ער לאָזט זיך אַראָפּ ווי אַ שטורעם־ווינט אויפן קיניג אחאב און וואַרפט אים אין פּנים דעם אומשטערבלעכן געשריי פון עטישער אויפרעגונג: „דו האָסט געמאָר־דעט און דו נעמסט נאָך ירושה?״ (מלכים א—כ״א, 19־21). אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געקאָנט אָפּנאַרן דעם פיינהערעוודיקן פאָלקס־זשעני.

אויב מיר, וואָס לייענען די דאָזיקע באַגייסטערטע, דערשיטערנדיקע שו־רות, וואָס לאָזן זיך נישט איבערזעצן, קאָנען זיי שוין קיין מאָל נישט פאַרגעסן, טאָ וואָס זשע האָט באַדאַרפט איבערלעבן אליהו הנביא, ווען ער האָט דערהערט אין זיך דעם דאָזיקן שטילן שטורעם, דעם נשמה־צעשמעטערנדיקן געוואַי פון שטילן ווינט?

דער פאָלקס־זשעני האָט מיט זיין שעפערישן חוש דערפילט אַז די דאָזיקע לעקציע פון גאָט איז טיף אַריין אין דער נשמה פון אליהו הנביא, אַז די לעקציע איז געוואָרן אַן איבערברוך־מאָמענט אין דער נאַטור פון אָט־דעם שטורמישן נביא. און דער דאָזיקער פאָלקס־זשעני האָט געגעבן לעבן אַ געענדערטן אליהו

הנביא, וועלכער האָט צום לעצטן מאָל זיך צונויפגעגאָסן מיט זיין סטיכיע — דעם שטורעם — ביים אַרויפגעטראָגן ווערן „אויפן הימל אין שטורעם".

*

אויב אין תנ״ך איז אליהו הנביא אַ קנאי, איז ער אין דער פאָלקס־לעגענדע — אַ טרייסטער. אין קליינעם ווי אין גרויסן. ער וועט ברענגען די בשורה פון משיחס קומען און ער פאַרשטעלט זיך פאַר אַ פּויער און לייגט פאַר אַ מציאה אַן אָרעמען ייִדישן האָרעפּאַשניק, וועלכער האָט נישט אויף שבת. דער ביבלי־שער לייב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טייבעלע פון דער לעגענדע. און דאָך פּילן מיר די גאַנצקייט פון דער דאָזיקער פּערזענלעכקייט אין אירע ערנסטע מע־טאַמאָרפאָזעס: ער קאָן בשום אופן נישט פאַרגעסן דעם לעצטן גרויסן שטורעם פון זיין לעבן, ווען דער „קול דממה דקה" האָט זיך צעדונערט אין זיין נשמה; נישט אין דעם פאַרניכטנדיק־שטאַרקן ווינט, נישט אין דער ערד־ציטערניש און אין פייער. גאָט האָט ער געפונען בלויז אין דער דאָזיקער דערשיטערנדיקער שטילקייט.

און דעריבער האָט נאָך קיינער נישט באַמערקט אַז אליהו הנביא זאָל זיך צורירן צו די אומצאָליקע וויין־כוסות, וואָס מע שטעלט פאַר אים בעת די פּסח־סדרים. ווען מ׳גיסט אָן די דאָזיקע כוסות און מע צעעפנט ברייט די טירן פאַרן געוווּנטשענעם גאַסט, שרעקן אים די ייִדן אָפּ מיט זייער דונערדיקער תפילה „שפוך חמתך". אליהו הנביא קאָן נישט אַריבערטרעטן אַ שוועל, פון וועלכער עס גיסן זיך אים אַנטקעגן די מאַכטיקע צאָרן־ווערטער.

זיי דערמאָנען אליהו הנביאן יענעם מאָמענט, ווען ער האָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן ווי אַ מאַכטיקן וואַסערפאַל, און ער דערמאָנט זיך מיט ציטער אויך דאָס, ווי אַזוי עס איז זיך אין אים פונאַנדערגעוואַקסן, ביז אומדערטרעגלעכקייט, דאָס באַוווּסטזיין אַז גאָט איז נישט אין שטורעם, נאָר אין דעם „קול דממה דקה"!

## י) אוריה החתי און דוד המלך

צו יענע שטעלן אין תנ״ך, וואָס פאַרקלעמען מיר תמיד ביים האַרצן און מאַכן פייכט מיינע אויגן סיי ווען איך לייען זיי, סיי ווען איך דערמאָן זיך אַפילו בלויז אין זייער ריטעם (מיט וועלכן מיין בלוט נעמט דעמאָלט קרייזן), געהערן אין דער ערשטער ריי דודס הספד־ליד אויף יהונתן זיין פריינד און אוריה החתיס ענטפער דודן פאַר וואָס ער נידערט נישט אין זיין שטוב, צו זיין פרוי.

דוד המלכס הספד־ליד, באַזונדערס זיינע בעסטע שטעלן, זיינען שלימות־דיקע, געוואַלדיקע דיכטונג, וואָס זייער געוואַלד איבערן מענטשלעכן געמיט וועט נישט פאַרמינערט ווערן ביז די לעצטע טעג פון דער מענטשהייט, כל זמן עס וועט זיך געפינען אַ מ ע נ ט ש, וואָס וועט קאָנען פאַרשטיין העברעיש; און אוריה החתיס ענטפער איז אַזוי מענטשלעך־דערהויבן אין זיין פשטותדיקער אַליין־פאַרשטענדלעכקייט — פאַר אים, פאַרן א ו מ ב אַ ק אַ נ ט ן מ ע נ ט ש ן אוריה החתי, אַז די דאָזיקע פשטות ווירקט שטאַרקער ווי דער העכסט־מדרגהדי־קער, קינסטלערישסטער פּאַטאָס.

איך ווייס נישט צי דוד המלך האָט אויסגעזונגען דעם תהילים, אָבער דאָס הספד־ליד אויף יהונתן זיין פריינד — זיכער. די שורות, וואָס לאָזן זיך גאָר נישט איבערזעצן, זיינען אַזוי אומצערייסבאַר צונויפגעבונדן מיט פערזענלעכן, גרענעצלאָזן צער, אַז נאָר אַ גרויסע פריינדשאַפט וואָס איז זעלטן ווי גרויסע ליבע, האָט זיי געקאָנט אויסהויכן־אויסשרייען: „צר לי עליך אחי יהונתן, נעמת לי מאד, נפלאתה אהבתך לי מאהבת נשים״. („מיך קלעמט נאָך דיר, יהונתן מיין ברודער, ליב געווען ביסטו מיר זייער; וווּנדערלעך געווען איז דיין ליבשאַפט צו מיר, מער ווי די ליבשאַפט פון ווייבער״).

דאָס האָט געקאָנט אויסזינגען נאָר אַ גרויסער פריינד, און דוד איז געווען יהונתנס גרעסטער פריינד, ווי דאָס זאָגט עדות די אָפּשייד־סצענע צווישן זיי, וואָס קיין שום דיכטער וואָלט זי נישט געווען ביכולת צוצוטראַכטן. אַזוי איז זי פול מיט דעם זיס־ביטערן טעם פון ווירקלעכקייט, מיט וואַרעמקייט פון לעבן (שמואל א׳, קאַפּיטל כ׳). די אָפּשייד־סצענע און דאָס הספד־ליד זיינען אומצע־רייסבאַר־פאַרבונדן און זיי באַשטעטיקן דודס מחברשאַפט פונעם ליד.

דאָס דאָזיקע ליד זאָגט עדות, אַז דוד איז געווען נישט נאָר דער גרעסטער בויער פון דער יידישער מלוכה, אַ מענטש פון גייסט און געפיל (ווי דאָס באַ־ווייזט די סצענע צווישן אים און שאולן אין דער הייל, אויב די מעשה איז ריכ־טיק, ווייל זי איז צו בוימלדיק פוןביידע זייטן, און זי שליסט זיך נישט איין נישט אינעם פריער, נישט אינעם שפּעטער, ווי דאָס איז די טבע פון אַ לעגענדע זע שמואל א׳, קאַפּיטל כ״ד). אַ מיזרח־טיראַן, וואָס דער פּאַלאַץ זיינער איז אָנ־געפילט געוואָרן מיט זנות סיי דורך אים, סיי דורך זיינע זין, אַ גרויסער קריגס־העלד און אַוואַנטוריסט, וואָס איז געווען אַכזריותדיק ווי אַלע גרויסע קריגס־העלדן, — צו דעם אַלעם, זאָגט דאָס הספד־ליד עדות, אַז דוד איז נאָך גע־

ווען אויך אַ גרויסער דיכטער. קאָנט אירביישטיין דעם צויבער פון אַזעלכע פערזן, ווי:

„הרי בגלבע,
אל טל ואל מטר עליכם...
כי שם נגעל מגן גבורים...
מגן שאול בלי משוח בשמן,
אדם חללים מחלב גבורים
קשת יהונתן לא נשוג אחור
וחרב שאול לא תשוב ריקם.
שאול ויהונתן הנאהבים והנעימים בחייהם
ובמותם לא נפרדו,
מנשרים קלו, מאריות גברו...
איך נפלו גבורים בתוך המלחמה,
יהונתן על במותיך חלל.
צר לי עליך אחי יהונתן,
נעמת לי מאד,
נפלאתה אהבתך לי
מאהבת נשים...״

(אײַר בערג פון גלבוע,
נישט טוי און נישט רעגן אויף אײַך...
וואָרעם דאָרט איז פּאַרמיאוסט געוואָרן דער שילד פון גיבורים...
פון בלוט פון דערשלאָגענע, פון פעטס פון גיבורים,
האָט יהונתנס בויגן זיך צוריק נישט געצויגן
און די שווערד פון שאולן זיך נישט אומגעקערט ליידיק.
שאול און יהונתן,
די באַליבטע און ליבע אין זייער לעבן,
צוזאַמען אין זייער טויט האָבן זיי זיך נישט צעשיידט.
פון אָדלערס זיינען זיי געווען פלינקער,
פון לייבן זיינען זיי געווען שטאַרקער...
ווי זיינען די גיבורים אין מילחמה געפאַלן —
יהונתן אויף דיינע הויכן דערשלאָגן.
מיר קלעמט נאָך דיר, יהונתן מיין ברודער,
ליב געווען ביסטו מיר זייער;
וווּנדערלעך געווען איז דיין ליבשאַפט צו מיר,
מער ווי די ליבשאַפט פון ווייבער.)

אַ וווּנדערלעכער דיכטער און אַ מענטש פון גייסט און געפיל, — און ווי נישטיק און געמיין ער איז, ווען ער טרעפט זיך צונויף מיט אוריה החתי.

דאָס איז אַ הערלעכע געשיכטע, אַ געפלעכט פון שאָטן און ליכט, פון שוואַרצסטן שאָטן און העלסטן ליכט.

דוד שיקט נאָך אוריה פון שלאַכטפעלד און פרעגט זיך צביעותדיק נאָך „אויף דעם פריד פון יואבן, און אויף דעם פריד פון פאָלק, און אויף דעם גאַנג פון דער מילחמה״, הגם דאָס ליגט אים נישט אין דער לינקער פּאה. אים עג־

בערט אין קאָפּ די ידיעה פון בת־שבע: „איך בין טראָגעדיק". אים עגבערט אין קאָפּ בלויז איינס: ווי אַזוי דעקט מען צו דעם ממזר? או ןער זאָגט צו אוריהן: „נידער אַראָפּ צו דיין הויז, און וואַש דיינע פיס". ער גיט דעם זעלבער אַן אור־לויב, כדי אים צונויפצופירן מיט זיין ווייב בת־שבע. דוד המלך אין אַ קופלער־דאַלע! און ס'אַראַ סיטואַציע: אַ קופלער צווישן אַ געזעצלעך פּאָרפאָלק!

דוד המלך, דער חכם און דיכטער, אָבער אויך דער נואף, האָט אַלץ אויס־גערעכנט, אָבער איין זאַך האָט ער נישט אַריינגענומען אין חשבון: די ריינקייט פון מענטשלעכן הארצן. דאָס איז אַ זעלטענער פאַקטאָר אין לעבן, און דעריבער מאַכט מע געוויינטלעך די פאַרשיידענע אומריינע קאַלקולאַציעס אָן אים, אָבער אַ מאָל האָט מען אַ טעות.

און דוד המלך האָט געהאַט אַ טעות: „אוריה האָט זיך געלייגט ביים אַריינ־גאַנג פון מלכס הויז מיט אַלע קנעכט פון זיין האַר און האָט נישט אַראָפּגעני־דערט צו זיין הויז. האָט מע דערציילט דודן אַזוי צו זאָגן: „אוריה האָט נישט אַראָפּגענידערט צו זיין הויז". און דוד האָט געזאָגט צו אוריהן: „דו קומסט דאָך פון וועג, פאַר וואָס האָסטו נישט אַראָפּגענידערט צו דיין הויז?" האָט אוריה געזאָגט צו דודן: „דער ארון פון ישראל און יהודה זיצן איןביידלעך, און מיין האַר יואב און די קנעכט פון מיין האַר לאַגערן אויפן פרייען פעלד, און איך זאָל קומען אין מיין הויז צו עסן און צו טרינקען, און צו ליגן מיט מיין ווייב? אַזוי ווי דו לעבסט, און אַזוי ווי דיין זעל לעבט, אויב איך וועל טאָן די דאָזיקע זאַך!"

און דאָ ערשט האָט דוד המלך דערגרייכט דעם קלימאַקס, דעם אומפאַרגעב־לעכן קלימאַקס פון זיין זינד. דאָס, וואָס ער האָט שפּעטער געטאָן אַ טובה גאָט און זיך געשלאָגן על חטא: „איך האָב געזינדיקט צו גאָט" איז גאָר נישט ווערט, (פּונקט ווי עס איז גאָר נישט ווערט דעם נביא נתנס גיכע מוחל זיין: „גאָט האָט אויך אָפּגעטאָן דיין זינד"). אויב דוד האָט נישט דערשפּירט נישט דעם פּאַטש אין פּנים פון אוריה החתיס ווערטער, נישט די הייליקע ריינקייט און תמימות פון דעם דאָזיקן מענטשן, איז אוריה אין איין פּרט נישט געווען גערעכט: ער האָט פאַלש געזאָגט צו דודן „אַזוי ווי דיין זעל לעבט"; אַ לעבעדיקע זעל פון אַ דיכטער וואָלט זיך געוועזן אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פאַר דער ריינקייט פון אוריה החתי און וואָלט געוועזן געזאָגט, — מיט מער באַרעכטיקונג ווי צו גאָט — „איך האָב געזינדיקט צו דיר".

אוריה החתי האָט אָבער גערעדט צו דודס טויטער, אין יענעם מאָמענט אָפּגעשטאָרבענער נשמה. און דער דיכטער דוד האָט נישט קיין ציטער געטאָן, ער האָט בלויז זיך געקלאָמערט אין זיין געמיינער ראָל: „בלייב דאָ אויך היינט, — האָט דוד געזאָגט צו אוריהן, — און מאָרגן וועל איך דיך אָוועקשיקן".

„איז אוריה געבליבן אין ירושלים יענעם טאָג און אויף מאָרגן. און דוד האָט אים גערופן און ער האָט געגעסן ביי אים און געטרונקען, און ער האָט אים אָנגעשיכורט".

אפשר, — האָט דער בעל־התהילים געטראַכט, — וועט ער שיכורערהייט גיין שלאָפן מיטן ווייב און צודעקן דעם ממזר.

„אָבער אין אָוונט איז ער (אוריה — י. ר.) אַרויסגעגאַנגען זיך לייגן אויף זיין געלעגער מיט די קנעכט פון זיין האַר, און צו זיין הויז האָט ער נישט אַראָפּ־גענידערט".

אוריה החתיס שיכורער גייסט איז געווען וואַכער צו ריינקייט, ווי דוד המלכס אין זיין דעמאָלטיקער ניכטערקייט.

אוריה החתי האָט אונטערגעחתמעט זיין טויט־אורטייל: אויב ער האָט נישט אָראָפּגעגנידערט צו שלאָפן מיט זיין פרוי, האָט ער געמוזט באַזייטיקט ווערן; דוד המלך האָט אים קאַלטבלוטיק געשיקט אין טויט אַריין, ווי פריִער אין זנות...

אָבער וואָס איז דוד המלכס מאָרד לגבי זיין טויבקייט צו אוריהס גרויס־מענטשלעכן ענטפער?

נישט זיין הספּד־ליד אויף יהונתן און נישט זיין תהילים (אויב ער האָט אים אויסגעזונגען) קאָנען איבערוועגן די געזונקענע וואָגשאָל פון דודס נשמה אין יענעם מאָמענט, ווען דוד המלך איז געשטאַנען ווי אַ קנעכט פון זיינע ני־דעריקסטע אינסטינקטן פאַר אוריה החתיס איבערערדישער ריינקייט.

און דערפאַר טאַקע, וואָס דער תנ״ך האָט אונדז דערציילט די דאָזיקע גע־שיכטע פון אוריהס שטייגן און דוד המלכס פאַלן, איז ער דער ספר הספרים, דאָס הייליקע בוך פון דער מענטשהייט.

## י״א) שלמה המלך דער חכם

אין מלכים א׳ האָט שלמה המלך אַריינגעכאַפּט אַזאַ פּאַרציע שבחים אַז נישט נאָר אַ פּשוטן בשר ודם, נאָר אַפילו אַ מלך איז דאָס מסתמא שווער געווען צו פאַרדייען.

אָבער ס׳איז אַדורך מיט חסד, — שלמה המלך איז דערפון נישט געשטאָרבן; אויב ער האָט געקאָנט פאַרדייען טויזנט ווייבער, האָט ער די ריזיקע פּאַרציע שבחים אויך אַראָפּגעשלונגען און פאַרדייט...

„און גאָט — ווערט געזאָגט אין מלכים א׳ — האָט געגעבן שלמהן חכמה און פאַרשטאַנדיקייט זייער פיל, און ברייטקייט פון גייסט אַזוי ווי דעם זאַמד וואָס אויפן ברעג פון ים. און שלמהס חכמה איז געווען גרעסער פון דער חכמה פון אַלע קינדער פון מיזרח, און פון אַל דער חכמה פון מצרים. און ער איז געווען קליגער פון אַלע מענטשן... און ער האָט געהאַט אַ שם צווישן אַלע פעלקער רונדאַרום. און ער האָט געזאָגט דריי טויזנט משלים, און זיינע לידער זיינען געווען טויזנט מיט פינף. און ער האָט גערעדט איבער ביימער, פון דעם צעדער וואָס אין לבנון ביז דעם אזוב, וואָס וואַקסט אַרויס פון וואַנט. און ער האָט גערעדט איבער בהמות, און איבער פייגלען, און איבער שרצים, און איבער פיש. און פון אַלע אומות איז מע געקומען הערן שלמהס חכמה״ (קאַפּ׳ ה׳, 9־14).

אויב מע זאָל וועלן זיין בייזוויליק, וואָלט מען אַפילו געוועזן געקאָנט זאָגן: אַז אַזאַ טאַטע אַ בריה, ווי דוד, בויט אויף אַ גרויסע מלוכה און גיט זי איבער בירושה נישט ד ע ם זון, וואָס אים קומט זי על־פּי־דין און על־פּי־מינהג, נאָר דעם זון פון אַ לינק־געליבטער פרוי, איז פאַר אַזאַ זון אַפילו נישט אַזאַ גרויסע חכמה צו זיין אַ חכם...

אָבער דאָס מאָל בין איך ווייט פון בייזוויליקייט; אַדרבא, איך גלייב באמונה שלימה, אַז שלמה המלך האָט כשר פאַרדינט די שבחים פון מלכים א׳. אויב די דריי טויזנט משלים זיינע זיינען געווען אַזוי פיין און קלוג, ווי די פון שלמה המלכס „משלי״ און אויב די טויזנט און פינף לידער זיינען אַזוי זיס, ווי די לידער פון זיין „שיר השירים״ — איז ער טאַקע געווען אַן אויסנעם פון אַ מענטש אויך אָן דער הילף פון זיין טאַטנס ירושה. ער האָט פאַרמאָגט אַ גאָר וואַזשנעם יחוס עצמו...

חוץ דעם איז זיך גאָר נישט פאַרצושטעלן דעם ווערט פון שלמה המלכס „ישקני״, וואָס איז דאָך בלויז איין וואָרט פון זיין „שיר השירים״! איך ווייס גאָר נישט ווי אַזוי יידן וואָלטן זיך עקאָנאָמיש געוועזן אַן עצה געגעבן אין גלות, ווען נישט דאָס ווערטעלע „ישקני״, וואָס האָט טויזנטער און טויזנטער סוחרים־לעך און קרעמערלעך געשפּייזט מיט חיונה, געלאָזט אויסגעבן קינדער און אַ מאָל טאַקע פאַרזאָרגן אויך קינדס־קינדער...

כדי צוצוגרייטן פאַרן ווייטן גלות אַזאַ נייטיקן פּרנסה־קוואַל, האָט מע טאַקע באַדאַרפט זיין קלוג, זייער קלוג.

אמת, עס איז דאָ אין שלמה המלכס ביאָגראַפיע איין פּרט, וואָס וואַרפט

אַ שאָטן אויף דער זון פון זיין חכמה: ווען אַשמדאַי האָט פאַרכאַפּט שלמה המלכס טראָן און ער האָט דעם מלך שלמה פאַרוואָרפן ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, איז שלמה המלך אַרומגעגאַנגען אין זיינע בעטלער־קליידער און געשריגן: „אני שלמה!״ — און דער עולם האָט הנאה געהאַט פון דאָזיקן משוגענעם . . .

ווייזט אויס, אַז ווען עס ווערט פּוסט אין דער קעשענע, ווערט אויך פּוסט אין קאָפּ, — אַ שלמה המלך זאָל נישט פאַרשטיין, אַז ווען אַשמדאַי (אָדער אַפילו אַ לאַפּיטוטל בלויז) פאַרכאַפּט אַ טראָן, איז אומזיסט דאָס שרייען „אני שלמה!״ ווער עס זעצט זיך נאָר אַוועק אויפן טראָן, צו דעם בוקט זיך דער המון; ווער עס גייט אָנגעטאָן אין קיניגלעכע בגדים (מעגן דאָס זיין געגנבעטע, נישט אויפן אַשמדאַיס אָדער דעם לאַפּיטוטלס מאָס), דער איז ביים המון דער קיניג. און ווער עס גייט אָנגעטאָן בעטלער־קליידער, דער איז ביים המון אַ בעטלער, מעג הינטער די בעטלער־קליידער זיך קראַמפּן פון עקל אַ שלמה המלך...

און ווען מע איז קלוג (ווער רעדט נאָך — ווי שלמה המלך!), טאָר מען אין אַזאַ פאַל נישט שרייען „אני שלמה!״ דערמיט רייצט מען נאָר דעם המון, און ער לאַכט ביטער אויס: „זע נאָר דעם נייעם שלמה!״, ווייל וואָס ווייס דער המון? אַז ער זעט עמעצן אויף אַ טראָן אָנגעטאָן אין בגדי מלכות גלייבט ער אַז דאָס איז שלמה המלך...

דער המון דאַרף האָבן בלויז אויסערלעכע סימנים, ווייל אויפן תוך פון אַ שלמה המלך פאַרשטייט ער זיך נישט: פרעג אים בחרם!

און צו אָט־דעם המון האָט שלמה המלך, דער קליגסטער פון אַלע מענטשן, געשריגן „אני שלמה!״ — אָנגעטאָן אין בעטלער־בגדים, ווייט פון זיין טראָן און פאַלק?!

אָבער איין נאַרישקייט קאָן נישט פסלען שלמה המלכס קלוגשאַפט־אַטעסטאַטן, נישט נאָר פון דער מלכה שבא, נאָר אויך פון תנ״ך, וואָס איז קיינעם נישט נושא פנים (ווייל וואָסער חכם באַנאַרישט זיך נישט, כאָטש איין מאָל אין לעבן, און וואָסער נאַר זאָגט נישט אַ מאָל אין זיבן יובלען אַ חכמה?).

*

אָבער אַפילו אָן די חכמה־אַטעסטאַטן פון תנ״ך קאָן מע זען ווי קלוג ער איז געווען, שלמה המלך.

דאָס קאָן מע זען פון קליינעכקע פרטים פון זיין ביאָגראַפיע, וואָס מע געפינט אין מלכים א׳.

אויב אַ קלוגער פאַרשטייט זיך אויפן ווונק, — איז שלמה המלך טאַקע געווען קלוג וואָס קלוג הייסט.

צוויי זאַכן האָט דער שטאַרבנדיקער דוד המלך אָנגעזאָגט זיין ליבן זון פון דער ליבער בת־שבע: ער זאָל אָפּהיטן גאָטס תורה און ער זאָל זיך אָפּרעכענען מיט זיינע, דוד המלכס, שונאים (וואָס זיינען צופעליק געווען אויך שלמה המלכס שונאים).

אָט ווי דער תנ״ך דערציילט דאָס:

„און די טעג פון דודן האָבן געגעענט צום שטאַרבן, און ער האָט באַפוילן זיין זון שלמהן, אַזוי צו זאָגן: איך גיי אין דעם וועג פון דער גאַנצער ערד. זאָלסט

זיך שטאַרקן און זיין אַ מאַן, און זאָלסט היטן די היטונג פון יהוה דיין גאָט, צו גיין אין זיינע וועגן, צו היטן זיינע חוקים און זיין געבאָט... אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין תורת־משה...

און אויך ווייסטו וואָס יואב דער זון פון צרויהן האָט מיר געטאָן... דרום זאָלסטו טאָן לויט דיין חכמה, און זאָלסט נישט לאָזן זיינע גראָע האָר נידערן בשלום אין קבר...

און דאָ איז ביי דיר שמעי דער זון פון גראן... וואָס האָט מיך געשאָלטן מיט טויטע קללות אין דעם טאָג וואָס איך בין געגאַנגען קיין מחנים; און ער האָט אַראָפּגענידערט מיר אַנטקעגן ביים ירדן, און איך האָב אים געשוואָרן ביי גאָט אַזוי צו זאָגן: איך וועל דיך נישט טויטן מיטן שווערד. און אַצינד, זאָלסט אים נישט שענקען, וואָרעם אַ קלוגער מענטש ביסטו, און וועסט וויסן וואָס דו זאָלסט טאָן מיט אים; און זאָלסט מאַכן נידערן זיינע גראָע האָר מיט בלוט אין קבר".

ווען איך זאָל דאָ אימפּראָוויזירן וועגן דוד המלך, און נישט וועגן שלמה המלך, וואָלט איך געוווען געמאַכט עטלעכע באַמערקונגען וועגן דודס דאָזיקער צוואה אַ מינוט פאַרן שטאַרבן: האָט דען דוד, דער בעל־התהילים, נישט געמעגט האָבן אין זינען פאַרן טויט גאַנץ אַנדערע זאַכן, ווי זינד פון מענטשן קעגן אים מיט ווייס איך וויפל יאָרן צוריק? בכל אופן האָט ער גיכער געמעגט זיך דער־מאָנען זיינע אייגענע זינד קעגן אַנדערע, — למשל זיין זינד קעגן אוריה החתי, וואָס שלמה, דער זון פון בת־שבע, האָט אים געמעגט דערמאָנען אָן אים, זיין קרבן, וועמען ער וועט באַלד טרעפן אויפן עולם־האמת, פון וואַנען ער וועט אים שוין אין ערגעץ נישט קאָנען אַוועקשיקן לויט זיין, דודס, ערדיש־קיניגלעכן באַפעל...

אָבער איך אימפּראָוויזיר דאָ וועגן שלמה המלך און עס קומען מיר אויפן זינען גאַנץ אַנדערע געדאַנקען.

וועגן היטן גאָטס געבאָט (פון תורת־משה) האָט דוד גערעדט מיטן פולן מויל, און דאָך האָט זיך שלמה המלך געמאַכט נישט הערנדיק: ווי נאָר ער האָט פאַרפעסטיקט זיין מלוכה, האָט ער חתונה געהאַט מיט פרעהס טאָכטער, און חוץ מיט איר, אויך מיט אַנדערע פרעמדשטאַמיקע פרויען, ווי „מואבישע, עמוני־שע, אדומישע, צידונישע, חתישע; פון די פעלקער, וואָס גאָט האָט אָנגעזאָגט די קינדער פון ישראל: איר זאָלט נישט קומען צווישן זיי, און זיי זאָלן נישט קומען צווישן אייך; זיי וועלן זיכער אָפּנייגן אייער האַרץ נאָך זייערע געטער".

אָבער דאָס וואָס דער שטאַרבנדיקער פאָטער האָט אים אָנגעזאָגט וועגן זיי־נע שונאים, — הגם דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַ האַלבן מויל, — האָט שלמה מקיים געוועזן מיטן אַקוראַט; אַדרבא, ער האָט נאָך עפּעס צוגעגעבן, ווייל זיך גערעכנט מיטן כלל: בעסער זאָל מיינס איבערגיין...

נישט אומזיסט האָט דוד זיך פאַרלאָזן אויף שלמה המלכס באַרימטער חכמה: ער האָט דודן פאַרשטאַנען אויפן ווונק...

דוד האָט געהאַט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן...

אדוניהו, דודס עלטסטער זון, וועלכער האָט באַדאַרפט ווערן מלך און שלמה האָט אים אויסגעכאַפּט די מלוכה, האָט כאָטש געוואָלט ירשנען פון זיין פאָטער

די אבישג השונמית. און ער האָט געבעטן ביים מלך, דורך שלמהס מוטער, דעם דאָזיקן חסד.

אָבער שלמה, ווי אַ קלוגער מענטש, כאַפּט זיך אָן אין אדוניהס נאַרישקייט, כּדי צו פאַרענדיקן מיט אַ קאָנקורענט וואָס האָט זיך אַרויסגעדרייט פון טויט מיט אַ שטיקל צייט פריִער. און ער ענטפערט זיין מוטער בת־שבען:

„און פאַר וואָס בעטסטו אבישג השונמית פאַר אדוניהון? בעט פאַר אים אויך די מלוכה, ווייל ער איז מיין עלטערער ברודער...

און דער מלך שלמה האָט געשוואָרן ביי גאָט אַזוי צו זאָגן: ...אום זיין לעבן האָט אדוניהו גערעדט דאָס דאָזיקע וואָרט!... היינט מוז אדוניהו געטויט ווערן!

„און דער מלך שלמה האָט געשיקט דורך דער האַנט פון בניהו..., און ער איז צוגעפאַלן אויף אים, און ער איז געשטאָרבן.

„און ווי די הערונג איז אָנגעקומען צו יואבן — וואָרעם יואב האָט זיך געבייגט נאָך אַדוניהון, הגם נאָך אבשלומען האָט ער זיך נישט געבייגט — איז יואב אַנטלאָפן צום געצעלט פון גאָט (יואב איז געווען אַן עקספּערט אין די דינאַסטישע מאָרדן פון די מלכי ישראל — י. ר.), און האָט זיך אָנגענומען אין די הערנער פון מיזבח.

„איז אָנגעזאָגט געוואָרן דעם מלך שלמה אַז יואב איז אַנטלאָפן צו דעם געצעלט פון גאָט, און אָן איז ער ביים מיזבח. און שלמה האָט געשיקט בניהו..., אַזוי צו זאָגן: גיי פאַל צו אויף אים.

„איז בניהו געקומען צו דעם געצעלט פון גאָט, און ער האָט צו אים געזאָגט: אַזוי האָט געזאָגט דער מלך: גיי אַרויס. האָט ער געזאָגט: ניין, נייערט דאָ וועל איך שטאַרבן.

„האָט בניהו געבראַכט דעם מלך אַ תשובה אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גערעדט יואב, און אַזוי האָט ער מיר געענטפערט. האָט דער מלך צו אים געזאָגט: טו אַזוי ווי ער האָט גערעדט, און פאַל צו אויף אים; און זאָלסט אים באַגראָבן, און אָפּטאָן דאָס אומזיסטע בלוט וואָס יואב האָט פאַרגאָסן, פון מיר און פון מיין פאָטערס הויז. און זאָל גאָט אומקערן זיין בלוט אויף זיין קאָפּ...

„איז אַרויסגעגאַנגען בניהו... און ער איז צוגעפאַלן אויף אים, און האָט אים געטויט...״

ביים מיזבח, אויפן מיזבח, און אַלץ מיט גאָטס נאָמען אויף די ליפּן.

שלמה איז געווען נישט נאָר קלוג, נאָר אויך מזלדיק: היות ער האָט געדאַרפט באַזייטיקן אדוניהון, איז אדוניהו פונקט געקומען צו אים מיט אַזאַ בקשה, וואָס זאָל אים געבן אַן אויסרייד צו טאָן דאָס, וואָס שלמה האָט געחלשט צו טאָן.

און אַלץ אין נאָמען פון גאָט: ער איז אַפילו גרייט געווען צו פאַרגיסן בלוט, כּדי אָפּצוטאָן פון זיך און פון זיין פאָטערס הויז אומשולדיק בלוט... (וואָס יואב האָט פאַרגאָסן; אָבער דאָס מיינט ער נישט מיסתמא אוריה החתיס בלוט, וואָס יואב האָט פאַרגאָסן לויט דודס באַפעל...).

און ווי נאָר שלמה ענדיקט פאַרגיסן דאָס בלוט פון אַלע וואָס שטייען אים, אָדער קאָנען שטיין, אין וועג, מעלדט אונדז דער תנ״ך: „און די מלוכה איז געווען באַפעסטיקט אין דער האַנט פון שלמהן״.

אמת, שלמה איז גרייט אָפּצוגעבן דעם פאַרדינסט פאַר דער באַפעסטיקונג

פון זיין מלוכה — צו גאָט, און ער זאָגט נאָך פאַר די מאָרדן: „אַזוי ווי עס לעבט גאָט, וואָס האָט מיך באַפעסטיקט, און האָט מיך אַרויפגעזעצט אויף דעם טראָן פון מיין פאָטער דוד... אַז היינט מוז אדוניהו געטייט ווערן"; אָבער צום סוף פונעם ספּעציעלן מאָרד־קאַפּיטל ב׳, זאָגט דער תנ"ך לאַקאָניש אָבער קלאָר: „און די מלוכה איז געוועז באַפעסטיקט אין דער האַנט פון שלמהן".

דורך שלמהס אייגענער האַנט, דורך זיין קלוגשאַפט, אויף וועלכער דוד האָט זיך פאַרלאָזן...

און דאָ קומען מיר צום לעצטן באַווייז פון שלמהס קלוגשאַפט.

נאָכן אָפּפאַרטיקן זיך מיט אדוניהון און יואבן און די אַנדערע, דערמאָנטע און נישט־דערמאָנטע פּאַסיווע פאַרפעסטיקערס (דורך אומקומען) פון שלמהס טראָן; נאָכן חתונה האָבן מיט פרעהס טאָכטער, האָט זיך גאָט באַוויזן שלמהן אין חלום. אָבער נישט כדי צו פרעגן אים (דעם בר־מזל!) פאַר וואָס ער האָט גענומען פרעהס טאָכטער פאַר אַ פרוי, נאָר כדי צו פרעגן אים וואָס ער וויל נאָך ווי אַ צוגאָב צום טראָן און צו פרעהס טאָכטער.

האָט זיך שלמה געמאַכט פאַר אַ נעבעכל און געענטפערט גאָט:

„דו האָסט געמאַכט דיין קנעכט פאַר אַ מלך אויף דעם אָרט פון מיין פאָטער דוד, און איך בין אַ קליין יינגל, איך ווייס נישט ווו אויס און ווו איין... דרום זאָלסטו געבן דיין קנעכט אַ פאַרשטאַנדיק האַרץ, צו מישפּטן דיין פאָלק, צו דערקענען צווישן גוטס און שלעכטס, וואָרעם ווער קען מישפּטן דאָס דאָזיקע גרויסע פאָלק דיינס?"

און דאָס מאַכן זיך פאַר אַ נעבעכל האָט געהאָלפן אַפילו ביי גאָט (וואָס־זשע איז דער וווּנדער אַז צביעות העלפט ביי מענטשן?):

„און די זאַך איז וווילגעפעלן אין די אויגן פון גאָט, וואָס שלמה האָט גע־בעטן די דאָזיקע זאַך. און גאָט האָט צו אים געזאָגט: ווייל דו האָסט געבעטן די דאָזיקע זאַך, און נישט... פיל טעג, און נישט... עשירות, און נישט... דאָס לעבן פון דיינע פיינט..., אָט האָב איך געטאָן לויט דיין וואָרט: זע, איך האָב דיר גע־געבן אַ קלוג און פאַרשטאַנדיק האַרץ, — אַז אַזאַ ווי דו איז נישט געוועזן פאַר דיר, און נאָך דיר וועט נישט אויפשטיין אַזאַ ווי דו."

שלמה המלך האָט זיך, מיסתמא, קוים געקאָנט איינהאַלטן, אַז זיין תמע־וואַט אָנגעשטעלט נעבעך־פּנימל זאָל נישט באַצויגן ווערן מיט אַ שעלמיש שמייכעלע: צו וואָס האָט ער אין קאַפּיטל ג׳ באַדאַרפט בעטן דאָס לעבן פון זיינע פיינט אַז אין קאַפּיטל ב׳ האָט ער זיך מיטן לעבן פון זיינע פיינט אַליין גאַנץ גוט אַן עצה געגעבן, כאָטש ער, דאָס נעבעכל, „ווייס נישט ווו אויס און ווו איין..."

און גאָט אַליין האָט גאָר נישט באַמערקט ווי שוואַך ער איז באַהאַוונט אין זיין אייגענעם תנ"ך...

און אפשר האָט אים, דער כביכול אַליין, בלינד געמאַכט די ליבע צום דאָ־זיקן בר־מזל, דעם קליגסטן פון די מענטשן?

וואָרעם אויב גאָט האָט אַפילו פאַרגעסן דעם קאַפּיטל ב׳ פון מלכים א׳, האָט ער דאָך אָבער בשום אופן נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם קאַפּיטל י"א פון מלכים א׳, ווו עס שטייט בפירוש געשריבן, נאָכן באַשרייבן שלמה המלכס שפּאָרן הערעם, אַז „זיינע ווייבער האָבן אָפּגענייגט זיין האַרץ... נאָך פרעמדע געטער,

און זיין האַרץ איז נישט געווען גאַנץ מיט יהוה זיין גאָט... און שלמה איז געגאַנגען נאָך עשתרת, דער געטין פון די צידונים, און נאָך מלכּום, דער אומווערדיקייט פון די עמונים. און שלמה האָט געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט״.

און דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פון שלמהס זינד־צעטל, אין וועלכן עס פיגורירט אויך אַ בימה צום מולך, דער ערגסטער אומווערדיקייט פון די אַלע אומווערדיקייטן, קעגן וועלכע דער תנ״ך פירט אַ כסדרדיקן אומשטערבלעכן קאַמף.

און הגם שלמה האָט פאַרדינט די געוויינטלעכע שטראָף פאַר אַזעלכע זאַכן, דאָך טרייסט אים גאָט, אַז אין זיינע טעג וועט ער דאָס נישט טאָן „פון דיין פאָטער דודס וועגן״.

גאָט איז אַפילו גרייט געווען מבטל צו מאַכן זיין אייגענע תורה לטובת זיין ליבלינג, דעם קלוגן בר־מזל: זאָגט דאָך דער תנ״ך אויסדריקלעך אַז אַ זון פון אַ צדיק וועט נישט געניסן פון טאַטנס צדקות.

עס ווענדט זיך אָבער, ווי עס שיינט, וואָסער זון... און פון וואָסער טאַטן...

אָבער מיר באַשעפּטיקן זיך דאָ נישט מיט שלמה המלכס גוטסקייט אָדער פרומקייט, נאָר מיט זיין קלוגשאַפט. און אָט־דאָס לעצטע האָט ער פאַרמאָגט אַזוי פיל, ביז צו באַצויבערן דערמיט אַפילו גאָט, און אים אָפּווענדן פון זיין שטרענגער גערעכטיקייט.

ווער עס האָט מזל, איז אויך קלוג...

# י״ב) דער תהילים

איך ווייס נישט אויף זיכער צי דעם תהילים האָט טאַקע געשאַפן דוד המלך; אָבער דערפאַר איז ביי מיר נישטאָ קיין שום ספק, אַז דער עמך־ייִד האָט אין אים אַ גרויסן חלק.

דער עמך־ייִד, וואָס האָט אָפט נישט פאַרשטאַנען דעם טייטש אַפילו פון די לייכטע תהילים־פּערזן, האָט אין די אומפאַרשטענדלעכע ווערטער אַריינגעגאָסן אַזוי פיל פון זיין שווער ייִדיש געמיט, אַז די געזאָגטע קאַפּיטלעך תהילים זיינען געוואָרן אַ געזאַנג פון געזאַנגען, וואָס האָט אָפט אויפגעהערט צו האָבן אַ שייכות מיט דעם קאַנאָניזירטן תהילים ווי אַזאַ. עס איז געוואָרן אַ נייע מוזיקאַלישע שאַפונג.

סיי דער ייִד, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען די ווערטער פון תהילים און סיי דער ייִד וואָס וואָלט זיי אַפילו יאָ געווען געקאָנט אָפּטייטשן אין אַ רויִקן צו־שטאַנד׳, אָבער אין זיין עקסטאַז פון תהילים־זאָגן האָט ער דאָס גאָר פאַרגעסן צו טאָן און זיך באַגנוגנט מיט דער דבקות, מיט זיין גייסטיקער בענקשאַפט (סובלימירט פון ייִדישן צעבראָכענעם געמיט), וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין זיי, — אָט־אָ־די ביידע סאָרטן ייִדן, סיי דער תמימותדיק־גלייביקער עם־הארץ, סיי דער התלהבותדיק־פאַרגייסטיקטער תלמיד־חכם, האָבן דעם תהילים פאַר־וואַנדלט אין אַ סוביעקטיווע שאַפונג (די סוביעקטיווע שאַפונג פון אַ כלל), אין אַן אינסטרומענט פאַר זייער רעליגיעזער אימפּראָוויזאַציע.

ווען איר נעמט צו ביים תהילים אָט־אָ־די אָריגינעל־שאַפערישע שותפות (און ער האָט זי שוין היפּשלעך פאַרלאָרן), ווערט ע ר, דער תהילים, אָרע־מער אין אינהאַלט, און מיר, ווי אַ פאָלק, ווערן אָרעמער אין אַ גרויסער קאָלעק־טיווער שאַפונג, מיר ווערן אָרעמער אין אַ קוואַל פון התלהבות, ביטחון, טרייסט און טיפע רעליגיעזע עמאָציעס.

דאָס פאָלק, אין זיין רעליגיעזער התלהבות, האָט פון תהילים געמאַכט אַ גאַנצקייט, איין רעליגיעז־דיכטערישן געזאַנג; אָבער ווען מע רייסט אַראָפּ פון תהילים דעם הייליקן נעפל פון השתפכות הנפש, אין וועלכן דאָס ייִדישע פאָלק האָט אים איינגעהילט, נעמען מיר אונטערשיידן זיינע רעאַלע פאָרמען, וואָס זיי־נען ווייט־ווייט נישט איינהייטלעך. מיר הייבן־אָן צו אונטערשיידן די אָביעקטי־ווע עקסיסטענץ פון תהילים.

און מיר באַמערקן תיכף אַז די זיסקייט פון די תהילים־געזאַנגען איז נאָר טיילווייז געקומען פון תהילים צום ייִדן; מערסטנטיילס האָט דער ייִד זי צוגע־טיילט פון זיין אייגענער געמיט־פולקייט צו די תהילים־קאַפּיטלעך.

*

נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער קאַפּיטל תהילים ק״ל הייבט זיך אָן מיט די תהילימדיקסטע ווערטער (דער וואָרצל פון עכטן תהילים־גייסט) „ממעמקים קראתיך ה׳״, קומט אָבער נישט אָט־דער קאַפּיטל פון די אמתע „ממעמקים״.

דער דאָזיקער ״ממעמקים״ איז אַ געלײַענער, ער פּאַסט זיך נישט צום קאַלטן קאַ־פּיטעלע, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּזמון, וואָס מע האָט באַדאַרפט זאָגן מן־הסתם ביי באַשטימטע געלעגנהייטן, מיט אַ באַשטימטן ניגון. נישטאָ אין אים קיין פּערזענלעכער פייער, קיין פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ע תּפילהדיקייט, וואָס קומט פון די אייגענע טיפענישן. דאָס קאַפּיטעלע איז פאַרפאַסט געוואָרן אויף קאַלט, ווי אַ מאַגישער שפּרוך וואָס אַ זינדיקער דאַרף זאָגן, כּדי פריי צו ווערן פון זיינע עבירות, אָדער ריכטיקער, — כּדי יוצא צו זיין פאַר זיינע עבירות, אויף וועלכע ער דאַרף פון צייט צו צייט בעטן פאַרגעבונג.

ער זאָגט דעם שפּרוך, אָבער דערביי איז ער נישט דערשיטערט אינטים: נישט פון זיין זינדיקייט־באַוווּסטזיין און נישט פון זיין שטיין פאַרן מלך מלכי המלכים, וואָס נאָר ער קאָן אים באַפרייען פון דאָזיקן אינערלעכן שולדיקייט־דרוק.

דער קאַפּיטל איז צו אויסגערעכנט־קלוג פאַר אַ מענטשן וואָס רופט פון די טיפענישן פון אייגענעם זינדיקייט־תהום, ד״ה פון טיפסטן תהום, אין וועלכן אַ מענטש קאָן זינקען:

״אַז דו, גאָט, זאָלסט אַכטן אויף זינד,
ווער, גאָט, קאָן באַשטיין?
וואָרעם ביי דיר איז פאַרגעבונג,
דערום ווערסטו געפאָרכט״.

און דעריבער ענדיקט זיך דאָס קאַפּיטעלע מיט אַ קאָלעקטיווער טרייסט (פאַרגעסנדיק דעם ״איך״־טאָן פון די פריערדיקע קאַלטלעכע שפּרוך־שורות), מיט אַ קאַזיאָנעם אָפּטימיזם.

״האַר, ישראל, אויף גאָט,
וואָרעם ביי גאָט איז גענאָד,
און ביי אים איז גרויס אויסלייזונג.
און ער וועט אויסלייזן ישראל פון אַלע זיינע זינד״.

אמת, אָט־דאָס קאַפּיטעלע איז נאָך גאַנץ ווייט פון אַנדערע שפּרוך־קאַ־פּיטלען, ווו דאָס אומפּערזענלעך־קולטמעסיקע קומט נאָך בולטער צום אויסדרוק אין מאַרש־אַרטיקע פערזן, אין מאַרש־אַרטיקער רעליגיעזיטעט, ווי, למשל, אין קאַ־פּיטל מ״ז. און ער איז אַוודאי און אַוודאי ווייט פון אַזעלכע קאַפּיטלען ווי פּ״ו און ענלעכע, ווו דער לויבגעזאַנג צו גאָט האָט בולט ווי אַ ציל אים צו באַווירקן, אים צו באַגינסטיקן דורך אַ מאַגיש געזאַנג, פול מיט פאַרטיקע רעליגיעזע פאַר־מולעס (דער אָנהייב פון גרויסן טייל פון אונדזערע עקרדיקע פּיוטים), וואָס קאָנען קיין שום טיף, עכט געפיל נישט געבוירן, ווען מע באַשענקט זיי נישט מיט פּערזענלעכער פאַרנעפּלטער געמיט־פולקייט, נאָר מע וויל פון זיי באַקו־מען אַ שטויס צו רעליגיעזער התלהבות.

מע פילט ביי די דאָזיקע קאַפּיטלען, אַז זיי זיינען געשאַפן געוואָרן אין אַ וואַרשטאַט, לויט אַ נוסח, דורך אַ ספּעץ, און דער וואָס דאַרף אָפיציעל תּפילה טאָן — אָבער זיין האַרץ איז ליידיק — נעמט־אָן אָט־די געזאַנגען ווי אַ מטבע וואָס איז גאַנגבאַר, און גיט זיי ווייטער ווו מע דאַרף, לויט אַ פעסטגעשטעלטן

ריטואַל. אָדער ער באַטייליקט זיך אין קאָלעקטיוון גאָטדינסט, לויט די פאַר־שריפטן.

אָבער די אומפּערזענלעכע תהילים־קאַפּיטלען, וואָס זיינען מער אָדער ווייניקער סטאַנדאַריזירט, און אייניקע פון זיי לויבן גאָט ביז אָפענער חניפה, זיינען נאָר איין טייל פון תהילים. פאַראַן אויך אַ צווייטער טייל, וואָס איז רייך נישט נאָר מיט די געמיט־געשאַנקען פון די עמך־יידן, נאָר פון סאַמע געבורט, ווייל זיי זיינען באמת געשאַפן געוואָרן „ממעמקים״, פון אינטימער פרומקייט פון אַ פּערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך געווענדט צו גאָט פון די טיפענישן און נישט לויט אַן איינגעשטעלטן קולט־נוסח, נישט מיט מאַגישע פאָרמולעס, נייערט מיט וואַרעמע אינטים־דערהויבענע ווערטער, מיט דיכטערישע בילדער, אַרויפגעשווומענע פון די טיפענישן, אָן שום אויסרעכענונגען, נאָר פון טיפסטער אינערלעכער נויטווענדיקייט, ווי יעדע עכטע דיכטונג.

אַזאַ איז דאָס קאַפּיטל כ״ג.

„גאָט איז מיין פּאַסטוך,
מיר וועט נישט פעלן...
אַפילו אַז איך גיי אין טאָל פון טויט,
האָב איך נישט מורא פאַר בייז,
וואָרעם דו ביסט מיט מיר...״

אויך אָט־דאָס ליד איז געוואָרן אַ קאַפּיטל תהילים און הונדערטער טויזנטער, מיליאָנען האָבן דורך אים אויסגעדריקט זייער שטימונג, — אָבער אָט־דאָס קאַפּיטל לאָזט זיך נישט בייגן, מעג מען צוגיין צו אים לויט אַ קולט־באַפעל, — ער כאַפּט באַלד אַרום מיט זיין פּערזענלעכער, אינטימער געבורט־שטימונג, ער דרינגט אַריין אין טיפסטן פונקט פון דער נשמה און צווינגט זי אַריינצופאַלן אין ריטעם פון זיין אינטים־דיכטערישער זיסקייט, פון זיין אינדיווידועלן רעליגיעזן פלאַטער.

נאָך שטורמישער גיסט זיך די נשמה איבער אין פּערזענלעך־געהויבענער דיכטונג (און קיין אַנדערע איז נישטאָ) אין וווּנדערבאַרן קאַפּיטל מ״ב:

„ווי אַן אינד לעכצט נאָך בעכן וואַסער,
אַזוי לעכצט מיין זעל נאָך דיר, גאָט.
מיין זעל טוט דאַרשטן נאָך גאָט,
דעם לעבעדיקן גאָט:
ווען וועל איך קומען
און זיך ווייזן פאַר גאָט?...
וואָס ביסטו געבויגן מיין זעל,
און טוסט ברומען אין מיר?״

אָט דאָס איז דער קעגנזאַץ צו יענעם אויסערלעכן „ממעמקים״ פון קאַפּיטל ק״ל. און דאָס זאָגט דער קאַפּיטל מ״ב אַזוי קלאָר:

„מיין טרער איז געוואָרן
מיין שפּייז טאָג און נאַכט,
אַז מע זאָגט מיר אַ גאַנצן טאָג: אַוווּ איז דיין גאָט?
דאָס טו איך דערמאָנען,

און גיס אויס מיין זעל אין מיר;
ווי איך פלעג דורכגיין מיט אַן עולם,
זיי פירן צום הויז פון גאָט,
מיט אַ קול פון געזאַנג און לויב,
אַ יום־טובדיק געזעמל.
וואָס ביסטו געבויגן מיין זעל,
וואָס טוסטו ברומען אין מיר?״

אָט האָט איר דאָס אָפּן: דער ערשטער מוסטער־קאַפּיטל (ק״ל) איז דער נוסח־געזאַנג פון יום־טובדיק־קולטישן המון, וואָס האָט קיין קול נישט פאַר דער זעל, וואָס „טוט ברומען״ טיף אין זיך, אין איר אינטים לעכצנדיקער רעליגיעז־קייט; דער צווייטער מוסטער־קאַפּיטל (מ״ב) איז אָט־דער אינטים־לעכצנדיקער געזאַנג, וואָס געפינט זיך קיין אָרט נישט אין דעם קולטיש־יום־טובדיקן המון וואָס הערט גאָר גאַנץ אַנדערע קולות:

„תהום צו תהום טוט רופן
און דעם קול פון זיינע וואַסערפאַלן;
אַלע דיינע אינדן און דיינע וועלן זיינען אַריבער אויף מיר...
מיט רציחה —
לעסטערן מיך מיינע פיינט,
אַז זיי זאָגן צו מיר אַ גאַנצן טאָג:
אַוווּ איז דיין גאָט?״

אין די געבויגענע זעלן וואָס טוען ברומען און הערן דאָס אינטים־געטלע־כע אַפּילו אין די ליאַרעמדיקע וואַסערפאַלן, — אָט אין זיי ווערט געבוירן און בליט דאָס עכט־תהילימדיקע, דער עכטער „ממעמקים קראתיך יה׳״ — וואָס מאַכט פון תהילים אַ וואָרצל פון כסדר־שפּראָצנדיקער רעליגיעזקייט, אַפילו ווען קיינער וויקלט אים נישט איין אין אייגענע רעליגיעזע שלייערן: ער קאָן זיך רעליגיעז צעוואַקסן פון זיך אַליין, פון זיין אייגענעם וואָרצל, וועלכן עס האָבן אין אים פאַרפלאַנצט אויף אייביק די ערשטע אינטימע תהילים־שאַפערס און זאָגערס.

*

פאַראַן נאָך אַ קעגנזאַץ־פּאָרל איז „תהילים״, אָבער שוין נישט אין אינטים־רעליגיעזן זין, נאָר אין נאַציאָנאַלן.

פאַראַן אין תהילים אַ גאַנצע ריי נאַציאָנאַלע געזאַנגען.

אויך אין דעם דאָזיקן טייל זיינען דאָ נאַציאָנאַלע קולט־געזאַנגען, וואָס מע פלעגט זיי זאָגן בעת דער עבודה אין בית־המקדש, ווי, למשל, דער קאַפּיטל קכ״ד (איינער פון די שענסטע פון דאָזיקן מין), און אַזעלכע וואָס אין זיי פילט זיך די שעפערישע פערזענלעכקייט, דער נאַציאָנאַלער אויסגעשריי פון אַ דיכ־טערישער פערזענלעכקייט און נישט פון אַ פּיוט־שרייבער לויט אַ נוסח פאַר אַ נוסח.

צו די לעצטע געהערן די פּרעכטיקע קאַפּיטלעך תהילים קכ״ו און קל״ז.

קאַפּיטל קל״ז, אַ וווּנדערבאַרער, אינטים־באַוועגטער געזאַנג („על נהרות

בבל שם ישבנו גם בכינו") מאַכט נאָך אַ שטאַרקערן איינדרוק צוליב זיין שכנות־שאַפט, — ער קומט גלייך נאָך דעם טיפּישן נאַציאָנאַלן קולט־מאַרש:

„גיט אַ דאַנק צו גאָט, וואָרעם ער איז גוט — — —
צו דעם וואָס האָט געשלאָגן מצרים און זייערע בכורים,
וואָרעם אויף אייביק איז זיין חסד;
און אַרויסגעצויגן ישראל פון צווישן זיי,
וואָרעם אויף אייביק איז זיין חסד", אז"וו, —

אַן עכטער מוסטער (אַ שלעכטער!) פון די שפּעטערדיקע שלעכטע פּיוטים.

נאָך די קאַלטע „הודו"ס מיט די „כי לעולם חסדו"ס, גיט מען זיך אַ טובל אָפּ מיט התפעלות אין די אינטים־צאַפּלדיקע פערזן פון „על נהרות בבל":

„ביי די טייכן פון בבל,
דאָרטן זיינען מיר געזעסן און געוויינט,
אַז מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן ציון.
אויף די ווערבעס וואָס אין איר
האָבן מיר אויפגעהאָנגען אונדזערע האַרפן; —
וואָרעם דאָרטן האָבן אונדזערע פאַנגערס
פאַרלאַנגט פון אונדז ווערטער פון געזאַנג,
און אונדזערע פּייניקערס, פריילעכקייט:
זינג אונדז די לידער פון ציון.

ווי זאָלן מיר זינגען דאָס געזאַנג פון גאָט
אויף פרעמדער ערד?
אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים,
זאָל מיין רעכטע האַנט אָפּגענומען ווערן.
זאָל צוגעקלעפּט ווערן מיין צונג צום גומען,
אויב איך וועל דיך נישט געדענקען,
אויב איך וועל נישט דערמאָנען ירושלים
אויף מיין העכסטער שימחה".

און מיט אַ מאָל, איבערגעוועלטיקט מיט דער דערינערונג פון דעם שונאס חוצפה און דער אייגענער שבועה, גיט זיך אַ כוואַליע ביים דורכגענומענעם זינגער דאָס בלוט און פון די טיפענישן גיט אַ שפּריץ אַרויס, ווי אַ גייזער, די אָנגעזאַמלטע הילפלאָזע שינאה־פאַראַכטונג:

„טאָכטער בבל, דו אָנגעברייטע צו פאַרוויסטונג,
וווויל צו דעם וואָס וועט דיר אָפּצאָלן
דיין טואונג וואָס דו האָסט אונדז געטאָן;
וווויל צו דעם וואָס וועט אָננעמען און צעהאַקן
דיינע קליינע קינדער אָן פעלדז".

דאָ איז נישט קיין שאַבלאָן־נוסח, דאָ איז נישט קיין „הודו", — דאָ איז בלוט־געזאַנג, השתפכות הנפש אין פשוטסטן און עכטסטן זין פון וואָרט.

און דאָס זעלביקע — מיטן קאַפּיטל קכ"ו:

און אונדזער צונג מיט געזאַנג;
גרויס געטאָן האָט גאָט מיט די דאָזיקע.
דענסטמאָל האָט מע געזאָגט צווישן די פעלקער:
זיינען מיר געווען ווי אין חלום.
דענסטמאָל איז פול געוואָרן אונדזער מויל מיט געלעכטער
„אַז גאָט האָט אומגעקערט די אומקערונג פון ציון
גרויס געטאָן האָט גאָט מיט אונדז,
מיר זיינען דערפרייט געוואָרן.
ריכט אונדז גאָט ווידער אויף
ווי שטראָמען אין טרוקענעם לאַנד.
די וואָס זייען מיט טרערן
זאָלן שניידן מיט געזאַנג.
גיין גייט און וויינט
דער וואָס טראָגט דעם אויסשיט פון זריעה,
אָבער קומען זאָל קומען מיט געזאַנג
דער וואָס טראָגט זיינע גאַרבן״.

ער האַלט שוין, דער דיכטער, ביי דער אינטים־נאַציאָנאַלער פרייד, אָבער גראָד זי, אין איר פולקייט, דערמאָנט אים דעם פריערדיקן אינטים־נאַציאָנאַלן טרויער און פון די אויפגערודערטע דיכטערישע געמיט־טיפענישן גיט אַ כוואַליע אַרויס אַ דיכטעריש בילד פון אייביקער פראַכט און אייביקער וואַרעמער לע־בעדיקייט:

„גיין גייט און וויינט
דער וואָס טראָגט דעם אויסשיט פון זריעה,
אָבער קומען זאָל קומען מיט געזאַנג
דער וואָס טראָגט זיינע גאַרבן״.

אָבער ווי שיין עס זאָלן נישט זיין די דאָזיקע נאַציאָנאַלע קאַפּיטלעך תהילים. באַזונדערס ווען מע פאַרגלייכט זיי מיט די קולט־נוסחדיקע, — זיינען זיי אָבער נישט דער עיקר פון ספר תהילים: זיי זיינען דאָ ווי פּערל פון אַ פרעמדן האַלדז־באַנד.

דער תהילים איז אַ רעליגיעז־אינטימער „ממעמקים״, אַ געזאַנג צו דעם. וואָס דער טיף־רעליגיעזער יחיד פילט אים ווי זיין פאַסטעך, וועמען ער גע־טרויט זיך אָן אַפילו אין טאָל פון טויט.

## י״ג) דער טאָפּלטער קוואַל פון נבואה

יעדער אימפּעט מוז האָבן אַ טרייבנדיקע קראַפט.

אין וואָס־זשע איז באַשטאַנען די טרייבקראַפט פון נביאישן אימפּעט?

דערויף איז דאָ אַ קלאַסישער ענטפער: זייער געפיל פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, אָדער פּרעציזער: זייער שפּירבאַרקייט צו סאָציאַלער אומגערעכטיקייט.

די טרייבקראַפט פון דער קלאַסישער ייִדישער נבואה איז זיכער געווען דער בונט קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט; אָבער אָפט מאָל, ביים לייענען די בונטאַרישע רעדעס פון די גרויסע נביאים, פיל איך ווי דער אימפּעט זייערער ווערט געטראָגן אויך פון אַ ביישטראָם; איך פיל ווי דער אימפּעט זייערער ווערט פאַרשטאַרקט פון אַ צווייטן רייסיקן שטראָם וואָס מישט זיך אויס מיטן שטראָם פון בונט קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט, און גיט אים צו דעם ליידנשאַפטלעכסטן טאָן אין דער וועלט־ליטעראַטור.

אין וואָס באַשטייט אָבער אָט־דער צווייטער שטראָם, וואָס האָט געהאָלפן שאַפן די איינציקאַרטיקע עמאָציאָנעלע דערשיינונג פון ייִדישער נבואה?

*

איך גיב אַ מיש דעם תנ״ך און איך פאַל אַריין אין אַ מאָראַלישן שטורעם, אין אַ מאָראַלישער ערדציטערניש:

„הערט דאָס צו, איר וואָס ווילט איינשלינגען דעם אביון,
און פאַרטיליקן די אָרעמע פון לאַנד...
צו פאַרדרייען מיט פאַלשע וואָגשאָלן;
כדי צו קויפן פאַר געלט די אָרעמע,
און דעם אביון פאַר אַ פּאָר שיך — — —
זאָל איבער דעם נישט ציטערן די ערד
און טרויערן איטלעכער וואָס וווינט אויף איר?
יאָ, זי וועט זיך אויפהייבן אין גאַנצן ווי דער טייך,
און צעדודערט ווערן און זיך אַראָפּזעצן ווי דער טייך פון מצרים״.

אין דעם דאָזיקן מאָראַלישן אויסברוך פון נביא עמוס (קאַפּיטל ח׳, פּסוקים 4־10) איז דאָ אַ זאַץ, וואָס זיין אימפּעט ווערט געטריבן דורךביידע שטראָמען פון דער נבואה — סיי דורך דעם הויפּטשטראָם פון בונט קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט, סיי דורך דעם ביישטראָם, וואָס מיר דאַרפן נאָך זוכן פאַר אים אַ באַצייכענונג, ווייל דערווייל פילן מיר נאָר אַז ער איז דאָ, אָבער מיר ווייסן נאָך נישט אין וואָס ער באַשטייט.

„זאָל איבער דעם נישט ציטערן די ערד,
און טרויערן איטלעכער וואָס וווינט אויף איר?״ —

שרייט אויס דער נביא.

זיין מאָראַלישער אויפברויז איז אַזוי גרויס, אַז עס איז פאַר אים נישט קיין מליצה ווען ער זאָגט אַז די ערד דאַרף ציטערן פון דעם, פונקט ווי ער, דער נביא, ציטערט.

אַפילו די ערד דאַרף אויפגעטרייסלט ווערן פון דעם וואָס עס קומט פאַר אויף איר.

אָבער אַפילו די געוואַלדיקסטע אויפרעגונג פון ד׳ער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט וואָלט פון דעסטוועגן נישט געוועז געקאָנט וועקן אין די נביאים אַזאַ שטורעם, ווען זיי וואָלטן באמונה שלימה געווען געגלייבט אין דעם, אַז שכר ועונש איז אָנגעברייט פאַר גוטס און שלעכטס.

דער תמימותדיקער גלויבן אין דעם אַז פאַר סאָציאַלער רשעות איז אָנגעברייט אַ שטראָף און פאַר אומפאַרדינטע ליידן — אַ פאַרגיטיקונג, וואָלט געוועז זיין אַ שטאַרק מילדערונג־מיטל קעגן אומגעצוימטן, כמעט אומגעטרייסטן אויפברויז פון די נביאים.

און דער אויפברויז פון די נביאים איז (נאָך מיין איבערצייגונג) אָפט אומגעצוימט, ווייל זייער סאָציאַלער בונט ווערט נישט געמילדערט פון אַ גלייכגעוויכטיקן גלויבן אין דעם סוף־כל־סופיקן זיג פון דער גערעכטיקייט.

דאָס וואָס די נביאים מאָלן אַזוי ליידנשאַפטלעך די שטראָף פאַר סאָציאַלער רשעות, איז נישט קיין אָפּלייקענונג פון מיין איבערצייגונג, — דאָס איז אַ באַשטעטיקונג פאַר איר.

זיי מאָלן זי, די שטראָף, אַזוי ליידנשאַפטלעך דערפאַר, ווייל זיי וו י ל ן עס זאָל זיין אַזוי, זיי ווילן דאָס מיט אַ קראַפט, וואָס איז פּראָפּאָרציאָנעל צו זייער צאָרן; זיי ווילן זי, אָבער זיי גלייבן נישט אין איר מיט אַ רויִקן, זיכערן גלויבן וואָס פאַרמאָגט די אייגנשאַפט צו מילדערן ד׳ אויפרעגונג, נישט טרייבן זי צום קלימאַקס.

איך זאָג נישט, אַז די נביאים האָבן נישט געגלייבט אין שכר ועונש, אָבער דער גלויבן זייערער וואָרצלט נישט טיף אין זייער געפיל. בכל אופן איז ער צו שוואַך לגבי זייער אויפרעגונג און לגבי זייער וו י ל ן פון שכר ועונש.

און ד׳ערפאַר וואָס זייער גלויבן אין אַ שטראָף פאַר די רשעים און אין אַ פאַרגיטיקונג פאַר די ליידנדיקע צדיקים איז שוואַכער פאַר זייער אויפברויז, ווערט דאָס ד׳אָזיקע לעצטע נאָך שטאַרקער, ווייל די נביאים קאָנען אים, דעם אויפברויז, נישט מילדערן דורך אַ גלויבן, וואָס איז טיף פאַראַנקערט אין אַ געפיל פון גלייכמאָסיק־לייכטנדיקער זיכערקייט אינעם פּרינציפּ פון שכר ועונש, אַ פּרינציפּ, וואָס גיט גלייכגעוויכט דער וועלט.

ווען מען איז אומגעצוימט אויפגעברויזט פון אומגערעכטיקייט און מ׳איז באַהערשט פונעם אָנמאַכטיקייט־געפיל לגבי איר, מוז די אויפגעברויזטקייט ווערן נאָך אומגעצוימטער, זי מוז ממש דערגרייכן די מדרגה פון כמו־משוגעת, וואָס דאָס איז אָפט אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אונדזערע גרויסע נביאים.

דער אורטייל פון המון, אַז „משוגע איש הרוח״ איז אויסגעפּרעסט געוואָרן אינעם געמיט פונעם נביא גופא, ווייל ער איז שיער נישט געטריבן געוואָרן צו משוגעת פון זיין דערצערנטקייט, וואָס האָט נישט געהאַט דעם טאָרמאָז פונעם רויִקן גלויבן פונעם בעל־התהילים, ביי וועמען דער אויפברויז קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט ווערט געמילדערט דורך דעם גלייכגעוויכטיקן, פעלדזנפעסטן

גלויבן אַז דער סוף־כל־סופיקער זיג פון גערעכטיקייט איז פונקט אַזוי זיכער, ווי דער צייטווייליקער טריומף פון רשעות.

דער בעל־התהילים זאָגט מיט תמימותדיקן גלויבן, וואָס וואָרצלט פעלדזנ־פעסט אין זיין געפיל: „צום גערעכטן וועט זיך אומקערן דאָס רעכט" (צ"ד, 15); אָבער ביי די נביאים וועט איר נישט געפינען אָט־די טיפיש־תהילימשע תמימות־דיקע זיכערקייט וואָס באַרויִקט דאָס געמיט; זיי פאַרפאָלגט דאָס טיפיש־איובשע געפיל (וואָס איז שטאַרקער פאַר איובס און פאַר די נביאימס גלויבן), אַז „די ערד איז איבערגעגעבן אין דער האַנט פון רשע".

אָט־דאָס געפיל, וואָס רופט אַרויס איובס מאָראַלישע ערדציטערניש, רופט אויך אַרויס די מאָראַלישע ערדציטערניש פון די נביאים.

נישט אומזיסט ווערט איוב פאַררעכנט אין דער יידישער מסורה פאַר אַ נביא. אין אים האָבן געווירקט די צוויי ווּכטיקסטע נביאימשע עלעמענטן:

1) דער אומבייגזאַמער האַס צו אומגערעכטיקייט, און

2) דאָס צו משוגעת־טרייבנדיקע געפיל פון אָנמאַכטיקייט לגבי דעם רשע.

דאָס כאַראַקטעריסטישסטע אין תהילים קומט צום אויסדרוק אין אָט־די תהילים־פסוקים:

„גערעכט איז גאָט אין אַלע זיינע וועגן,
און גענאָדיק אין אַלע זיינע מעשים.
גאָט איז נאָענט צו אַלע וואָס רופן אים,
צו אַלע וואָס רופן אים מיט אמת.
ער טוט דעם רצון פון די וואָס פאָרכטן אים,
און זייער געשריי הערט ער צו און העלפט זיי.
גאָט באַהיט אַלע וואָס האָבן אים ליב,
און אַלע רשעים וועט ער פאַרטיליקן".

(קמ"ה, 17־20).

אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישסטע אין די נביאים קומט צום אויסדרוק אין פאָלגנדיקע שורות פון חבקוק (א׳, 2־4):

„ביז וואַנען, גאָט, וועל איך רופן,
און דו וועסט נישט הערן?
שרייען צו דיר גוואַלד,
און דו וועסט נישט העלפן?
פאַר וואָס לאָזסטו מיך זען אומרעכט,
און קוקסט צו אומגליק?
און רויב און גזלה זיינען פאַר מיר,
און עס איז קריג, און שטרייט הייבט זיך אויף.
דרום איז אָפּגעשוואַכט די תורה,
און קיין מאָל קומט נישט אַרויס אַ משפט;
ווייל דער רשע רינגלט אַרום דעם צדיק,
דרום קומט אַרויס דער משפט פאַרדרייט".

*

די געוואַלדיקע דערשיינונג פון די נביאים, פיל איך אַרויס, איז אַ רעזול־

טאָט פון אַן אומגעוויינטלעכער שפּירבאַרקייט צו אומרעכט און פון אַ טיפן פּע־סימיזם, וואָס לאָזט זיי נישט געניסן די רויִקייט, וואָס דער בעל־התהילים האָט פאַרמאָגט. האָט ער דאָך געהאַט די זיכערקייט, אַז „צום גערעכטן וועט זיך אומ־קערן דאָס רעכט״.

אַזאַ גלויבן גיט קראַפט רויִק צו וואַרטן אַפילו דאַן, ווען מע פאַרמאָגט די נביאימשע שפּירבאַרקייט צו אומרעכט.

אָבער דער מאַנגל אין אַזאַ געפיל־גלויבן פאַרשטאַרקט די אויפגעברויזט־קייט דורך אַ געפיל פון אָנמאַכט, און ביידע שטראָמען צעשטורעמען זיך אומ־געצוימט, ווי מיר זעען דאָס ביי די נביאים.

## י״ד) וועגן פאַלשע און אמתע נביאים

דער קאַמף צווישן די אמתע נביאים (נביאי האמת) און די פאַלשע (נביאי השקר), איז מיר שוין קליינערהייט שטאַרק אָנגעגאַנגען. אין חדר נאָך פלעג איך מיטגעריסן ווערן מיטן דאָזיקן דראַמאַטישן קאַמף, וואָס איז אַ סך פּאַטעטישער און טראַגישער, ווי אליהו הנביאס קאַמף מיט די נביאי הבעל.

אליהו הנביאס קאַמף מיט די נביאי הבעל איז געווען אַ קאַמף צווישן צוויי געטער, פאַר צוויי געטער. אָבער די „נביאי השקר" און די „נביאי האמת" האָבן דאָך געקעמפט אין נאָמען פון איין גאָט. ביידע צדדים האָבן געטענהט אַז דער פאָרכטיקער יהוה רעדט דורך זייער מויל.

אמת, ווער זיינען עס געווען די אמתע נביאים און ווער די פאַלשע? — וועגן דעם האָט פאַר אַ חדר־יינגל נישט געקאָנט זיין קיין שום ספק; עס פלעגט נאָר ווי טאָן דאָס האַרץ, פאַר וואָס דאָס איז פאַר יענע ווייטע אבות מיינע אויך נישט געווען אַזוי קלאָר...

דעריבער טאַקע איז געווען אַזוי איבעראַשנדיק־ניי, אויסטערליש־ניי און לעסטערנדיק בערדיטשעווסקיס גדאַנקענגאַנג — אין זיינע פּלאַמיקע עסייען — וואָס האָט בוכשטעבלעך משנה געווען די סדרי־בראשית: די נביאי השקר זיינען ביי אים געוואָרן די נביאי האמת, און פאַרקערט: די נביאי האמת, וואָס זיינען געווען די גרעסטע ברכה פאַרן פאָלק, זיינען ביי אים געוואָרן די גרעסטע קללה; און די נביאי השקר זיינען גאָר עלול געווען צו ווערן דעם פאָלקס גרעסטע ברכה ווען נישט די „עוכרי ישראל", די נביאי האמת, ד״ה די „אמתע" נביאי השקר.

און בערדיטשעווסקיס פייערדיקע פּראָזע־רייד זיינען נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן פון טשערניכאָווסקיס געזאַנג; דער ציקל לידער „מחזיוני נביאי השקר" האָט אויפגעדעקט די טראַגעדיע פון די כלומרשטע נביאי השקר, ווי לעבעדיק זיינען אויפגעשווומען פאַר מיר די דראַמאַטישע געשטאַלטן פון די דאָזיקע נביאים, וואָס זיינען אַריין אין דער געשיכטע אונטער אַ פאַלשן, מיט שאַנד באַדעקטן נאָמען, בעת זייער אמתן שטראַלנדיקן נאָמען האָבן צוגערויבט די, וועלכע האָבן כשר פאַרדינט דעם שאַנד־נאָמען „נביאי השקר"...

ס'וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן אַז אַ גאַנצע וועלט — מיין גאַנצע גייסטיקע וועלט — האָט זיך שיער נישט איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ.

*

אַז בערדיטשעווסקי־טשערניכאָווסקי האָבן אַ שפּאָר ביסל מגזם געווען, איז מיר — נאָכן ערשטן שאָק — געווען קלאָר: עס איז אוממעגלעך געווען צו זען ירמיהן, עמוסן, חבקוקן, ישעיהן אין דער געשטאַלט פון פאַלשע נביאים.

אָבער איין גדאַנק האָט זיך יאָ געגומען פיקן אין מוח: צי זיינען טאַקע די „נביאי השקר" געווען אַזוי נישטיק ווי מיר זעען זיי אין תנ״ך? צי איז זייער אָנטייל אינעם דיאַלאָג מיט די „נביאי האמת" דערגאַנגען צו אונדז מיט דער

זעלביקער פּאָלבּרוסטיקער שטים, ווי פון די נביאי האמת? צי האָט מען זייערע אַרגומענטן, וואָס בערדיטשעווסקי־טשערניכאָווסקי האָבן זיך באַמיט אינטויִטיוו צו רעסטאַווּרירן, נישט מסרס געווען?

און בכלל: ווי איז טאַקע דעם פאָלק מעגלעך צו אונטערשיידן צווישן אַן אמתן נביא און אַ פאַלשן?

האָט דען אַזאַ ריז ווי ר׳ עקיבא נישט געזען קיין „בר־כוכבא״ אין דעם, אין ווען אַנדערע גדולי הדור, ר׳ עקיבאס צייט־חברים, האָבן געזען אַ „בר כוזיבא״?

קומט דען נישט פאַר היינט, אין אונדזער אייגענער צייט, קיין מיינונג־קאַמף וועגן דעם, מיט וואָסער וועג אַ פאָלק דאַרף גיין? און די וואָרטזאָגערס פון ביידע צדדים זיינען דאָך נביאי האמת ביי זייערע אָנהענגערס און נביאי השקר — ביי די קעגנערס! אַנטשיידט דאָך אויך היינט אין אַזעלכע פאַלן יעדנס מוח, יעדנס וועלט־ און לעבנס־געפיל, יעדנס טעמפּעראַמענט און אַנטוויקלונגס־גראַד.

איז דען דאַן נישט געווען דאָס זעלביקע?

*

ווי שווער עס איז צו געבן אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע, באַווייזט טאַקע ירמיה גופא, וואָס קיין שום נביא, דאַכט זיך, האָט נישט געפירט אַזאַ — לעבנסלאַנגן! — קאַמף מיט די נביאי השקר, ווי ער.

ווי כאַראַקטעריסטיש עס איז פאַרן דאָזיקן מענטשלעכסטן נביא (מענטש־לעכסטן — ווייל מיר זעען אים קיין מאָל נישט בלויז ווי אַן איבערמענטש־לעכן נביא, — ער איז תמיד אויך אַ מענטש, מיט אַלע שוואַכקייטן פון אַ מ ע נ ט ש ן, ווען ער איז אַפילו אַ נביא) דאָס קאַפּיטל י״ד (פּסוקים י״א־י״ד):

און גאָט האָט צו מיר געזאָגט:
זאָלסט נישט מתפלל זיין פאַר דעם דאָזיקן פאָלק צום גוטן.
אַז זיי פאַסטן, הער איך נישט צו זייער געשריי,
און אַז זיי ברענגען בראַנד־אָפּפער און שפּייז־אָפּפער,
באַוויליק איך זיי נישט;
נייערט מיט שווערד און מיט הונגער און מיט פּעסט
טו איך זיי פאַרלענדן.
האָב איך געזאָגט: וויי, גאָט דו האַר, זע, די נביאים זאָגן
צו זיי: איר וועט נישט אָנזען קיין שווערד און קיין הונגער
וועט ביי אייך נישט זיין, וואָרעם אַ זיכערן שלום וועל איך
אייך געבן אין דעם דאָזיקן אָרט.
האָט גאָט צו מיר געזאָגט:
ליגן זאָגן נביאות די נביאים אין מיין נאָמען;
נישט איך האָב זיי געשיקט,
און נישט איך האָב זיי באַפוילן,
און נישט איך האָב צו זיי גערעדט;
זעונג פון ליגן, און וואָרזאָגעכץ פון נישטיקייט,
און באַטרוג פון זייער האַרצן, זאָגן זיי אייך נביאות״.

אָט אין דעם שמועס צווישן נביא מיט גאָט הערן מיר אַן אָפּקלאַנג פונעם דיאַלאָג וואָס איז פאָרגעקומען נישט איין מאָל אין האַרצן פון יונגן ירמיה: פון וואַנען ווייס ער, אַז די שטים, וואָס ער הערט אין זיך, איז גאָטס אמתדיקע שטים, בעת אַנדערע זאָגן דאָך דאָס פאַרקערטע אין דעם זעלביקן גאָטס נאָמען?

אמת, עס איז גובר גאָטס שטים אין אים (די זיכערקייט אין זיין אמת, וואָס קרייזט אין זיין בלוט), אַז יענע „נביאים" זאָגן ליגן, אַז גאָט האָט זיי נישט געשיקט, נישט גערעדט צו זיי, אָבער דער ספק האָט אַ פּיק געטאָן אין זיין האַרצן.

אין ירמיהס האַרץ!

טאָ ווי האָבן שוין געדאַרפט זיין צעטומלט די מאַסן, צו וועלכע צוויי סאָרטן נביאים האָבן גערעדט קעגנזעצלעכע אמתן אין נאָמען פון איין און דעם זעלביקן גאָט?

אַן אָפּקלאַנג דערפון הערט זיך אויך אינעם ספר „דברים", פּרשת „שופ־טים", י"ח: „אַ נביא וועל איך זיי אויפשטעלן פון צווישן זייערע ברידער, אַזאַ ווי דו, און איך וועל אַריינגעבן מיינע ווערטער אין זיין מויל, און ער וועט ריידן צו זיי אַלץ וואָס איך וועל אים באַפעלן... אָבער דער נביא, וואָס וועט מוטוויליקן („יזיד") צו ריידן אין מיין נאָמען אַ וואָרט, וואָס איך האָב אים נישט באַפוילן צו ריידן..., יענער נביא וועט שטאַרבן. און אויב דו וועסט זאָגן אין דיין האַרצן: ווי אַזוי וועלן מיר דערקענען דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט עס נישט גערעדט? אַז דער נביא וועט ריידן אין נאָמען פון גאָט, און דאָס וואָרט וועט נישט געשען און נישט אָנקומען, איז דאָס אַ וואָרט וואָס גאָט האָט עס נישט גערעדט; מיט מוטוויליקייט („בזדון") האָט עס דער נביא גערעדט; זאָלסט זיך נישט שרעקן פאַר אים".

אָבער אַז „דאָס וואָרט" געשעט נישט, ווייס מע דאָך ערשט שפּעטער — טאָ ווי זאָל זיך דאָס פאָלק דערווייל אָריענטירן, אויב אַפילו אַ יונגער ירמיה איז צעטומלט? און אויב אַפילו די תורה קאָן נישט געבן קיין מער זיכערן סימן?

איז דער קאַמף פון די „נביאי האמת" קעגן די „נביאי השקר" טאַקע נישט געווען קיין לייכטער.

נישט איין מאָל האָט ער געטריבן צו פאַרצווייפלונג אַזעלכע ווי ירמיה, וועל־כע האָבן נביאות געזאָגט אין צייטן פון קאַטאַסטראָפעס, — ווען די קעגנזאַצן ווערן מעסערשאַרף און די נביאים — פאַלשע ווי אמתע — מערן זיך.

ס'איז אַ מאַכטיקן אויסדרוק דער דאָזיקער קאַמף באַקומט אין דעם זעלביקן ירמיהס קאַפּיטל כ"ג. עס איז שווער צו זאָגן וואָס אין דאָזיקן קאַפּיטל איז שטאַרקער: דער צאָרן צי די פאַרצווייפלונג, — אַזוי זיינען זיי אויסגעמישט איינס מיטן צווייטן אין אַן איינציקאַרטיקן געמיט־אויסברוך, קלאַסיש פאַר דער אייביקער פּראָבלעם אין דער מענטשלעכער געשיכטע: פ אַ ל ש ע א ו ן א מ ת ע נ ב י א י ם.

וועגן די נביאים איז צעבראָכן מיין האַרץ אין מיר,
אַלע מיינע ביינער ציטערן...
...זיי שטאַרקן די הענט פון שלעכטסטוערס,
אַז זיי זאָלן זיך נישט אומקערן קיינער פון זיין בייז;
זיי זיינען מיר אַלע ווי סדום געוואָרן,

און אירע באַוווינערס אַזוי ווי עמורה.
דרום האָט גאָט פון צבאות אַזוי געזאָגט אויף די נביאים:
זע, איך מאַך זיי עסן ווערמוט,
און וועל זיי מאַכן טרינקען גיפטוואַסער,
וואָרעם פון די נביאים פון ירושלים
איז אַרויס די זינדיקייט איבערן גאַנצן לאַנד.
אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבאות:
איר זאָלט נישט הערן צו די ווערטער פון די נביאים
וואָס זאָגן אייך נביאות; זיי פאַרנאַרישן אייך;
די זעונג פון זייער האַרצן ריידן זיי נישט אויסן מויל פון גאָט.
זאָגן זאָגן זיי צו די וואָס פאַראַכטן מיך:
גאָט האָט גערעדט: איר וועט האָבן שלום;
און איטלעכן וואָס גייט אין דער איינגעשפּאַרטקייט פון זיין האַרצן,
זאָגן זיי: אויף אייך וועט נישט קומען קיין בייז.
אָבער ווער איז געשטאַנען אין דעם סוד פון גאָט,
אַז ער זאָל מערקן און הערן זיין וואָרט?
ווער האָט פאַרנומען זיין וואָרט און זיך צוגעהערט?
איך האָב נישט געשיקט די נביאים,
און זיי זיינען געלאָפן.
איך האָב נישט גערעדט צו זיי,
און זיי האָבן נביאות געזאָגט.
און אויב זיי זיינען געשטאַנען אין מיין סוד,
זאָלן זיי לאָזן הערן מיין פאָלק מיינע ווערטער,
און זאָלן זיי זיי אומקערן פון זייער שלעכטן וועג,
און פון זייערע שלעכטע מעשים...
איך האָב געהערט וואָס די נביאים זאָגן,
די וואָס זאָגן ליגנערישע נביאות אין מיין נאָמען, אַזוי צו זאָגן:
מיר האָט זיך געחלומט, מיר האָט זיך געחלומט!...
טראַכטן זיי דען צו מאַכן מיין פאָלק פאַרגעסן מיין נאָמען
מיט זייערע חלומות וואָס זיי דערציילן איינער דעם אַנדערן, אַזוי ווי זייערע
עלטערן האָבן פאַרגעסן מיין נאָמען דורך בעל?
דער נביא וואָס ביי אים איז אַ חלום, זאָל דערציילן אַ חלום,
און דער וואָס מיין וואָרט איז ביי אים,
זאָל ריידן מיין וואָרט וואָרהאַפטיק.
וואָס האָט שטרוי צו קאָרן?
זאָגט גאָט.
פאַרוואָר, מיין וואָרט איז אַזוי ווי פייער,
זאָגט גאָט,
און ווי האַמער וואָס צעהאַקט פעלדזן״.

ווי מיר זעען קעמפט ירמיה מעכטיק מיט דער פּראָבלעם (פון פאַלשע און אמתע נביאים), וואָס האָט אים גופא יונגערהייט געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט. אָבער צי דען קאָנען די פאַלשע נביאים אָדער ירמיהס צוהערערס נישט ווענדן קעגן אים, ירמיהן, זיינע אייגענע ווערטער:

„אָבער ווער איז געשטאַנען אין דעם סוד פון גאָט,

אַז ער זאָל מערקן און הערן זיין וואָרט?
ווער האָט פאַרנומען זיין וואָרט און זיך צוגעהערט?...״

אויב קיינער איז נישט געשטאַנען אין דעם סוד פון גאָט, טאָ פון וואַנען ווייס מען אַז ירמיה הנביא איז גערעכט און נישט חנניה הנביא?

און די עצה, וואָס דער ספר „דברים״ גיט אויף דער פראַגע: „ווי אַזוי וועלן מיר דערקענען דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט עס נישט גערעדט?״, איז אויך קיין עצה נישט! „אַז דער נביא וועט ריידן אין נאָמען פון גאָט, און דאָס וואָרט וועט נישט געשען און נישט אָנקומען, איז דאָס אַ וואָרט וואָס גאָט האָט עס נישט גערעדט״. אָבער נישט יעדעס מאָל איז דאָך דעם נביאס נביאות גילטיק אויף דער זעלביקער מינוט אָדער אויף אַ שעה אָדער אַ טאָג אַרום, — מוז מען דאָך אַ מאָל אָפּוואַרטן אויף דער פּראָבע אַ לאַנגע צייט, אַ מאָל גאַנצענע דורות, — טאָ ווען מען זאָל מע גלייבן דערווייל?

אויב די שוואַכקייט פון דעם דאָזיקן אַרגומענט איז קלאָר טעאָרעטיש, איז זי אין לעבן, אין דער פּראַקטיק פון געוואַלטיקן קאַמף צווישן די פאַלשע און אמתע נביאים, געוועזן נאָך קלאָרער.

דער בעסטער באַווייז דערפאַר איז דאָס, וואָס דער ספר „דברים״ (געשריבן נאָך אַ לאַנגער געשיכטלעכער דערפאַרונג) האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דער אויבנגעבראַכטער עצה און געזוכט אַנדערע זיכערקייט־מיטלען קעגן די פאַלשע נביאים.

אין „דברים״ י״ג ווערט געזאָגט (1־6):

„אַל דאָס וואָרט וואָס איך באַפעל אייך, דאָס זאָלט איר היטן צו טאָן; זאָלסט נישט צולייגן דערצו און זאָלסט נישט מינערן דערפון.

„אַז צווישן דיר וועט אויפשטיין אַ נביא אָדער אַ חלומער פון חלומות און ער וועט דיר געבן אַ צייכן אָדער אַ ווונדער — און דער צייכן און דאָס ווונדער וואָס עס האָט דיר פאָרויסגעזאָגט, וועט אָנקומען אַזוי צו זאָגן: לאָמיר גיין נאָך פרעמדע געטער — וואָס דו קענסט נישט — און לאָמיר זיי דינען; זאָלסטו זיך נישט צוהערן צו די ווערטער פון יענעם נביא, אָדער יענעם חלומער פון חלומות, וואָרעם דאָס פּרוווט אייך יהוה אייער גאָט, כדי צו וויסן אויב איר האָט ליב יהוה אייער גאָט מיט אייער גאַנצן האַרצן און מיט אייער גאַנצער זעל. נאָך יהוה אייער גאָט זאָלט איר גיין, און פאַר אים זאָלט איר מורא האָבן, און זיינע געבאָטן זאָלט איר היטן און צו זיין קול זאָלט איר צוהערן, און אים זאָלט איר דינען, און אָן אים זאָלט איך זיך באַהעפטן. און יענער נביא אָדער יענער חלומער פון חלומות זאָל געטייט ווערן, ווייל ער האָט גערעדט אָפּקערונג קעגן יהוה אייער גאָט״.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיין וואָרט איז מקוים געוואָרן?

יאָ, נישט געקוקט דערויף!

דאָס רייפער ווערנדיקע ייִדנטום האָט נישט געוואָלט ריזיקירן מיט אַ צו־פאַל, מיט כישוף אָדער אויגנפאַרבלענדעניש, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן עיקר. דער ייִדישער גאָט אַליין איז ווי געפּענטעט דורך זיין תורה, ווי שפּינאָ־זעס גאָט דורך זיינע נאַטור־געזעצן, — און ביידע האָבן זיי זיך אַליין באַגרע־נעצט אין זייער אומבאַגרענעצטקייט.

אויב אַ נביא הייסט גיין קעגן דער תורה און זיין סימן און פאָרויסזאָגונג קומען אָן — הער אים אויך דאַן נישט, אויב דאָס שטימט נישט מיט דער תורה, וואָס איך האָב דיר געגעבן.

דאָ זאָגט זיך אָפּ דער ספר „דברים״ פון זיין אייגענער עצה (פון קאַפּיטל י״ח — „אין מוקדם ומאוחר בתורה״), מיט וועלכער ירמיה האָט זיך נאָך באַנוצט. אין ירמיה, כ״ח, זאָגט חנניה בן עזור הנביא צו ירמיהן אין בייזיין פון די כהנים און פון דעם גאַנצן פאָלק:

„אַזוי האָט גערעדט יהוה פון צבאות, דער גאָט פון ישראל, אַזוי צו זאָגן: איך האָב צעבראָכן דעם יאָך פון דעם מלך בבל. אין נאָך צוויי יאָר צייט קער איך אום צו דעם דאָזיקן אָרט אַלע כלים פון גאָטס הויז, וואָס נבוכדנצר דער מלך פון בבל האָט אַוועקגענומען פון דעם דאָזיקן אָרט און זיי געבראַכט קיין בבל, און יכניה דעם זון פון יהויקימען, דעם מלך פון יהודה, און אַלע פאַרטריבענע פון יהודה, וואָס זיינען געקומען קיין בבל, קער איך אום צו דעם דאָזיקן אָרט, זאָגט גאָט: וואָרעם איך וועל צעברעכן דעם יאָך פון דעם מלך פון בבל״.

און חנניה דער נביא האָט „אַראָפּגענומען דעם יאָכשטאַנג פון ירמיה הנביאס האַלדז און האָט אים צעבראָכן״... (ירמיה האָט געטראָגן אַ יאָכשטאַנג אויפן האַלדז ווי אַ סימבאָל פון נבוכדנצרס הערשאַפט — י. ר.) „און ירמיה הנביא איז געגאַנגען זיין וועג״. ער האָט דאָך געמוזט וואַרטן צוויי יאָר, כדי צו וויסן צי גאָט רעדט טאַקע דורך חנניהס וואָרט, הגם דורך אים האָט גאָט גערעדט אַנדערש.

אָבער עפּעס אין ירמיהן האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן אָנגענומענעם כלל פון „דברים״ י״ח. און גאָט האָט זיך אָפּגערופן אויף זיין שטימונג:

„גיי, און זאָלסט זאָגן צו חנניהן, אַזוי צו זאָגן:
אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
הילצערנע שטאַנגען האָסטו צעבראָכן,
און וועסט מאַכן אָנשטאָט זיי אייזערנע שטאַנגען.
אַן אייזערנעם יאָך האָב איך געגעבן
אויפן האַלדז פון אַלע די דאָזיקע פעלקער,
צו דינען נבוכדנצר דעם מלך פון בבל, און זיי וועלן אים דינען...״

און ירמיה הנביא האָט געזאָגט צו חנניה דעם נביא: „הער אָקערשט, חנניה, גאָט האָט דיך נישט געשיקט, און דו האָסט פאַרזיכערט דאָס דאָזיקע פאָלק אויף ליגן. דרום האָט גאָט אַזוי געזאָגט: זע, איך שיק דיך אַוועק פון געזיבט פון דער ערד; היי־יאָר וועסטו שטאַרבן... און חנניה דער נביא איז געשטאָרבן אין יענעם יאָר אין זיבעטן חודש״.

אָבער צי דען איז דער סימן וואָס ירמיה האָט געגעבן, נישט קיין סתירה צו דעם געבאָט פון קאַפּיטל י״ג? דער סימן איז מקוים געוואָרן, אָבער אויך דאָס מקוים ווערן פון אַ סימן וואָס אַ נביא גיט אָן, איז דאָך נישט קיין אַבסאָלוטער באַווייז.

דער סימן, וואָס קאָן דעם פאַלשן נביא נישט העלפן באַווייזן זיין אמתדיקייט, טאָר דאָך אויך דעם אמתן נביא נישט העלפן באַווייזן זיין אמתדיקייט. אַ צוים קאָן דאָך נישט זיין פליסיק, ווייל דורך דעם הערט ער אויף צו זיין אַ צוים.

איז וואָס טוט מען, ווען דער אמתער נביא באַנוצט זיך גאָר מיט דעם מיטל, וועלכן די תורה האָט געפּסלט ביי די פאַלשע (אמת, ביים הייסן דינען פרעמדע געטער)?

און חוץ דעם: „דברים" י"ג האָט געוואָלט שאַפן אַ פעסטן צוים קעגן די נביאי השקר, — מע זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו די צווישנזיידיקע שווערדן פון צוטרעפן און אויגנפאַרבלענדעניש. אָבער צי דען האָבן די נביאי האמת נישט אַטאַקירט דעם אינסטיטוט פון קרבנות וואָס איז בפירוש מן התורה?

און צי האָט מען זינט דעמאָלט וויניק די תורה אויסגעטייטשט און געענ־דערט, אַריינגעטייטשט און צוגעגעבן? און דאָס האָבן דאָך געטאָן די טרייעסטע נאָכפאָלגערס פון די נביאי האמת!

בלייבן מיר דאָך ווייטער אָן אַן אָביעקטיוון, פעסט־אַרומגעגרענעצטן קרי־טעריום ביים וועלן אַרויסטראָגן אַן אורטייל אינעם גרויסן, אייביק־דויערנדיקן קאַמף צווישן די נביאי האמת און די נביאי השקר...

*

ביים אַרויסטראָגן אַן אורטייל אינעם דאָזיקן קאַמף צווישן די נביאי האמת און די נביאי השקר איז טאַקע אוממעגלעך זיך צו שטיצן אויף אָביעקטיווע באַ־ווייזן. (סיידן מיר זאָלן קאָנען אָנווענדן דעם מיטל פון אליהו הנביא אין זיין קאַמף מיט די נביאי הבעל: ביידע צדדים זאָלן רופן צו גאָט און וועמען ער ענטפערט גלייך אויפן אָרט, דער צד האָט באַוויזן אַז ער איז דער אמתער נביא פון אמתן גאָט). דער אורטייל איז תמיד געשטיצט אויף אינטויִציע (אונטערגע־שטיצט פון געזונטן פאַרשטאַנד) און אויף אַ געוויסן וועלט־ און לעבנס־געפיל.

און דעם בעסטן אויסדרוק פון דעם דאָזיקן אורטייל געפינען מיר טאַקע ווידער ביי ירמיהן — ביים זעלביקן נביא, וועלכער האָט מער ווי אַנדערע גע־פירט אַן אומאויפהערלעכן קאַמף מיט די פאַלשע נביאים, און במילא האָט ער זיך מער פאַר אַנדערע געמוזט אָפּגעבן מיט דער דאָזיקער פּראָבלעם וואָס איז אים געשטאַנען ווי אַ שטן אויפן וועג פון זיין געטלעכער שליחות (אין וועלכער ער האָט געגלייבט).

ער האָט איבערגעלעבט — ווי מיר האָבן געזען — טיפע ספקות, צי גאָט רעדט טאַקע דורך אים און נישט דורך יענע, וואָס זאָגן דאָס פאַרקערטע; ער פלעגט זיך וועלן צווינגען אָנצונעמען די עצה פון „דברים" י"ח — וואַרטן און זען צי דאָס וואָרט פון חנניה וועט מקוים ווערן. אָבער די ספקות זיינען געווען צו שוואַך לגבי זיין אינערלעכער שטים, אַז דורך אים רעדט גאָט, — און גאָט קאָן זיך דאָך נישט סותר זיין דורך ריידן איינס צו אים און פונקט דאָס פאַר־קערטע צו חנניהן! דער שטורעם פון גאָטס וואָרט איז אין אים געווען אַזוי מאַכ־טיק אַז עס האָט אויסגעריסן אין איין מינוט זיין באַשלוס אָפּצוואַרטן און זען צי חנניהס וואָרט וועט טאַקע מקוים ווערן.

ער איז טאַקע אַוועק זיין וועג, אָבער דער אינערלעכער שטורעם האָט אים גלייך געטריבן צוריק.

אָבער אַ באַרעכטיקונג פאַר זיין זיכערקייט האָט ער פאָרט נישט אויפגע־הערט צו זוכן, און ער האָט זי נאָך אַ לאַנגער און אינערלעכער פּיין — געפונען. אינעם אויבנגעבראַכטן טיפן און פאַרצווייפלט־ליידנשאַפטלעכן קאַפּיטל

כ״ג, כאַראַקטעריזירט ירמיה (אָבער נישט איבערצייגנדיק פאַרן פאַרשטאַנד) די פאַלשע און די אמתע נביאים און פרעגט — אַ פּרעכטיקער פאַרגלייך! — „וואָס האָט שטרוי צו קאָרן?״ און פּלוצלונג גיט ער אַ פּלאַקער אויף — ווי פאַרברע־נענדיק דעם שטרוי — און רופט אויס:

„פאַרוואָר, מיין וואָרט איז ווי פייער,
זאָגט גאָט,
און ווי אַ האַמער וואָס צעהאַקט פעלדז״.

מיר ווייסן אַז ווען ירמיה רעדט וועגן דעם פייער פון גאָטס וואָרט, מיינט ער נישט דעם פייער, וואָס פאַלט אַראָפּ פון הימל און פאַרצערט אליהו הנביאס קרבן, נאָר גאָטס פייער וואָס אינעווייניק אין אים, וואָס ברענט אין זיין האַרצן.

און אָט דאָס איז דער איינציקער סימן צי דער נביא איז פאַלש אָדער עכט, צי זיין וואָרט קומט פון גאָטס ריינעם קוואַל אָדער פון שמוציקע קוועלעכלעך פון פערזענלעכער פּאָליטיק. צי דעם נביאס ווערטער זיינען פון פייער, דאָס לאָזט זיך אָביעקטיוו באַשטימען.

ווי אַזוי? דאָס זאָגט אונדז ירמיה אינעם קאַפּיטל כ״ח.

אין די קאַפּיטלען כ״ז—כ״ח, ווערט ברייט אָפּגעשפּיגלט דער ליידנשאַפט־לעכער קאַמף צווישן די נביאי האמת און די נביאי השקר אַרום דער פראַגע צי די הערשאַפט פון בבל וועט זיך שנעל ענדיקן צי נישט (די דאָזיקע פראַגע האָט באַוועגט די געמיטער פון גאַנצן יידישן פאָלק סיי אין ארץ ישראל, סיי אין בבל). די נביאי האמת האָבן געטענהט אַז מע דאַרף רויִק טראָגן דעם יאָך פון בבל, כדי צו בלייבן אין אייגענעם לאַנד און זיך דערוואַרטן אויף בבלס אונטערגאַנג, ווען גאָט וועט באַשליסן צוצונעמען ביי איר די הערשאַפט איבער די פעלקער. בבלס הערשאַפט איז פון גאָט, און יעדער איינער וואָס וויל נישט בייגן דעם קאָפּ פאַרן יאָך פון בבל, איז מורד נישט נאָר אין מלכות בבל, נאָר אויך אין מלכות שמים.

די נביאי השקר דאַקעגן האָבן נביאות געזאָגט אין נאָמען פון זעלבן גאָט, וואָס זאָל כלומרשט האָבן געגעבן בבל די מאַכט אויף לאַנג, אַז אין צוויי יאָר אַרום וועט דער יאָך פון מלך בבל צעבראָכן ווערן און די געפאַנגענע פון בבל וועלן זיך אומקערן.

און ווען חנניה בן־עזור, דער נביא, זאָגט וועגן דעם נביאות פאַרן פאָלק אין ירמיהס קעגנוואַרט, זאָגט צו אים ירמיה: „אמן! זאָל גאָט טאָן אַזוי! זאָל גאָט מקיים זיין דיינע ווערטער וואָס דו האָסט נביאות געזאָגט, אומצוקערן די כלים פון גאָטס הויז, און אַלע פאַרטריבענע פון בבל צו דעם דאָזיקן אָרט. אָבער הער אָקאָרשט דאָס דאָזיקע וואָרט וואָס איך רייד אין דיינע אויערן און אין די אויערן פון גאַנצן פאָלק: די נביאים וואָס זיינען געווען פאַר מיר און פאַר דיר פון אייביק אָן, האָבן נביאות געזאָגט איבער פיל לענדער, און איבער גרויסע מלוכות, אויף מילחמה, און אויף אומגליק, און אויף פעסט. דער נביא וואָס זאָגט נביאות אויף שלום איז ערשט אַז דאָס וואָרט פון דעם נביא קומט אָן, ווערט דער נביא דערקענט אַז גאָט האָט אים מיט אַן אמת געשיקט״.

אַז דער נביא זאָגט נביאות אויף שלעכטס, איז מע זיכער אַז ער טוט דאָס לויט אַן אינערלעכן צוואַנג, ווייל אַזאַ נביאות זאָגן איז נישט פּאָפּולער, דאָס

ברענגט נישט קיין ריווח און קיין כבוד, — פאַרקערט, דאָס ברענגט פּיין. אָבער ווען דער נביא זאָגט נביאות אויף גוטס, דאַרף מע זיין פאָרזיכטיק: צי רעדט נישט פון אים אַרויס דער ווילן פון פערזענלעכן נוצן? צי ליגט דאָ נישט באַהאַלטן די טומאה אין דער יראה, ווי מיכה האָט דאָס קורץ אויסגעדריקט אין קאַפּיטל ג׳, פּסוק 5:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט אויף די נביאים וואָס פאַרפירן מיין פאָלק,
וואָס שרייען: „שלום!" ווען זייערע ציין האָבן צו בייסן,
און דער וואָס גיט זיי נישט אין מויל
ברייטן זיי אָן אויף אים אַ מילחמה".

ווי ריכטיק עס איז די דאָזיקע פראַגע, קאָן מע זען פונעם קאַפּיטל כ״ב פון „מלכים א׳".

יהושפט מלך יהודה קומט צו גאַסט צו אחאבן, דעם מלך פון ישראל. זאָגט דער מלך פון ישראל צום מלך פון יהודה: „ווילסטו גיין מיט מיר אין מילחמה אויף רמות־גלעד?"

יהושפט איז מסכים, אָבער ער בעט אחאבן, ער זאָל אָנפרעגן ביי גאָט.

האָט דער מלך פון ישראל פאַרזאַמלט 400 נביאים און זיי געפרעגט: „זאָל איך גיין קעגן רמות־גלעד אויף מילחמה אָדער זאָל איך אָפּשטיין?" האָבן זיי געענטפערט: „גיי אַרויף, און גאָט וועט זי געבן אין דער האַנט פון מלך". אָבער יהושפט איז נאָך אַלץ נישט רויק. פרעגט ער: „איז דאָ נישטאָ נאָך אַ נביא פון גאָט אַז מיר זאָלן פרעגן ביי אים?"

ענטפערט אחאב: „פאַראַן נאָך איין מאַן אויף צו פרעגן ביי גאָט דורך אים, אָבער איך האָב אים פיינט, ווייל ער זאָגט נישט נביאות אויף מיר גוטס, נאָר בלויז שלעכטס — מיכיהו דער זון פון ימלהן".

אָבער יהושפט באַשטייט אויף זיינס.

„און דער שליח וואָס איז געגאַנגען רופן מיכיהון, האָט גערעדט צו אים אַזוי צו זאָגן: זע נאָר, די ווערטער פון די נביאים זיינען ווי איין מויל גוטס צום מלך; זאָל, איך בעט דיר, דיין וואָרט זיין אַזוי ווי דאָס וואָרט פון איינעם פון זיי און זאָלסט ריידן גוטס. האָט מיכיהו געזאָגט: אַזוי ווי עס לעבט גאָט, אַז דאָס וואָס גאָט וועט זאָגן צו מיר, דאָס וועל איך ריידן!"

מיכיהו קומט. ער זעט אַט־די סצענע: צדקיהו דער זון פון כנענהן האָט זיך געמאַכט אייזערנע הערנער און ער האָט געזאָגט: „אַזוי האָט גאָט געזאָגט: מיט די דאָזיקע וועסטו שטויסן אַרם ביז זיי צו פאַרלענדן. און אַלע נביאים האָבן נביאות געזאָגט דאָס גלייכן אַזוי צו זאָגן: גיי אַרויף קיין רמות־גלעד און באַגליק, און גאָט וועט זי געבן אין דער האַנט פון מלך".

און ווען אחאב פרעגט מיכיהון צי זאָל ער גיין אויף מילחמה צי נישט, ענטפערט ער מיט די זעלביקע „קאַזיאָנע" ווערטער ווי די אַנדערע נביאים: „גיי אַרויף און באַגליק, און גאָט וועט זי געבן אין דער האַנט פון מלך".

אחאב דערפילט די איראָניע און ער באַשווערט אים צו זאָגן דעם אמת. און

דער נביא ענטפערט: „איך האָב געזען גאַנץ ישראל צעשפּרייט אויף די בערג אַזוי ווי שאָף וואָס האָבן נישט קיין פּאַסטעך״...

„האָט דער מלך פון ישראל געזאָגט צו יהושפטן: „האָב איך דיר נישט געזאָגט, ער וועט נישט נביאות זאָגן אויף מיר גוטס, נאָר בלויז שלעכטס?״ און מיכיהו ענטפערט דערויף מיט אַ וויזיע, פול בייסיקן סאַרקאַזם:

„איך האָב געזען ווי גאָט זיצט אויף זיין טראָן... און גאָט האָט געזאָגט: ווער וועט אָנריידן אחאבן, ער זאָל אַרויפגיין און פאַלן אין רמות־גלעד?... איז אַרויסגעגאַנגען דער גייסט... און האָט געזאָגט: איך וועל אים אָנריידן... איך וועל אַרויסגיין און ווערן אַ גייסט פון ליגן אין מויל פון אַלע זיינע נביאים. האָט ער געזאָגט: וועסט אָנריידן און וועסט אויך אויספירן; גיי אַרויס און טו אַזוי״.

דער רעזולטאַט? דער „נביא״ צדקיהו שלאָגט מיכיהון „אויפן באַק״ און אחאב הייסט איינזעצן מיכיהון אויף „קאַרג ברויט און קאַרג וואַסער, ביז איך קום בשלום״.

דער פאַלשער נביא זאָגט תמיד דאָס וואָס די מאַכטהאָבערס און די מאַסן ווילן, דער אמתער נביא גייט מערסטנטייל קעגן דעם ווילן פון דער מאַכט און פון די מאַסן.

דער אמתער נביא רעדט אונטערן צוואַנג פון זיין פאַרשטאַנד און פון זיין געוויסן, ווייל דאָס וואָרט פון גאָט איז ווי פייער אין אים (אָדער: דאָס פייער אין אים איז ווי דאָס וואָרט פון גאָט); דער פאַלשער נביא שמידט נישט זיין וואָרט אין אינערלעכן פייער, נאָר ער קלעפּט אים צונויף מיט קאַלטער אויסרעכענונג — צי עס איז צוועקמעסיק פאַר אים.

דער אונטערשייד איז, נאַטירלעך, נישט אין דעם וואָס דער פאַלשער נביא זאָגט פאָרויס נאָר גוטס און דער אמתער — נאָר שלעכטס.

דאָס וואָלט געווען אַ צו מעכאַנישער אונטערשייד און נישט קיין ריכטיקער.

ערשטנס קאָנען פאָרויסזאָגן שלעכטס אויך פאַלשע נביאים, ווי דאָס זעט מען אויבן פון מיכהן ג׳, 5; און צווייטנס, האָבן דען די נביאי האמת נישט פאָרויסגעזאָגט קיין גוטס? האָט דען ירמיה גופא נישט פאָראויסגעזאָגט דעם צוריקקער פון בבל?

אָבער די פאַלשע נביאים האָבן פאָרויסגעזאָגט דעם צוריקקער פון בבל, אין הסכם מיט דעם אומגעדולד פון די עולים און אין הסכם מיטן אומגעדולד פון די מושלים אין ישראל און יהודה; און די אמתע נביאים פלעגן פאָרויסזאָגן גוטס נאָר אין הסכם מיט זייער געוויסן.

די פאַלשע נביאים זאָגן פאָרויס גוטס בלויז די מאַכטיקע כדי זיך איינצוקויפן אין זייער גנאָד; די אמתע זאָגן כמעט תמיד פאָרויס גוטס נאָר די צעבראָכענע, וועלכע קאָנען זיי באַלוינען בלויז מיט דאַנקבאַרקייט פון צעבראָכענע געמיטער...

אָט־דאָס איז דער איינציקער סימן מובהק, לויט וועלכן מע קאָן אונטערשיידן אַן אמתן נביא פון אַ פאַלשן.

אַזוי איז געווען אין די אַמאָליקע צייטן, אַזוי איז דאָס אין די היינטיקע,

און אַזוי וועט דאָס זיין אין דער צוקונפט ביזן סוף פון דער מענטשלעכער געשיכטע..

און אויב אויך דער דאָזיקער סימן איז נישט פולקאָם און ער לאָזט צו האַרבע קשיות, איז פאַרפאַלן: נישטאָ קיין אַבסאָלוטע זיכערקייט אין דער ממשלה פון גייסט...

אין בעסטן פאַל ריזיקירט מען תמיד מיט עפּעס...

## ט״ו) האָבן די נביאים פאָרויסגעזען די צוקונפט אָדער זי געפורעמט דורך זייער וויזיע?

לייענט מען דעם תנ״ך, טרעפט מען אָן אויף שטעלן, ביי וועלכע איר בלייבט זיצן אינערלעך פאַרשטומט: עס גיט אַ ווייע אויף אייך ווי מיט דער אָנוועזנקייט פון געהיימע כוחות, וואָס איר זעט זיי נישט, אָבער איר שפּירט זייער ממשות אין אייער יעדן נערוו.

עס ווערט אומהיימלעך פון דעם באַריר פון אומגעווייַנטלעכן.

האָבן טאַקע די נביאים פאָראויסגעזען די צוקונפט פון ייִדישן פאָלק? אויב אַזוי...

עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם ביים אָנען ס׳אַראַ רעוואָלוציע דאָס באַטייט פאַרן לעבן פון יעדן איינעם, ווער עס וועט איבערגעצייגט ווערן אין דעם...

צי איז דאָס טאַקע אמת? צי איז דאָס מעגלעך?

פאַר די רעליגיעזע ייִדן איז קיין ספק נישטאָ אַז די נביאים האָבן געוווּסט די צוקונפט פון ייִדישן פאָלק. פאַר די נישט־פרומע אָבער איז דאָס נישט אַזוי זיכער...

דער צוריקקער פון גלות בבל?

אָבער אויך די נישט־פרומע גלייבן אין איין זאַך גלייך מיט די פרומע: „אין מוקדם ומאוחר בתורה״...

צי דען האָט מע נישט געקאָנט פאָרויסזען דעם צוריקקער פון בבל לאחר מעשה? און דאָס וואָס די נביאים האָבן פאָרויסגעזען דעם גאַנג פון דער ייִדישער געשיכטע: דעם חורבן, דעם גלות, דיליידן?

אָבער די נביאים האָבן תמיד געהאָט פאַר די אויגן די דערפאַרונגען פון ייִדישן פאָלק: גלות מצרים, גלות אשור, גלות בבל... זיי האָבן געוווּסט וואָס גלות באַטייט...

צי דען האָט מע נישט פאָרויסגעזען די לעצטע צעטיילונג פון פּוילן? צי דען האָבן פּוילישע פּובליציסטן נישט געוואָרנט פאַר אַ פערטער צעטיילונג? און צי דען האָט בענעש נישט געטרייסט דאָס טשעכישע פאָלק, אַז עס וועט באַפרייט ווערן פון נאַצישן יאָך? (אָבער דער זעלביקער בענעש, דער פאָרויסזעער, האָט נישט פאָרויסגעזען די פאַרשקלאַפונג פון די טשעכן דורך די סאָוועטן).

איז פאַר וואָס האָבן די ייִדישע נביאים נישט געזאָלט פאָרויסזען די אָנקומענדיקע אינוואַזיעס פון אשור, פון בבל? און פאַר וואָס האָט דאָס פאָלק, וואָס איז אַרויס פון מצרים, נישט געזאָלט האָבן קיין טרייסטער אַז מע וועט זיך אומקערן פון גלות בבל? אלא וואָס, די פּינקטלעכע פאָרויסזאָגוג ווען דאָס וועט געשען? איז דערויף טאַקע גיט אַן ענטפער דער „אין מוקדם ומאוחר בתורה״...

און אויב דאָס ייִדישע פאָלק האָט אויך ביזן גלות בבל כסדר געפיבערט — ביי יעדן פּאָליטישן וועלט־שטורעם — מיט אָנונג פון חורבן און טרייסט

פון אויסלייזונג, האָט די דאָזיקע טענדענץ נאָכן גלות בבל — ווען דאָס פאָלק איז גייסטיק געוואָרן רייף — געמוזט ווערן פאַרשטאַרקט.

צי די נביאים האָבן טאַקע פאָרויסגעזאָגט געגנוי דעם שיבת־בבל צי נישט — דאָס פאָלק האָט דערין געגלייבט; און די נביאים אַוודאי. און דאָס האָט גע־האַט אַ גוואַלדיקע השפּעה אויף דער פאַרשטעלונג־קראַפט פון פאָלק און פון זיינע פירערס.

און עס איז אויסגעשמידט געוואָרן די יידישע געשיכטס־פילאָסאָפיע, וואָס איז דער „אלף" און דער „תיו" פון נביאס שטראָף־רייד און פון זיינע טרייסט־רייד: פאַר יעדער זינד דערוואַרט אייך גלות; אָבער פון יעדן גלות וועט איר צוריקקערן.

*

אָבער דאָס איז דאָך נישט נאָר געזאָגט געוואָרן, — דאָס איז דאָך אַזוי געשען.

צי דען באַפאַלט אונדז נישט אַן אומהיימלעך געפיל (ווי ביי אַ פּנים־אל־פּנים־באַגעגעניש מיט אַן אַנצוטאַפּנדיקער געטלעכער קראַפט), ווען מיר לייענען ביים נביא „זכריה" (קאַפּיטל ח'):

„אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבאות:
עס וועלן נאָך זיצן זקנים און זקנות אין די גאַסן פון ירושלים,
איטלעכער מיט זיין שטעקן אין זיין האַנט, פון גרויס עלטער.
און די גאַסן פון דער שטאָט וועלן זיין פול מיט יינגלעך און מיידלעך
וואָס שפּילן זיך אין אירע גאַסן...
אויב דאָס וועט זיין וווּנדערלעך אין די אויגן
פון דעם איבערבלייב פון דעם דאָזיקן פאָלק אין יענע טעג,
זאָל עס אויך אין מיינע אויגן זיין וווּנדערלעך?"

מיט וואָסער זיכערקייט דאָס ווערט פאָרויסגעזאָגט! און דער נביא ווייס אַז דאָס וועט אונדז אויסזען וווּנדערלעך. און צי דען זעט אונדז דאָס טאַקע היינט נישט אויס וווּנדערלעך?

דאָס קאָן מע שוין נישט דערקלערן מיטן „אין מוקדם ומאוחר בתורה", — דאָס איז פאָרויסגעזאָגט געוואָרן מיט דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק, און אָט־די פאָרויסזאָגונג איז וווּנדערלעך געווען נישט נאָר פאַרן נביאס מיטצייטלער, די שובי־בבל, נאָר אויך פאַר אונדז איז זי דאָס...

און עס ווילט זיך אַזוי נעמען גלייבן אַז אויך די ווייטערדיקע נבואה פון זכריהן (און די נבואות פון די אַנדערע נביאים) וועט מקוים ווערן, ווייל גאָט האָט אַריינגעלייגט אין מויל פון די נביאים די צוקונפט פון יידישן פאָלק:

„און איך וועל דעם איבערבלייב פון דעם דאָזיקן פאָלק,
מאַכן אַרבן אַל דאָס דאָזיקע. און עס וועט זיין, —
אַזוי ווי איר זייט געווען אַ קללה צווישן די פעלקער...
אַזוי וועל איך אייך העלפן, און איר וועט ווערן אַ ברכה;
איר זאָלט נישט מורא האָבן..."

עס ווילט זיך גלייבן, אָבער עס איז שווער צו גלייבן אין אונדזער אומגליי־

ביקער צייט. און מע געפינט אַנדערע דערקלערונגען פאַרן נס פונעם נביאס פאָרויסזאָגונגען.

און עס ווערט מיר קלאָר, אַז דער גלויבן פון די נביאים אין זייערע אי־דייען און אין זייערע פאָרויסזאָגונגען האָבן געשמידט דעם גורל פון יידישן פאָלק און דעריבער איז ער — דער נביאימשער גלויבן — מקוים געוואָרן.

דער גלויבן פון די נביאים האָט זיך איבערגעגעבן דעם פאָלק, אים היפּ־נאָטיזירט.

פונקט ווי די נביאים זיינען היפּנאָטיזירט געוואָרן דורך דער געשיכטע פון גלות־ און שיבת־בבל, — אַזוי איז דאָס פאָלק דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן גלויבן פון די נביאים. און דער דאָזיקער גלויבן האָט אויפגעהאַלטן און כסדר באַלעבט דאָס פאָלק און אים געגעבן כוחות איבערצוהאַלטן דעם גלות.

ווען דאָס פאָלק האָט דערזען, ווי עס איז מקוים געוואָרן די פאָרויסזאָגונג וועגן חורבן בית שני (און דאָס האָט אַזאַ דערפאַרן פאָלק ווי דאָס יידישע גע־קאָנט פאָרויסזען דורך זיינע בעסטע, אינסטינקט־שטאַרקע זין — די נביאים), האָט עס גענומען גלייבן אַז אויך די נבואה וועגן קיבוץ־גלויות און שיבת־ציון וועט מקוים ווערן.

דאָס וואָס די נביאימשע פאָרויסזאָגונגען זיינען מקוים געוואָרן, באַווייזט נישט אַז די נביאים האָבן ג ע ט ר אָ פ ן די צוקונפט; דאָס באַווייזט בלויז אַז אין פייער פון זייער גלויבן האָבן זיי ג ע ש מ י ד ט און ב אַ ו ו י ר ק ט די צוקונפט. דאָס באַווייזט בלויז, אַז אידייען אין וועלכע מע גלייבט באמת, האָבן אַ ווירקונג אויף דער געשיכטע, זיי פורעמען זי.

און מיר ווערן פול מיט זיכערקייט אַז כדי די וייט־גייענדיקסטע פאָרויס־זאָגונגען פון די נביאים זאָלן מקוים ווערן, דאַרפן מיר בלויז גלייבן אין זיי, ד״ה מיר דאַרפן באמת וועלן אַז זיי זאָלן מקוים ווערן. מיר טאָרן נישט צולאָזן דעם געדאַנק אַז זיי קאָנען חס ושלום נישט מקוים ווערן.

עס איז גענוג צוצולאָזן דעם דאָזיקן געדאַנק, עס איז גענוג צו נעמען ספקן אין דער ריכטיקייט פון נביאס נבואות, כדי דעם נביאס פאָרויסזאָגונגען זאָלן צערונען ווערן ווי אַ חלום, פון וועלכן מע כאַפּט זיך אויף...

„איר זאָלט נישט מורא האָבן;

זאָלן געשטאַרקט ווערן אייערע הענט״, זאָגט זכריה הנביא.

נאָר דאַן ווען מע גלייבט, האָט מע נישט קיין מורא און די הענט ווערן געשטאַרקט....

אויב עס זיצן היינט זקנים און זקנות אין די גאַסן פון ירושלים; אויב עס שפּילן זיך היינט אין אירע גאַסן יינגלעך און מיידלעך, איז דאָס נאָר דערפאַר ווייל אונדזער דור האָט געפאָלגט דעם נביא —

און געגלייבט... און נישט מורא געהאַט...

## ט״ז) דער נביא ווי אַ פּאָליטיקער

אַז די נביאים האָבן אָפּט געוואָרפן זייער געוויכט אויף דער פּאָליטישער וואָגשאָל פון זייער צייט, איז קלאָר פאַר יעדן איינעם וואָס קוקט נאָר פון צייט צו צייט אַריין אין תנ״ך.

עס איז גענוג צו לייענען די קאַפּיטלען כ״ז—כ״ט און ל״ז—ל״ח פון ספר ירמיה, ווי אויך די קאַפּיטלען ל׳—ל״א פון ספר ישעיה (און אומצייליקע שטעלן ביי אַלע נביאים), כדי צו זען אַז די נביאים האָבן געקעמפט נישט נאָר קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט און קעגן זיטן־פאַרדאַרבונג, נאָר אויך קעגן פּאָליטישער לייכטזיניקייט.

ווען ירמיה באַקעמפט די אילוזיע, אַז די הערשאַפט פון בבל וועט שוין אָט־אָט פּלאַצן און מע מעג מורד זיין אין איר — איז ער אַ פּאָליטיקער, אַ פּאָליטישער טוער; ווען ישעיה לאַכט אויס דאָס זוכן שוץ ביי מצרים קעגן אשור, איז ער אַ פּאָליטיקער.

ווי פּאָליטיקערס האָבן זיי אָפּגעשאַצט אַז בבל וועט נאָך אַזוי שנעל נישט צוזאַמענברעכן און אַז אשור איז שטאַרקער פאַר מצרים.

מע דאַרף אָננעמען, אַז זייערע פּאָליטישע אורטיילן האָבן זיך באַזירט נישט נאָר אויף דער איבערצייגונג, אַז גאָט זאָגט זיי אונטער וואָס צו זאָגן, נאָר אויך אויף אַ רעאַליסטישער אָפּשאַצונג פון די פּאָליטישע כוחות־פאַרהעלטענישן; אָבער מיר קאָנען זיכער זיין אַז די דאָזיקע רעאַליסטישע אָפּשאַצונג האָט אין אַ גרויסער מאָס זיך באַזירט אויף זייער פעיקייט אינסטינקטיוו אַרויסצופילן דעם אמת און אויך אויף אַ געוויסער עטישער וועלט־אַנשויונג, אין וועלכער זיי האָבן טיף געגלייבט און וועלכע האָט באַשטימט זייער גאַנצן לעבנס־קאַמף, זייער איינשטעלונג צו יעדער לעבנס־פּראָבלעם, — אויך צו פּאָליטיק.

פאַראַן, לויט מיין מיינונג, פיר עיקרדיקע וועלט־אַנשויונגען (און במילא: לעבנס־אַנשויונגען):

1) די וועלט־אַנשויונג פונעם ריין־רעליגיעזן מענטשן: גאָט האָט אַלץ געשאַפן און מיר קאָנען נישט וויסן — און במילא קאָנען מיר נישט אורטיילן צי דאָס שלעכטס איז נישט גוט און נייטיק; מיר דאַרפן אַלץ מקבל באהבה זיין, ווי זינלאָז דאָס זאָל אונדז נישט פאָרקומען, און ווי פּיינפול דאָס זאָל נישט זיין פאַר אונדז;

2) די וועלט־אַנשויונג פונעם ריין־פילאָסאָפישן מענטשן: אַ שפּינאָזע האָט אַזאַ הנאה פון זיין אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט אַז אַלץ איז לגבי איר קליין און נישטיק, ער זאָל קאָנען איבער עפּעס וויינען אָדער לאַכן, — אַלץ ליגט אַזוי טיף אונטער דער אינטעלעקטועלער הויך, אויף וועלכער ער שוועבט און פון וועלכער אַלץ זעט זיך קוים אָן;

3) די וועלט־אַנשויונג פונעם ריין־וויסנשאַפטלעכן מענטשן: אַלץ דאַרף געפאָרשט ווערן, כדי צו דערגיין די אייגנשאַפטן פון יעדער זאַך, די סיבות פון יעדער דערשיינונג, ווייל אינעם וויסן ליגט די קראַפט אויסצובעסערן, צו שטייגן

העכער אויפן וועג פון עוואָלוציע, וואָס פירט אומפאַרמיידלעך אַלץ העכער, צו אַלץ בעסער. ביי אַזאַ איינשטעלונג איז קיין שום זאַך נישט דערדריקנדיק, ווייל אַלץ איז מיסתמא נישט נאָר לטובה (ווי דער רעליגיעזער מענטש דענקט), נאָר זיכער לטובה, — מע דאַרף דעריין נישט גלייבן, — מען ווייס;

4) די וועלט־אַנשויונג פונעם רייך־עטישן מענטשן (דעם נביא־טיפּ): עס טאָר נישט זיין אַזוי! עס מוז זיין אַט־אַזוי! און אויב עס איז נישט אַזוי ווי דער עטישער אידעאַל פאָדערט, דונערט ער קעגן דעם אומעטישן צושטאַנד, ווייל ער ווייס אַז דאָס מוז פירן צו שטראָף, צו אומקום, ווייל דאָס איז אין סתירה צום סדר פון דער וועלט, ווייל דאָס מוז אונטערגראָבן די גלייכ־געוויכט, אויף וועלכער די וועלט האַלט זיך.

עס איז, אייגנטלעך, דאָ נאָך אַ וועלט־אַנשויונג, אפשר די פאַרשפּרייטסטע (בפרט אין אונדזער דור פון אומגעאַנטן „פּראָגרעס״), — די וועלט־אַנשויונג פונעם ציניש מענטשן: עס איז שלעכט, אומגערעכט, געמיין, אָבער אַנדערש איז אוממעגלעך, און דעריבער — כאַפּ אַריין, לאָז זיך ווילגיין, אויף וועמענס חשבון דאָס זאָל נישט זיין. ס'איז סיי־ווי לית־דין ולית־דיין!...

אָבער די דאָזיקע „וועלט־אַנשויונג״ ווילט זיך נישט צורעכענען צו די עיקר־דיקע וועלט־אַנשויונגען. עס איז אַ באַליידיקונג פאַר זיי זי אויסצורעכענען אין איין אָטעם מיט זיי: אויף צו האָבן אָט־די „וועלט־אַנשויונג״ דאַרף מע קיין מענטש נישט זיין, — עס האָט זי אויך דער חזיר און בכלל יעדע חיה און יעדע בהמה...

דעם נביאס צוגאַנג צו דער וועלט איז נישט נאָר נישט פילאָסאָפיש און נישט וויסנשאַפטלעך, נאָר אויך נישט טיפּיש רעליגיעז. און דעריבער הערט זיך אין תנ״ך כסדר דער אונטערטאָן פון רעוואָלט קעגן גאָטס דרכים. דער נביאישער גייסט איז גרייט צו דונערן קעגן גאָט אַפילו, ווען עס גייט אינעם עיקר פון זיין וועלט־אַנשויונג: אינעם עטישן פּרינציפּ.

שוין אָפּגערעדט אַז דער דאָזיקער עיקר דאָמינירט אין זייער פּאָליטישער איינשטעלונג.

*

איך ווייס: אינעם צייטאַלטער פון מאַרקסיזם, וואָס ווייס געענוי פון פאָרויס יעדע באַוועגונג פון דער געשיכטע; ווען ס'איז גענוג צונויפצורעכענען סטאַטיס־טישע און עקאָנאָמישע ציפערן, כדי צו וויסן וואָס עס וועט געשען אין געביט פון פּאָליטיק און פון סאָציאַלן לעבן, — אין אַזאַ צייט איז מען שטאַרק אָפּגע־שטאַנען, ווען מע קומט ריידן וועגן דער עטיש־באַזירטער געשיכטס־פילאָסאָפיע פון די נביאים.

און דאָך האָב איך דעם מוט צו זאָגן, אַז זיי, די אַלטמאָדישע נביאים, מיט זייער אַלטמאָדישער עטישער וועלט־אַנשויונג און געשיכטס־פילאָסאָפיע, זיי־נען געווען אַ סך גרעסערע רעאַליסטישע פּאָליטיקערס ווי די היינטיקע.

די היינטיקע פּאָליטיקערס — סיי פון מאַרקסיסטישן, סיי פון אַנטי־מאַרק־סיסטישן לאַגער, — באַזירן זייערע טריט און אורטיילן אויף באַריכטן פון עקס־פּערטן, וואָס רעכענען זיך נאָר מיט דעם וואָס קאָן געציילט און צונויפגערעכנט ווערן.

די לעצטע דרייסיק יאָר וועלט־פּאָליטיק, — פון ווערסאַל ביזן באַנער אָפּ־מאַך צווישן ד״ר אַדענאַוערס נאַצי־דייטשלאַנד און די אַליאירטע, — זיינען אַ פאַרניכטנדיקער גבית־עדות קעגן דער „אַלץ־וויסערישער" פּאָליטיק פון די סאָ־ציאַל־וויסנשאַפטלעכע עקספּערטן. ס׳אַראַ פאַלשע נביאים זיי זיינען געווען, אָט־די אַלע רעאַל־פּאָליטיקערס!

זיי האָבן געוווסט גענוי אַז מוסאָליני וועט נאָך אַ האַלב יאָר מילחמה מיט אַביסיניע באַנקראָטירן און פאַלן; זיי האָבן געוווסט גענוי, אַז היטלער־דייטש־לאַנד וועט נישט אויסהאַלטן פינאַנסיעל; אַז היטלער־דייטשלאַנד וועט זיך האַלטן דריי חדשים און דאַן וועלן די אַנטוישטע מאַסן איבערגעבן די מאַכט די קאָמוניסטן, — און מאַלע וואָס זיי האָבן אַלץ געוווסט און פאָרויסגעזאָגט?!

האָבן זיי טאַקע געפירט און פאַרפירט אַ וועלט!

איך בין זיכער אַז דער דיאַגנאָז פון די נביאים וועגן אונטערגאַנג פון ישראל און יהודה, פון אשור און בבל, האָט זיך מער באַזירט אויפן עטישן פאַקטאָר אין דער וועלט־געשיכטע ווי אויף סאָציאַל־עקאָנאָמישע אויסרעכענונגען. ווען אומרעכט און אומּמאָראַלישקייט פלעגן נעמען וווכערן אין אַ מלוכה, פלעגן די נביאים דערשפירן מיט זייער פיינעם עטישן חוש דעם ריח פון פוילעניש, פון סאָציאַל־פּאָליטישער צעלייגונג, פון סאָציאַל־פּאָליטישן פונאַנדערפאַל.

דער ספר „יונה" ברענגט בולט אַרויס דעם גלויבן אין אָט־דער אַבסאָלו־טער מאָס: נינוה וועט חרוב ווערן, ווייל איר אומרעכט דערגרייכט ביז צום הימל. אָבער ווען נינוה טוט תשובה — קומט זי נישט אום.

דאָס איז נאַיוו אויסגעדריקט, אָבער אין דעם דאָזיקן נאַיוון אויסדרוק איז דאָ אַ געזונטער קערן.

זיי האָבן נישט אַנאַליזירט דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מצב פון אַ לאַנד, כדי צו מאַכן פון דאָזיקן מעכאַנישן אַנאַליז מעכאַנישע אויספירן: זיי האָבן געזען און געפילט דעם קראַנקן מאָראַלישן צושטאַנד און מיט זיכערקייט פאָרויסגעזאָגט דעם פיזישן צוזאַמענברוך.

זיי פלעגן נישט פאָרויסזען און נישט פאָרויסרעכענען די פּאָליטישע קאַ־טאַסטראָפע, נאָר זי פאָרויספילן, אַרויספילן.

אַז זייער מעטאָד איז געווען אַ ריכטיקער, קאָן מען אויפווייזן אויך פון דער היינטיקער געשיכטע.

האָט מען דען נישט פאָרויסגעפילט פראַנקרייכס גורל (איר קאַפּיטולאַציע פאַר היטלערן) אין איר נאַציאָנאַלער דעמאָראַליזאַציע פון פאַר דער מילחמה?

און צי דען דאַרף מען האָבן עקספּערטן און וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן כדי פאָרויסצוזאָגן דעם צוזאַמענברוך פון דער היינטיקער וועלט? עס איז גענוג ווי געהעריק צו דערשפירן איר אַמאָראַלישקייט (ווי זי האָט רעאַגירט — אָדער ריכטיקער: ווי זי האָט לחלוטין נישט רעאַגירט — אויף דעם ווילדן בושעווען פון די דייטשן אין די געטאָס פון פוילן!), כדי צו וויסן, אַז אַ וועלט וואָס האָט פאַרלוירן דעם עלעמענטאַרסטן חוש פאַר מאָראַל, קאָן נישט בלייבן לעבן, מוז סוף־כל־סוף אַריינפאַלן אין די הענט פון נאַציזם אָדער פון באָלשעוויזם, צו איי־נער פון די צוויי זעלבסט־צעשטערערישע כוחות, וואָס די עטיש־פוילנדיקע וועלט

האָט אַרויסגעבראַכט, ווי אַ פיזיש־פוילנדיקער קערפּער גיט אַרויס גיפטן און שאַפט אַ באָדן פאַר טויטלעכע מיקראָבן.

*

און נישט נאָר בעסערע פאַרויסזאָגערס זיינען די נביאים געווען; זיי זיינען געווען אויך בעסערע טעראַפּיקער: זיי האָבן געוווסט דעם זיכערסטן הייל־מיטל קעגן פּאָליטישע קאַטאַסטראָפעס: תשובה טאָן, אויסראָטן אין זיך דעם באַציל וואָס ברענגט פוילעניש און אומקום.

נישט קיין עקאָנאָמישע עקספּערטן האָט די וועלט נייטיק, — נישטאָ אַזעלכע וויסנשאַפטלעכע עקספּערטן וואָס זאָלן זיין בכוח צו היילן די פונאַנדערפאַלנדיקע וועלט, — נביאים זיינען איר נייטיק, וואָס האָבן אַ חוש־הריח פאַר גייסטיק־מאָראַלישער פוילעניש.

נישט קיין עקספּערטן — מיט באַבסקע רפואות — פאַרן דאָלאַר־קריזיס זיינען נייטיק, נאָר גרויסע עטישע אויפטרייסלערס, גרויסע מוסר־זאָגערס, גרויסע שטראָפערס זיינען נייטיק.

אָט די דאָזיקע וואָלטן געווען געזען אַז אַ וועלט וואָס קאָן אַמנעסטירן די נאַציס (צי לויטן מערב־נוסח, צי לויטן מיזרח־נוסח) איז רייף פאַרן אונטערגאַנג.

און קיין שום זאַך קאָן איר נישט ראַטעווען פון דער פאַרדינטער שטראָף וואָס רייפט אין איר גופא מיט יעדן ווייטערן שריט אירן, וואָס איז אַ פּאַטש אין פּנים דעם עלעמענטאַרסטן געפיל פון יושר.

פונקט ווי אַ מענטש קאָן לאַנג נישט לעבן אויב ער וויל כסדר גיין אויף די הענט, אַזוי קאָנען פעלקער לאַנג נישט לעבן ווען זיי ווילן זיך אין גאַנצן אַרויסברעכן פונעם עטישן געזעץ, וואָס מע קאָן אים סטאַטיסטיש נישט באַווייזן, און ער לאָזט זיך כעמיש נישט אַנאַליזירן, אָבער די נביאים האָבן אים דערשפּירט מיט אַ שאַרפקייט, וואָס פאַר זיי און נאָך זיי האָט דאָס קיינער נישט פאַרמאָגט...

נישט קיין עקספּערטן און נישט קיין פּאָליטישע פילאָסאָפיעס קאָנען ראַטעווען די וועלט, נאָר דער נביאישער אינסטינקט, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך אין פרייד און אין אומגליק, און אָננעמענדיק אָט דעם גלויבן מיטן גאַנצן הארצן, אָן הינטער־געדאַנקען, זיך באַוועגן פאָרויס לויט זיין דיקטאַט.

אויב דאָס איז נישט מעגלעך, איז נישטאָ קיין אויסוועג...

## י״ז) דער נביא וואָס איז קיין נביא נישט (יונה)

„און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו יונה דעם זון פון אמיתין אַזוי צו זאָגן״.

אָט מיט דער פאָרמולע, מיט וועלכער עס וואָלט זיך געקאָנט אָנהייבן דער ספר פון יעדן נביא, הייבט זיך אָן איינע פון די ווייניקע קלאַסישע דערציילונגען אין תנ״ך.

דער תנ״ך פאַרמאָגט אָן אַ שיעור דערציילערישע עלעמענטן, וואָס זיינען פאַרשפּרייט אין דער גרעסטער טייל פון זיינע ספרים, — באַזונדערס אין חומש און נביאים ראשונים (און אַ מאָל איז דאָרט פאַראַן אַ פולקאָמע דערציילונג ווי „יוסף און זיינע ברידער״), אָבער קלאַסישע דערציילונגען ווי באַזונדערע ספרים, זיינען אין אונדזער תנ״ך דאָ נאָר דריי: רות, אסתר און יונה.

„רות״ איז אַן אידיליע, „אסתר״ — אַ טיף־פּסיכאָלאָגישע דערציילונג אויף אַ נאַציאָנאַל־טראַגישער טעמע מיט אַ מעלאָדראַמאַטיש־אַוואַנטוריסטישער פּאָטשעווקע, און „יונה״ איז אַ מוסטער פון אַ סימבאָלישער דערציילונג (הגם דער מוסטער איז ווייט נישט מוסטערהאַפט).

דאָס רעליגיעז־עטישע אין דער דאָזיקער דערציילונג קוקט אַרויס אויף אונדז פון יעדן פון די פיר קאַפּיטעלעך פון דעם דאָזיקן אויסערלעך קורצן און אינערלעך ברייטן ווערק.

דאָס ערשטע קאַפּיטל ווייזט אונדז בולט (נאָך ווי בולט!) אַז פון גאָט קאָן מע נישט אַנטלויפן; אין צווייטן קאַפּיטל זעען מיר אַז דער וועג צו גאָט — דורך אויפריכטיקער תפילה — איז תמיד פריי, אַפילו פון ענגסטן, אָפּגעשלאָסנסטן אָרט — פון די געדערעם פון אַ פיש אין די טיפענישן פון ים; דאָס דריטע קאַפּיטל לערנט אונדז, אַז תשובה העלפט צו צערייסן דעם שווערסטן גזר־דין, אַפילו פון גאָט; און דאָס פערטע קאַפּיטל ווייזט אונדז די קער־זייט פונעם אל קנא ונוקם — דעם אב הרחמים.

אָבער וואָסער ווערט וואָלטן געווען געהאַט אָט־די דאָזיקע פיר גרויסע מוסר־השכלס, אויב זיי וואָלטן אונדז נישט דערלאַנגט געוואָרן אין אַ סימבאָלישער דערציילונג־פאָרעם, וואָס איז נישט דורך און דורך, אָבער אין אַ גרויסער טייל — עכטע דיכטונג?

*

נישט איין נביא האָט געוואָלט אויסמיידן צו זיין גאָטס שליח. אַ סך האָבן זיך געוועהרט קעגן דעם דאָזיקן גורל. אָבער קיינער פון זיי האָט זיך נישט דערטראַכט צו אַזאַ מין מיטל ווי יונה: ער איז פּשוט אָפּגעפאָרן אין אַן אַנדער לאַנד און נישט איבערגעלאָזן זיין אַדרעס: ווען גאָט וועט נאָך אַ מאָל קומען צו אים, דרייען אים אַ קאָפּ מיט דער שליחות קיין נינוה, וועט ער אים נישט געפינען אין דער היים.

ווי פרימיטיוו עס איז יונהס אַנטלויפן פון דעם נביאישן גורל, ווען מע פאַרגלייכט אים מיט ירמיהס!

פאַר יונהן איז נאָך גאָט פון דרויסן, — ער זאָגט צו די מאַטראָסן אַז „דעם גאָט פון די הימלען טו איך פאָרכטן״. אמת, ער גיט־צו אַז דאָס איז דער גאָט פון די הימלען, „וואָס האָט געמאַכט דעם ים און די יבשה״, אָבער דער גאָט פון די הימלען, פון ים און פון דער יבשה וווינט נאָך נישט שטענדיק ביי אים, ביי יונהן אין האַרצן. גאָט איז אומעטום אין דרויסן, אָבער אין יונהס חדרי־חדרים, אין די טיפעניש פון זיין האַרץ, פון זיין נשמה, איז ער נישטאָ, בכל אופן איז ער דאָרט נישט קיין שטענדיקער גאַסט. און ער קאָן דעריבער פּרווון אַנטלויפן פון אים.

ירמיה האָט שוין נישט געהאַט די דאָזיקע באַרויִקנדיקע אילוזיע, וואָס לאָזט יונהן אין אַ שטורעם (וואָס גאָט לאָזט פריי צוליב אים) אַראָפּנידערן „אין ווינקל שיף״ און זיך לייגן שלאָפן און — טאַקע איינשלאָפן.

ירמיה קאָן זיך בלויז פאַרגינען צו ט ר ו י מ ע ן וועגן אַ האַרבעריק אין אַ מידבר, וווהין ער זאָל קאָנען אַנטלויפן, — פּרווון אַנטלויפן פון גאָטס שליחות פּרוווט ער גאָר נישט, ווייל ער ווייס: ער „איז אין מיין האַרצן ווי אַ ברענענדיק פייער״.

דאָס איז נישט אַזוי דערפאַר ווייל יונה איז נאָך אַ פּרימיטיווער נביא, נאָר דערפאַר ווייל יונה ווי אַ נביא איז אַ בלאַסער סימבאָל, אַ פּאַפּירענער. ווען ער שרייט צו גאָט פון פיש אינגעווייד, איז דאָס גאָר נישט זיין, יונהס, אינדיווי־דועלער געשריי: דער מחבר לייגט אים אַריין אין מויל אַ פאַרטיקע תפילה, וואָס מע קאָן זאָגן נאָך אַ רעטונג פון יעדער צרה און נישט דווקא ווען מע געפינט זיך נ אָ ך אין די געדערעם פון אַ פיש פאַר אַן אינדיווידועלער עבירה.

און אויך ווען יונה פירט שוין אויס גאָטס שליחות און ער גייט קיין נינוה איר אָנזאָגן די בשורה פון אומקום, האָט ער נישט פאַר איר קיין איין נביאיש־ליידנשאַפטלעך וואָרט. דער מחבר לייגט אים אַריין אין מויל בלויז אַן אומפּער־זענלעכע פאָרמולע־פראַזע: „נאָך פערציק טעג און נינוה ווערט איבערגעקערט״.

ער לאָזט די נינוה־איינוווינערס אַפילו נישט וויסן פאַר וואָס נינוה וועט איבערגעקערט ווערן.

און ווער עס קען דעם תנ״ך ווייס, אַז ער האָט ליב קורצקייט אומעטום, — נאָר נישט ביי שטראָף־רייד.

זעט, אַדרבא, ווי דער אמתער נביא נחום, וואָס איז אויף אַן אמת געשיקט געוואָרן קיין נינוה, לאָזט זיך אַראָפּ (אין קאַפּיטל ג׳) אויף דער דאָזיקער שטאָט ווי אַ וואָלקן־בראָך פון צאָרן. פייער־פלאַמען רייסן זיך פון יעדן וואָרט!

אָבער יונה?

דער נביא איז אַפילו צו־טונקל פאַר אַ טעלעגראַם־סטיל! און ווי שנעל ער ווירקט אויף נינוה! דער מחבר גייט גלייך, אָן שהיות, צו זיין מוסר־השכל.

ניין, אָן אַ זעלבשטענדיק־אינדיווידועלער שפּראַך ביי תפילה־טאָן און ביי שטראָפן, — איז נישטאָ קיין נביא.

און יונה איז טאַקע נישט קיין נביא.

יונה ווי אַ נביא (און זיין תפילה און זיין נביאות־זאָגן) איז דער סאַמע בלאַסטער, בלוטלאָזער סימבאָל אין דער דאָזיקער פּראַכטיקער סימבאָלישער דער־ציילונג (אין אָנהייב און צום סוף). דערפאַר אָבער איז ער אַ לעבעדיקער טייל פון דער דערציילונג ווי אַ מענטש, ווען עס פאַלט אָפּ פון אים די נביא־צוטשע־

פּעניש און זי בלייבט פון דרויסן, לאָזט אים האַנדלען בלויז ווי אַ מענטש אָדער ריכטיקער: ווי אַ טייל פון דער דערציילונג, פון איר דיכטעריש־סימבאָלישן מעכאַניזם.

יונה איז אַ פּשוטער מענטש, וועמען דער מחבר פאַרשטעלט פאַר אַ נביא, כדי ער זאָל קאָנען אויסדריקן זיינע רעליגיעז־עטישע געדאַנקען אויף אַ סימבאָליש־דיכטערישן אופן.

יונה אַנטלויפט פון גאָט. אָבער פון גאָט קאָן מע נישט אַנטלויפן, לויטן מחברס גלויבן. און גאָט יאָגט אים נאָך מיט אַ שטורעם. גאָט זוכט יונהן און ער וועט אים געפינען: דער גורל איז געפאַלן אויף אים פון פריער, נאָך איידער די נאַזוועע, גאָטפאַרכטיקע מאַטראָזן וואַרפן גורל, — גאָט האָט באַשטימט דעם דאָזיקן גורל, פון וועלכן קיינער קאָן נישט אַנטלויפן.

ווי געזאָגט, פאַרמאָגט יעדער פון „יונה"ס פיר קאַפּיטלעך אַ רעליגיעז־עטישן מוסר־השכל, אָבער דער ערשטער קאַפּיטל פאַרמאָגט נאָך עפּעס: איינע פון די דיכטערישע שטעלן אין תנ"ך, וואָס געהערן צו די שענסטע. די סצענע אויף דער שיף רירט יעדנס האַרץ מיט איר נאַזווער רעליגיעזיטעט און מיט איר האַרציקער מענטשלעכקייט.

אין תנ"ך, וואָס איז דורך און דורך עלעקטריזירט פון קנאות פאַרן איינציקן גאָט, ווירקט אַזוי אידיליש, ממש באַרויִקנדיק (נישט געקוקט אויפן געפערלעכן שטורעם) די זעלבסטפאַרשטענדלעכע טאָלעראַנץ פון די מאַטראָזן, וואָס יענער איינער פון זיי שרייט צו זיין אייגענעם גאָט. דאָס איז אַזוי נאַטירלעך אַז ווען דער עלטסטער פון די שיפלייט וועקט אויף דעם שלאָפנדיקן יונה, כדי אויך ער זאָל תפילה טאָן, הייסט ער אים נישט בעטן צו גאָט, נאָר: „רוף צו ד יי ן גאָט".

נישטאָ קיין קריג צווישן געטער, — עס איז ווי איין גאָט אין פאַרשיידענע געשטאַלטן, וואָס יעדער זעט אים אַנדערש און דינט צו אים אויף אַן אַנדערן אופן, אָבער אין תוך איז דאָס דער זעלביקער פיל־געשטאַלטיק־איינהייטלעכער גאָט.

אַלע מאַטראָזן רופן צו זייערע געטער, אויך יונהן הייסט דער עלטסטער רופן צו זיין, יונהס, גאָט, אָבער דער עלטסטער גיט־צו: „אפשר וועט זיך גאָט באַדאַכטן אָן אונדז און מיר וועלן נישט אונטערגיין".

הינטער די געטער פון אַלע מאַטראָזן שטייגט־אויף פאַרן עלטסטן גאָט, ד ע ר גאָט, אין איינצאָל: ער באַנוצט דעם פּלוראַל („אלהים") אין איינצאָל („יתעשת").

און ווען דער גורל פאַלט אויף יונהן, און ער ווערט אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט: אָט איז דער מענטש וואָס צוליב אים איז זייער לעבן איינגעשטעלט, נעמט אַרום די מענטשן אַזאַ טיפע אימה, — נישט קיין פיזישע, נאָר אַ רעליגיעזע: זיי פילן גאָטס האַנט אויפן דאָזיקן מענטשן און עס גייט זיי דורך אַ ציטער איבער די שפּיצן נערוון: „האָבן די מענטשן מורא געקראָגן אַ גרויסע מורא און זיי האָבן צו אים געזאָגט: וואָס האָסטו דאָ געטאָן?"

„וואָרעם די מענטשן האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער אַנטלויפט פון גאָט, ווייל ער האָט דאָס ז יי געזאָגט".

דאָרט, ווו מענטשן שפּירן באמת אַ גרויסע מורא פאַר גאָט, ווערן זיי מענטשלעך.

נישט נאָר זיי וואַרפן אַליין נישט אַריין יונהן אין ים, ווי דעם געפּערלעכסטן באַלאַסט אויף דער שיף, נאָר ווען ער אַליין לייגט זיי דאָס פאָר, קאָנען זייערע פרום־נאַיִווע הערצער נישט פועלן ביי זיך דאָס צו טאָן. דער שטורעם וואָס הייבט זיך אויף אין די הערצער פון די דאָזיקע געצנדינערישע מאַטראָזן איז די ריינסטע געטלעכע עבודה, צו וועלכער מענטשן קאָנען זיך דערהייבן: דער דאָזיקער מענטש איז זינדיק לגבי גאָט, גאָט יאָגט אים נאָך מיט שטורעם, ער, דער חוטא, איז מקבל באהבה דעם גזר־דין, און פּנים־אל־פּנים מיטן ים, וואָס איז געוואָרן אַלץ שטורעמדיקער, זאָגט ער צו זיי: „הייבט מיך אויף און וואַרפט מיך אַריין אין ים, און דער ים וועט זיך איינשטילן פאַר אייך; וואָרעם איך וויים, אַז איבער מיר איז דער דאָזיקער גרויסער שטורעם אויף אייך", — אָבער זיי, די מאַטראָזן, וואָס די מורא פאַר גאָט אין זייערע הערצער איז נישט ווייניקער שטורעמדיק־צעוויגט ווי דער ים, קאָנען ביי זיך נישט פועלן צו טאָן יונהס און גאָטס פאַרלאַנג.

ווי צניעותדיק דער גרויסער דיכטער פון ספר „יונה" קלעמט אַריין אין איין זאַץ אַלץ, וואָס די מענטשן האָבן געטאָן (ווייל געוועדט צו יונהן האָבן זיי גאָר נישט). „און די מענטשן האָבן גערודערט זיך אומצוקערן צו דער יבשה, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט, וואָרעם דער ים האָט נאָך אַנאַנד געשטורעמט אַקעגן זיי".

ערשט איצט האָבן זיי געזען בחוש, וואָס גאָט פאַרלאַנגט פון זיי און אַ רירנדיקע תפילה, אַ פאַרזענלעכע, געבוירן פון די באַדינגונגען פון מאָמענט (נישט ווי יונהס תפילה פון די געדערעם פונעם פיש), רייסט זיך אַרויס פון זייערע פרומע הערצער:

„האָבן זיי גערופן צו גאָט, און האָבן געזאָגט: מיר בעטן דיך, גאָט, לאָמיר נישט אונטערגיין פאַר דעם לעבן פון דעם דאָזיקן מענטשן, און זאָלסט נישט ברענגען אויף אונדז אומשולדיק בלויט, וואָרעם דו גאָט, אַזוי ווי דו באַגערסט טוסטו.

און זיי האָבן אויפגעהויבן יונהן, און האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין ים, און דער ים האָט זיך אָפּגעשטעלט פון זיין שטורעמען. און די מענטשן האָבן מורא געהאַט אַ גרויסע מורא פאַר גאָט און זיי האָבן געשלאַכט אַ שלאַכט־אָפּפער צו גאָט און גענומען אויף זיך נדרים".

דער מחבר האָט געוואָלט באַווייזן גאָטס קראַפט, פון וועלכער מע קאָן נישט אַנטלויפן, אָבער דאָס איז נישט אַרויסגעקומען טענדענציעז־טרוקן ווי אין צווייטן קאַפּיטל, נאָר ביים דערווייזן זיין טעזע, גיט ער אַ בילד פון מענטשנס נאַיִווער פרומקייט, וואָס שטעלט אין שאָטן גאָטס קראַפט: גאָט וויל זיין קרבן, אָבער ער קאָן אים אַזוי לייכט נישט באַקומען:

„און די מענטשן האָבן גערודערט זיך אומצוקערן צו דער יבשה", קעגן ווילן פון גאָט.

און אַז זיי זיינען שוין פאָרט געצוווּנגען באַקומען גאָטס מאַכטיקן ווילן, פילן זיי דאָס נאָך אַלץ ווי אַ זינד לגבי זייער מענטשלעכקייט און זיי בעטן גאָט, ער זאָל זיי מוחל זיין פאַר וואָס זיי פאָלגן אים, פאַר וואָס זיי טוען זיין גרויזאַמען ווילן.

דער ערשטער קאַפּיטל פון „יונה“ איז נישט נאָר אַ גרויס דיכטעריש ווערק לויט זיין פּשטותדיקער נאַיוויקייט, נאָר אויך לויטן אָטעם פון טיפער פשטותדיקער מענטשלעכקייט, וואָס ריזלט אים דורך און מיט וואָס ער ריזלט אונדז דורך.

*

ווען יונה וואָלט געווען אַ נביא, וואָלט ער דאָך געוואָלט באַדאַרפט זיין פון די גליקלעכסטע: אַ סך נביאים האָבן געשטורעמט, אַז אויב מע וועט נישט הערן זייערע רייד, וועט מען אומקומען. אָבער וויפל האָבן געהאַט דאָס גליק מע זאָל זיך צו זייערע רייד צוהערן?

און יונהן איז דאָס געלונגען! און ווי לייכט אים איז דאָס אָנגעקומען! וואָלט דען יונה, ווען ער וואָלט געווען טאַקע אַ נביא, געוווען געבענקט נאָכן גורל פון זיינע גרויסע חברים־נביאים, וואָס אַלע האָבן איבערגעלעבט די גרעסטע טראַגעדיע, וואָס קאָן אויספאַלן אויפן גורל פון אַ מענטשן: זען דעם גרויסן בראָך, וואָס רוקט זיך אָן, וואָרענען פאַר אים, אָנווייזן אויף אַ וועג פון רעטונג און — שרייען אומזיסט־אומנישט, ווי אַ קול אין דער מידבר?

וואָלטן דען יונהס ווערטער „און אַצינד, גאָט, נעם־צו, איך בעט דיך, פון מיר מיין נפש, וואָרעם בעסער איך זאָל שטאַרבן, איידער איך זאָל לעבן“, נישט פּאַסיקער געווען פאַר די אַנדערע נביאים, די נישט־דערהערטע, ווי פאַר יונהן, דעם דערהערטן נביא?

פאַר זיי, פאַר די דערפאָלגלאָזע נביאים, וואָלטן דאָך די דאָזיקע ווערטער געווען זיין פּאַסיקער, ווי אַפילו פאַר אליהו הנביא, נאָך זיין דערפאָלגרייכער שטיקל אַרבעט. יובלען האָט ער דאָך באַדאַרפט, יונה דער נביא! יובלען האָט ער דאָך באַדאַרפט, איינער פון די ווייניק גליקלעכסטע, אפשר דער גליקלעכסטער נביא!

און ער וואָלט טאַקע געווען געיובלט, ווען ער זאָל געווען זיין אַ נביא!

דער מחבר באַזאָרגט אים אָבער מיט אַ פאַלשן נאָמען, כדי צו קאָנען מאַכן זיינע מוסר־השכלס, — דאָס מאָל זיין פערטן מוסר־השכל, אַז גאָט איז אַן אל רחום וחנון.

און ווי חנעוודיק ער טוט דאָס אינעם פערטן, לעצטן קאַפּיטל פון זיין קליינער דערציילונג. ווי פיין עס ווערט אַרויסגעבראַכט די שוואַכקייט פון מענטשנס נאַטור: צי נינוה, די גרויסע שטאָט, מאַכט צונישט זיין נבואה, צי אַ ריצן־בוים ווערט פאַרוועלקט, הגם ער דאַרף אים האָבן, ווערט ער געקרענקט ביז טויט. ער קאָן נאָר טראַכטן וועגן זיך, צי וועגן דער אייגענער קליינער באַקוועמלעכקייט (אַ שאָטן אין דער היץ), צי וועגן דער אייגענער קליינער אַמביציע: זיין נבואה איז נישט מקוים געוואָרן אין אַ דירעקטער פאָרעם! נינוה איז נישט געבליבן ליגן פאַר אים פאַרוויסט, — זי האָט אים אָפּגעטאָן אויף טערקיש: גענומען ערנסט זיין נבואה און צעריסן דעם גזר־דין.

נישט נאָר דאָס אַנטלויפן פון זיין שליחות איז אים נישט געלונגען, נאָר אַפילו דאָס געראַטעוועט ווערן פון שטורעם און פון דעם פישס געדערעם איז אויך געווען אומזיסט... יעדע זאַך וואָס גיט נישט נאָך זיין קליינלעכקייט, פאַרדריסט אים ביז טויט.

אָט־דאָס איז די קראַפט פון עכטער דיכטונג: עס זאָגט תמיד מער, וויפל זי האָט באַוווּסטזיניק בדעה צו זאָגן.

דער צווייטער און דריטער קאַפּיטלען פון „יונה" זיינען בלויז דידאַקטיש־טרוקן, און מער ווי זייער ציל — דעם באַשטימטן מוסר־השכל — דערגרייכן זיי נישט.

אָבער דער קאַפּיטל פיר איז דיכטעריש־שעפעריש, און ער שטייגט אַריבער זיין ציל צו ווייזן ווי רחמימדיק גאָט איז; ער ווייזט אויך — און אפשר דער עיקר — ווי קליינלעך דער מענטש איז, ווי אומגערעכט, ווען עס שטייט אין קאָן זיין קלייניקער אינטערעס.

דער מוסר־השכל האָט זיך דאָ באַנוצט, ווי אין קאַפּיטל איינס, מיט אַ דיכטערישן סימבאָל, און דאָס שטראַלט אויס פאַר אונדז זיין אייגענע ליכט, נישט נאָר דעם מחברס מוסר־השכל.

דער מחבר האָט אונדז, לויטן פּלאַן פון גאַנצן ווערק, געוואָלט ווייזן גאָטס עכטע נאַטור, און ער ווייזט אונדז גאָר די עכטע נאַטור פון מענטשן.

# י״ח) ירמיה

אחד העם האָט אַמאָל געשריבן וועגן דעם אַז די דערשיינונג פון די נביאים איז אַזוי ווייט פון אונדז, אַז מיר קענען זי אַפילו נישט באַגרייפן.

מיר דאַכט זיך אָבער, אַז ווען אחד העם האָט אויסגעדריקט דעם דאָזיקן — אין אַלגעמיין גאַנץ ריכטיקן — געדאַנק, האָט ער פאַרגעסן אין ירמיה הנביא. ווען די געשטאַלט פונעם דאָזיקן טרויערנדיקן נביא וואָלט אין יענעם מאָמענט דערשינען פאַר אים, וואָלט ער געוווּן געגומען ספקן אין דער אַבסאָלוטער אמת־דיקייט פון זיין געדאַנק: איז דאָך אונדז ירמיה אַזוי נאָענט אַז מיר פאַרגעסן אָפּט, לייענענדיק אים, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ נביא וואָס איז נישט צוטריט־לעך פאַר אונדזער פאַרשטאַנד. מיר זעען און פילן פאַר זיך אַ מענטשן, אַ פּאָ־ליטישן טוער, אַ סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן קעמפער, אַ דיכטער פון צער און צאָרן, וואָס איז אונדז נאָענט, ווּעמען מיר קאָנען פאַרשטיין.

נישט אומזיסט האָבן זיך לעצטנס אַזוי פיל פּאָעטן און היסטאָריקערס פאַר־נומען מיט ירמיהן. אין משך פון די לעצטע דרייסיק יאָר האָט סטעפאַן צווייג אָנגעשריבן זיין דראַמע „ירמיה״; פראַנץ ווערפעל האָט אָנגעשריבן זיין הער־לעכן ראָמאַן וועגן ירמיה און זיין צייט — „הערט די שטימע״; דער היסטאָרי־קער יאָסיף קאָסטיין האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע מאָנאָגראַפיע וועגן ירמיה הנביא. און דאָס זיינען נאָר די גרויסע געשטאַלטיקערס פון דער ירמיה־געשטאַלט, פאַראַן אויך קלענערע. די דיכטערס און היסטאָריקערס באַשעפטיקן זיך אַזוי פיל מיט ירמיהן נישט נאָר דערפאַר, ווייל דער דאָזיקער נביא פון טרויער, דער נביא פון דער עפּאָכע פון קאַטאַסטראָפעס איז נאָענט צו אונדז, די קינדער פון אַ קאַ־טאַסטראָפאַלער עפּאָכע; ירמיה איז דער פּאָפּולערסטער נביא ביי די פּאָעטן און היסטאָריקערס אויך נישט דערפאַר, ווייל זיין ביאָגראַפיע איז די פולסטע צווישן אַלע נביאים, כמעט קלאָר סקיצירט, — ירמיה איז דער באַליבטער העלד פון פּאָעטן און היסטאָריקערס דערפאַר, ווייל ער איז זיי פאַרשטענדלעכער פון אַלע אַנדערע נביאים, ער איז היינטצייטיקער מיט זיין סטיל, וואָס איז אונדז נעענ־טער מיט זיינע פשוט־מענטשלעכע אינטאָנאַציעס פאַר כמעט דער גאַנצער נבי־אימשער ליטעראַטור.

אויך ביי די אַנדערע נביאים באַגעגענען מיר אייניקע שטעלן (למשל, ביי יחזקאלן, ביי חבקוקן און עמוסן) וואָס דערמאָנען אונדז אונדזער גרויסע פּובליציסטיק, אונדזער פּאָעזיע; זיי שוועבן נישט אין די אומצוטריט־לעכע הייכן, ווי די רעדעס פון די נביאים בכלל. אָבער די דאָזיקע נאָענטקייט פון די געדאַנקען און געפילן (און זייער אויסדרוק) דערגרייכט נישט ביי קיינעם פון די נביאים אַזאַ מדרגה, ווי ביי ירמיהן. ער איז אַזוי מענטשלעך (און נישט אי־בערמענטשלעך), אַז אַפילו די דערשיינונג פון נבואה ווערט ביי אים צוטריט־לעכער פאַר אונדזער פאַרשטאַנד, און זי דערשיינט שוין נישט פאַר אונדז מער ווי עפּעס איבערנאַטירלעכס וואָס שטייט מחוץ פון אַלע לעבנס־דערשיינונגען,

נאָר גלידערט זיך איין אין דער אַלגעמיינער היסטאָרישער דערשיינונג פון לי־טעראַטור, ווי איינער פון אירע מינים.

ווי מענטשלעך און פאַרשטענדלעך ירמיה איז יעדן איינעם, וואָס איז אינ־טים באַקאַנט מיט דעם פּעַנאָמען פון ליטעראַטור, ווען ער באַקלאָגט זיך (ירמיה כ׳ 7־9): „האָסט מיך איבערגערעדט, גאָט, און איך בין איבערגערעדט געוואָרן, האָסט מיך איבערגעשטאַרקט, און ביסט בייגעקומען; איך בין געוואָרן צום געלעכטער אַ גאַנצן טאָג, איטלעכער טוט שפּעטן פון מיר. וואָרעם ווען נאָר איך רייד, טו איך שרייען. „אומרעכט און רויב!" רוף איך אויס. פאַרוואָר, דאָס וואָרט פון גאָט איז מיר געוואָרן צו שאַנד און צו לעסטערונג אַ גאַנצן טאָג. און איך האָב געוועסט געזאָגט: איך וועל אים נישט דערמאָנען און וועל מער נישט ריידן אין זיין נאָמען; אָבער עס איז אין מיין האַרצן ווי אַ ברענענדיק פייער, איינגע־שלאָסן אין מיינע ביינער, און איך מאַטער זיך עס איינצוהאַלטן, אָבער איך קאָן נישט".

דאָס איז נישט דער איינציקער פאַל, ווען אַ נביא דערשרעקט זיך פאַר זיין גורל, — שוין דער אבי הנביאים, משה רבינו אַליין, האָט אים געוואָלט אויס־מיידן: צוערשט האָט ער זיך געוואָלט אויסקויפן דורך באַשיידנקייט (שמות ג׳, 11): „ווער בין איך, אַז איך זאָל גיין צו פּרעהן, און אַז איך זאָל אַרויסציען די קינדער פון ישראל פון מצרים?", דערנאָך האָט ער זיך אַפילו נישט געשעמט (אַ זעלטנקייט ביי אַ בעל־מום) אַרויסצושטעלן זיין מום (שמות ד׳, 10): „איך בין שווער אויפן מויל, און שווער אויף דער צונג". און אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, האָט ער שוין געזאָגט כמעט אומהעפלעך (שמות ד׳, 13): „שיק דורך וועמען דו וועסט שיקן". ווי איינער זאָגט: „דריי מיר נישט דעם קאָפּ".

אָבער אין דער גאַנצער דינגעניש צווישן משהן מיט גאָט, איז נישטאָ קיין טיפער פערזענלעכער טאָן. אַז מע האָט שוין גאָר אַ גוטן אויער שפּירט מען אין זיינע ווערטער עפּעס אַ ווייטן אָנטייט פון אַ פייכטקייט, פון אַ טרער, וואָס קאָן דאָ אַ מאָל געבוירן ווערן. אָבער ווי קומט דאָס צום ספּאַזמאַטישן שלוכצן פון ירמיהו, וואָס טרייסלט אונדז אויף שוין אין זיין ערשטן ציטער פאַר זיין גורל (ירמיה א׳, 6): „ווי, ג־אָט דו האַר, איך קען דאָך נישט ריידן, וואָרעם איך בין אַ יינגל", שוין אָפּגערעדט אין זיין צווייטן ציטער פאַר זיין גורל, ווען מיר זעען פאַר זיך אַ מענטשן וואָס ראַנגלט זיך מיט זיין גורל, גייט אָפּ אין בלוט. אויב אין ערשטער שרעק פאַר זיין גורל האָט זיך אים נאָך געדאַכט, אַז עמעץ לייגט אַרויף אויף אים די משא פון דרויסן (ער איז דאָך נאָך געוועזן אַ יינגל), ווייס ער שוין שפּעטער אַז דאָס פייער איז אין זיין האַרצן: „און איך מאַטער זיך עס איינצוהאַלטן, אָבער איך קען נישט".

דאָס פייער וואָס פאַרצערט אליהו הנביאס קרבן אויפן הר הכרמל, קומט אפשר פון אויבן, אָבער דאָס פייער וואָס פאַרצערט די ירמיהס, קומט תמיד פון אינעווייניק. דאָס איז דאָס פייער פון דיכטונג, פון רעליגיעזער וויזיע, פון דער געהיימענישפולסטער געוויסן־קראַפט, וואָס איז דאָ אין אַזאַ קליינעם סכום אויף דער וועלט און דאָך איז עס שקול קעגן דער גאַנצער וועלט. אמת, נישט אין פּראַקטישן לעבן; אָבער ווען מע לייענט ירמיהס ווייטיק, וואָס ער קאָן נישט

איינהאַלטן אין זיך זיין פייער, דאַרף מען נישט זיין דווקא קיין אכזריותדיקער מענטש כדי צו פילן, ווי גוט עס איז, וואָס אין יענער אַלטער צייט איז געווען מיט איין פעטן כהן ווייניקער, וואָס איין כהן, אַנשטאָט צו ברענגען קרבנות פון רינדער, האָט זיך אַליין געבראַכט פאַר אַ קרבן אויפן ריינסטן אינערלעכן פייער פון דער רעליגיעז־דיכטערישער סטיכיע.

וואָס איז פאַרבליבן פון אַלע כהנים פון ענתות און ירושלים? דאָך נאָר זייער שאָטן, וואָס צאַפּלט דורך אויפן פאָן פון ירמיהס פאַרצערנדיקן (אַליין־פאַרצערנדיקן) פייער.

די גאַנצע דערשיינונג פון נבואה איז אין איר וואָרצל אַ דיכטונג־פענאָמען. דערויף זאָגט עדות הן די בילדלעכקייט פון זייער שפּראַך, הן די מוזיק פון זייער שפּראַך, וואָס איז אָפט — אין די בעסטע שטעלן — נישט ווייניקער פול מיט אינהאַלט, ווי די בילדער און געדאַנקען, הן די עמאָציאָנעלע רייצבאַרקייט פון די נביאים. אַפילו זייער עטיק איז אַ רעזולטאַט פון זייערע דיכטערישע נאַטורן: — סאָציאַלע דענקערס און רעפאָרמערס, סאָציאַלע קעמפערס און בונטאַרן נעמען אויף אומגערעכטיקייט און רעאַגירן אויף איר אַנדערש, ווי די נביאים, ביי וועמען דאָס געפיל פאַרכליניעט אַלץ, אַלץ — זייער וועלט־קלוגשאַפט און זייערע אידייען. בכלל, זייער גאַנצע וועלט־אַנשויונג איז אַן עמאָציאָנעלע אויף הונדערט פּראָצענט. אויב היינטיקע דיכטונג האָט על־פּי־רוב אָנגעטאָן אַ צוימל פון סאָציאַלער און אַפילו פון עקזאַקטער וויסנשאַפט, איז ביי די נביאים די רעליגיע און זייער סאָציאַלע לערע געוועזן דורך און דורך דיכטעריש.

אָבער כמעט ביי קיינעם נישט אין אַזאַ מאָס, ווי ביי ירמיהן. ביי אים אַנטפּלעקט זיך בולטער דאָס דיכטערישע פון דער נבואה. זי הייבט זיך אָן צו קריסטאַליזירן אין אַ מאָדערנער פאָרעם; ירמיה דעקט אָפּ אירע סודות. דאָס, וואָס צוקט אויף מאָמענטנווייז ביי אליהו הנביא (די וויזיע מיטן „קול דממה דקה”), אַפילו ביים הויף־נביא נתן („אתה האיש!”) און ביי חבקוקן ווי אויך ביי אַנדערע, שוין אָפּגערעדט ביי ישעיהן, איז ביי ירמיהן דער הויפּט־עלעמענט: דאָס דיכטעריש־מענטשלעכע.

*

אין ספר ירמיה איז נאָך דאָ זייער אַ סך פון דעם אומדעפינירלעכן וואָרט „נביא”, פון דעם עלעמענט, וואָס באַוועלטיקט אונדז, אָבער ער איז אונדז כמעט אומפאַרשטענדלעך, — אַזוי ווייט איז ער פון אונדז, ווי אחד העם האָט דאָס ריכטיק אויסגעדריקט. אָבער אין דעם זעלביקן ספר ירמיה און נאָך מער אינעם מענטשן ירמיה, איז דאָ אַ סך מער פון אַ מ ע נ ט ש ן און פון אַ ד י כ ט ע ר, ווי ביי אַלע אַנדערע נביאים.

ס'אַראַ ליריקער ער איז!

ער האָט אָנגעהויבן זיין דיכטונג מיט אַ פאַלשן טאָן, ווי דאָס טרעפט על־פּי־רוב מיט יונגע דיכטערס. אַנשטאָט מיט פולבלוטיקע ליריש־סימבאָלישע בילדער האָט ער אָנגעהויבן מיט שאָטנדיק־אַלעגאָריש־דידאַקטישע וואָרט־שפּילערייען, וואָס זיינען אָנגעצויגן און נישט איבערצייגנדיק: מיטן „מקל שקד” און מיטן „סיר נפוח”.

ווי אַנדערש קלינגט ירמיהס דיכטערישע שטים, ווען זי ווערט קרעפטיקער

און עכטער, ווען זי הערט אויף צו זוכן וואָרטשפּיל־אַלעגאָריעס און זי נעמט אויסזינגען אירע געפיל־איבערלעבונגען. ס׳אַראַ שפּראַך ער לייגט אַריין אין מויל פון גאָט, ווען ער לאָזט אים (גאָט!) ריידן צו זיין (ירמיהס!) פאָלק! עס ווילט זיך נישט נוצן קיין איבערזעצונגען, קיין שום איבערזעצונגען!

„זכרתי לך חסד נעוריך, אהבת כלולתיך, לכתך אחרי במדבר בארץ לא זרועה״. („איך געדענק דיר די גינציקייט פון דיין יוגנט, די ליבשאַפט פון דיין כלה־צייט; דיין גיין נאָך מיר אין דער מידבר, אין אַ לאַנד נישט געזייט״). ס׳אַראַ צאַרטקייט עס פלאַטערט אין די ווערטער, אין די קלאַנגען, אַפילו צווישן די אותיות. די ווערטער זיינען אַזוי קנאַפּ, און זיי מאָביליזירן אַזאַ ריזיקן סכום צאַרטקייט, אַז עס איז אַ ווונדער וואָס שוין צוויי טויזנט פינף הונדערט יאָר ווי זיי האַלטן איין אין זייער צוזאַמענגעפּרעסטער צאַרטקייט.

בלויז איין מאָל האָט ירמיה געשלאָגן דעם אייגענעם רעקאָרד פון אַבסאָ־לוטן צאַרטקייט־אויסדרוק. דאָס איז די שטעלע, וואָס די ייִדישע חזנים האָבן זי אַזוי באַריימט געמאַכט: „הבן יקיר לי אפרים, אם ילד שעשועים? כי מדי דברי בו, זכר אזכרנו עוד; על כן המו מעי לו, — רחם ארחמנו נאום יהוה״ (ל״א, 19). („איז מיר אַ טייערער זון אפרים, צי אַ קינד אַ געצערטלטס? ווארעם ווי נאָר איך רייד פון אים, בענקען בענק איך ווידער נאָך אים; דרום ברומען מיינע אינ־געווייד צו אים, — דערבאַרעמען וועל איך אים דערבאַרעמען, זאָגט גאָט״).

לידער, וואָס קאָמפּאָניסטן מאַכן מוזיק צו זיי, טראָגן די מוזיק אין זיך, — די קאָמפּאָניסטן באַמיִען זיך נאָר אַרויסצוכישופן זייער אינהאַלט אויף דרויסן, דעשיפרירן זייערע נאָטן. אויב אַזוי פיל חזנים האָבן אַריינגעלייגט אַזוי פיל האַרץ אין זייער אויסזינגען דעם „הבן יקיר לי אפרים״, איז דאָס נישט געווען נישט קיין קאַפּריז און נישט קיין בלינדער מזל. די דאָזיקע שטעלע האָט אין זיך אַזוי פיל וואַרעמע מוזיק, אַז עס בעט זיך ממש זי אויסצוזינגען. און וואָס בעסער עס איז די מוזיק פונעם „הבן יקיר״, אַלץ מער פילט מען ווי די ווערטער ציִען און פאָדערן נאָך מער: עס איז נאָך אַלץ נישט אויסגעשעפּט געוואָרן זייער ווונדערלעכע צאַרטע וואַרעמקייט. איך פיל אָפּט מאָל, ביים זינגען די דאָזיקע ווערטער לויטן נוסח פון מיין ליבסטן יוגנט־חזן, אַז נישט נאָר מיין האַרץ צע־גייט ביים געזאַנג, נאָר איך פיל די וואַרעמע פולסירונג פון ירמיהס האַרץ וואָס איז פאַרבליבן אין די דאָזיקע לירישסטע שטעלן פון זיין דיכטונג־ספר. אין אַזעל־כע מאָמענטן קאָן איך זיך נישט ענטוזיאַזמירן מיט די וויסנשאַפטלעכע ווונדער פון 20סטן יאָרהונדערט: שוין צוואַנציק יאָר, ווי אַ האַרץ פון אַ הון, קאָנסער־ווירט אין אַזאַ און אַזאַ פליסיקייט, קלאַפּט אָן אויפהער!

וואָס איז דער דאָזיקער מעכאַנישער ווונדער אין פאַרגלייך מיטן דיכטע־רישן ווונדער פון אַ ירמיה, ווען נאָך 2500 יאָר פיל איך ממש פיזיש דאָס קלאַפּן פון זיין לעבעדיק אָבער פון ליבע צעווייטיקט האַרץ אין די ווערטער פון „הבן יקיר לי אפרים״? אַ האַרץ האָט אויסגעשמידט פאַר איר ריטעם פון אומבאַגרע־נעצטער ליבע אַזאַ וואָרט־און־קלאַנגען צונויפשטעל, אַז עס האָט זיך אַריבער־געראַטעוועט פון טויט אין דעם דאָזיקן דובליקירטן דיכטערישן האַרצן און הערט נישט אויף צו לעבן זינט יאָרטויזנטערס!

די מענטשלעכקייט פון אַ דיכטער איז תמיד פּראָפּאָרציאָנעל צו דער גרויס פון זיין דיכטונג. בכל אופן אין די מאָמענטן, ווען דאָס דיכטערישע ווירקט אין

אים. און היות ירמיה איז אין זיין ספר פּערמאַנענט דיכטעריש, איז ער דאָרט אויך פּערמאַנענט מענטשלעך. נישט איבערמענטשלעך, נאָר מענטשלעך.

אַ סך נביאים האָבן פאָרויסגעזאָגט דעם חורבן, אָבער וויפל פון זיי איז אויסגעקומען צוצוזען דעם גרויסן חורבן פון לאַנד און פאָלק מיט די אייגענע אויגן? און ירמיה האָט נישט נאָר איבערגעלעבט דעם חורבן, נאָר מיר זעען ווי ער לעבט אים איבער.

דונערן וועגן חורבן, וואָס וועט קומען פאַר די זינד פון יהודה, איז איינס, און נביאות־זאָגן וועגן חורבן, ווען ער שטייט שוין ביי דער שוועל, מיט איין פוס אויפגעהויבן זי אַריבערצוטרעטן, איז אַ צווייטס. אָבער דאָס איז נאָך אויך געווען ווייניק פאַר ירמיהס גורל: ער האָט אויפן נביא אַרויפגעלאָדן נאָך אַ גרע־סערע לאַסט — צו לעבן נאָכן חורבן, מיטצומאַכן דעם גלות.

און אָט־אָ־דאָ זעען מיר ווי דער גרויסער נביא ווערט אַ גרויסער מענטש, אָבער מער נישט ווי אַ מענטש.

ער איז מענטשלעך, ווען ער האַלט אין איין פאַרשילטן דעם טאָג פון זיין געבוירן. „ו ו י מ י ר, מו ט ע ר מ י י נ ע, ו ו אָ ס ד ו ה אָ ס ט מ י ך ג ע ב ו י ר ן“, איז אַן אָפּטער מאָטיוו ביי ירמיהן. היות אַנטלויפן פון זיין דיכטערישן פייער האָט ער נישט געקאָנט, האָט ער אָפט געטרוימט וועגן אַנטרינען ווערן פון אים דורך נישט־זיין, דורך נישט געבוירן ווערן.

דעם געוואַלדיקסטן אויסדרוק פון דאָזיקן פאַרלאַנג געפינען מיר צום סוף פון קאַפּיטל כ„ פסוקים 14־18:

„פאַרשאָלטן דער טאָג,
וואָס איך בין אין אים געבוירן געוואָרן!
דער טאָג וואָס מיין מוטער האָט מיך געבוירן
זאָל זיין נישט געבענטשט!
פאַרשאָלטן דער מענטש וואָס האָט מיין פאָטער
די בשורה געבראַכט אַזוי צו זאָגן:
אַ יינגל איז דיר געבוירן געוואָרן;
פרייען דערפרייט האָט ער אים!
יענער מענטש זאָל זיין ווי די שטעט
וואָס גאָט האָט איבערגעקערט און נישט דערבאַרעמט;
און ער זאָל הערן אַ יללה אין דער פרי,
און אַ געשריי אין מיטן טאָג;
פאַר וואָס ער (גאָט) האָט מיך נישט געטויט פון טראַכט,
אַז מיין מוטער זאָל מיין קבר זיין,
און איר טראַכט אייביק טראָגעדיק.
„נאָך וואָס גאָר בין איך פון טראַכט אַרויס
צו זען מאַטערניש און קומער,
און אויסגיין אין שאַנד זאָלן מיינע טעג?“

קאָן דען זיין אַ גרעסערער און מער שרעקלעכער באַוויינען דאָס אייגענע געבוירן ווערן? אָבער היות דאָס שרעקלעכסטע איז דאָך שוין געשען, וואָלט זיך דעם נביא לכל הפחות וועלן פאַרלאָזן זיין פאָלק, וואָס האָט אים פיינט מחמת

זיין ליבע צו אים, וואָס ער מוז אים אָנזאָגן זיין חורבן, נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער איז אים „אַ קינד אַ געצערטלטס״.

„ווער גיט מיר אין מידבר אַ האַרבעריק פאַר וואַנדערער, איך וואָלט פאַר־לאָזן מיין פאָלק, און אַוועקגיין פון זיי! וואָרעם אַלע זיינען זיי נואפים, אַ גע־זעמל פון פעלשער! און זיי שפּאַנען זייער צונג — זייער בויגן פון ליגן״.

דאָס איז נישט יונה הנביאס בעלעטריסטיש־סימבאָלישער אַנטלויפן, מיט זיין וווּנדערלעכן מוסר־השכל; דאָ קאָרטשעט זיך פאַר אונדז אַ גרויסער דיכטער־מענטש אין זיין געפילס כּף־הקלע: נישט אומזיסט שטייען איינס לעבן צווייטן דער לעצטער פּסוק פון קאַפּיטל ח׳ און דער ערשטער פון קאַפּיטל ט׳. אָט זיי־נען זיי: „ווער מאַכט מיין קאָפּ וואַסער, און מיין אויג אַ קוואַל טרערן, איך וואָלט באַוויינט טאָג און נאַכט די דערשלאָגענע פון מיין פאָלק!״

„ווער גיט מיר אין מידבר אַ האַרבעריק פאַר וואַנדערער, איך וואָלט פאַר־לאָזן מיין פאָלק און אַוועקגיין פון זיי!״

דאָס איז נישט אין סטיל פון אַ נביא בכלל, בפרט איז דאָס נישט אינעם סטיל פון אַ נביא וואָס גאָט האָט אים געמאַכט „פאַר אַ באַפעסטיקטער שטאָט, און פאַר אַן אייזערנעם זייל, און פאַר קופּערנע מויערן אַקעגן גאַנצן לאַנד״. אָבער ווען אין אַזאַ פעסטונג גנבעט זיך אַריין דאָס דיכטעריש־מענטשלעכע אין אַזאַ סכום ווי ביי ירמיה הנביא, העלפט אַפילו נישט גאָטס אָנזאָג: די קופּערנע מויערן פּלאַצן אונטערן דרוק פון מענטשלעך־דיכטערישער ליבע און מענטשלעך־דיכ־טערישן האַס: אָט וויל ער באַוויינען זיין פאָלק אָן אויפהער און אָט וויל ער אַנטלויפן פון אים; אָט זאָגט ער אים פאָרויס די שווערסטע פאַרדינטע שטראָף און אָט טרייסט ער אים, אָט שילט ער אים און אָט האַלדזט ער אים ווי אַ גע־טרייע מאַמע, וואָס איז, אַ חוץ אַ מאַמע, אויך אַ מענטש, אַ דיכטער־מענטש.

די ליניע איז אייגנטלעך די זעלביקע ווי ביי אַלע גרויסע נביאים — דער גוט באַקאַנטער פענאָמען פון ליבע־האַס, פון דער שטראָף־ און גנאָד־סימפאָניע, פון אויפברויז קעגן אומרעכט און אויפברויז פון רחמים. אָבער ביי ירמיהן איז דאָס אַזוי דיכטעריש־מענטשלעך, פערזענלעך צוגעשפּיצט. אי צוליב זיינע פער־זענלעכע אייגנשאַפטן, אי צוליב זיין ווירקלעכקייט. ירמיהס מענטשלעך־דיכטע־רישע טראַגעזיע איז גרעסער אויף אַזוי פיל, אויף וויפל עס איז טראַגישער זיין נביאישער גורל.

אַלע נביאים האָבן געזאָגט דעם אמת אין די אויגן אויך פון די יידישע מלכים, אָבער זאָגן דעם גאַנצן אמת צדקיהון, בעת דער דורכפירונג פון דער געט־לעכער עקזעקוציע, דאָס איז אויסגעפאַלן אויפן גורל פון ירמיה, און במילא האָט ער געמעגט זאָגן אויף זיך: „א י ך   ב י ן   ד ע ר   מ אַ ן,   וו אָ ס   ה אָ ט   אָ נ ג ע ז ע ן   פּ יי ן   ד ו ר ך   ד ע ר   ר ו ט   פ ו ן   ז יי ן   צ אָ ר ן״ („איכה״, ג׳, 1).

אָט די שורה אַליין איז גענוג אויף פעסטצושטעלן ירמיהס מחברשאַפט פון מגילת „איכה״. אָט־די צעבראָכנקייט פון האַרצן, אָט דער טאָן, דורכגעווייקט מיט צער, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ירמיהן.

אַלע נביאים זיינען געשטאַנען אין קאַמף קעגן זייער פאָלק, קעגן די פּי־רערס פון זייער פאָלק; און אין תנ״ך געפינען מיר גענוג קאָנקרעטע ביישפּילן

פון דעם דאָזיקן קאַמף און די ליידן וואָס ער פלעגט ברענגען מיט זיך פאַר די נביאים.

נתן הנביא מיט זיין „אתה האיש!" האָט נאָך גרויס מזל, — דער טיראַן דוד נעמט אויף אַזוי רויק דעם דאָזיקן הילכיקן פּאַטש אין פּנים, אַז אָפּט מאָל גלייבט מע נישט, אַז די דאָזיקע ווערטער פון נתן הנביא זיינען היסטאָריש.

אַן אָפּקלאַנג פון נביאישן קאַמף מיט דער וועלטלעכער און כּהנימשער מאַכט געפינען מיר אויך ביי עמוסן, אין קאַפּיטל ז׳, פּסוק 10 און ווייטער:

„און אמציה דער כּהן פון בית־אל האָט געשיקט צו ירבעם דעם מלך פון ישראל, אַזוי צו זאָגן: עמוס האָט געמאַכט אַ בונט אויף דיר צווישן די קינדער פון ישראל; דאָס לאַנד קאָן נישט אויסהאַלטן אַלע זיינע רייד, וואָרעם עמוס האָט אַזוי געזאָגט:

„דורכן שווערד וועט שטאַרבן ירבעם,
און ישראל וועט אין גלות אַוועק פון זיין ערד".

„און אמציה האָט געזאָגט צו עמוסן: זעער, גיי אַנטלויף דיר אין לאַנד יהודה, און עס דאָרטן ברויט, און דאָרטן זאָלסטו נביאות־זאָגן. אָבער אין בית־אל זאָלסטו ווידער מער נישט נביאות־זאָגן, וואָרעם עס איז אַ מלכס הייליקטום, און עס איז אַ הויז פון מלוכה. האָט געענטפערט עמוס און האָט געזאָגט צו אמציהן: נישט קיין נביא בין איך, און נישט קיין זון פון אַ נביא בין איך, נייערט אַ פּאַס־טעך פון רינדער בין איך, און אַ צוריכטער פון ווילדע פייגן. און גאָט האָט מיך גענומען פון הינטער די שאָף, און האָט צו מיר געזאָגט: גיי זאָג נביאות צו מיין פאָלק ישראל. און אַצינד הער דאָס וואָרט פון גאָט".

און עס קומט די אמתע נבואה: „דיין ווייב וועט אין שטאָט אַ זונה זיין, און דיינע זין און דיינע טעכטער וועלן פאַלן דורכן שווערד... און דו וועסט שטאַרבן אויף אומריינער ערד, און ישראל וועט אין גלות אַוועק פון זיין ערד".

די סכעמע איז ריכטיק: אַ קאַמף צווישן דעם נביא פון איין זייט און דעם מלך און כּהן — פון דער צווייטער. אָבער עס ווירקט כּמעט ווי אידיליש: אמציה זאָגט עמוסן ער זאָל אַנטלויפן, און עמוס חזרט איבער זיין נבואה וועגן ישראל נאָך מיט אַ צוגאָב פאַר אמציהן. דער קאַמף צווישן אליהו הנביא מיט אחאבן און איזבלן ווירקט שוין נישט דער ערך היסטאָריש־רעאַליסטישער, הגם אליהו הנביא איז לעגענדאַרישער פאַר עמוסן.

אויך ישעיהס קאַמף מיט די מלכים און זיין פאָלק איז אין דער סכעמע זי־כער ריכטיק, אָבער וואָס שייך ישעיהן גופא, איז ער כּמעט ווי אומפּערזענלעך. נישט אומזיסט האָט די לעגענדע פאַר אים צוגעטראַכט אַ לעגענדאַרישן טויט: ער באַהאַלט זיך אויס פאַר די רדיפות אין אַן אויסגעהוילטן בוים, און מען זעגט אים איבער אין צווייען צוזאַמען מיטן בוים.

דאָס אַלץ איז נישטאָ ביי ירמיהן: דאָ זעט מען דעם קאַמף צווישן ירמיהן און דעם קיניג, צווישן ירמיהן און די כּהנים, צווישן ירמיהן און די פאַלשע נבי־אים, צווישן ירמיהן און דעם פאָלק אַזוי בולט, — נישט נאָר אין די פּאָליטישע ליניעס, נאָר אין די פּערזענלעכע.

דאָס פאַרמישפּטן ירמיהן צום טויט, זיין מענטשלעך־פּשוטע און מענטש־לעך־דרייסטע רעדע צו די ריכטערס, און ירמיהס פריילאָזונג, — אַ באַשטעטיק־

טער פּראָטאָקאָל וואָלט דאָס נישט געקאָנט צייכענען לעבנסטרייער און רעאַ־ליסטישער.

אָט־דער קאַפּיטל כ״ו, ווו דאָס ווערט דערציילט (און וואָס איז ווי אַ לייט־מאָטיוו פאַר ירמיהס לעבן און קאַמף), איז אונדז אַזוי פאַרשטענדלעך פאַר אַ רעוואָלוציאָנער ווי דאָס וואָלט געטראָפן היינט. דאָס איז שוין נישט קיין אַבס־טראַקטער קאַמף, נאָר אַ קאַמף פון אַ קאָנקרעטן מענטשן.

ירמיה זאָגט פאָרויס, אין עמאָציאָנעלן אויפברויז, דעם אונטערגאַנג פון בית־המקדש: „אויב איר וועט נישט צוהערן... צו גיין אין מיין תורה... וועל איך מאַכן דאָס דאָזיקע הויז אַזוי ווי שלו, און די דאָזיקע שטאָט וועל איך מאַכן פאַר אַ קללה ביי אַלע פעלקער פון דער ערד״. ער רעדט ווי עמוס, אָבער די רע־זולטאַטן זיינען אַנדערע: ירמיהן כאַפּט מען, מע פאַרמישפּט אים צום טויט. און ווי אַזוי רעאַגירט ירמיה? נישט מיט קיין נס, נישט מיט קיין איבערמענטשלעכע נביאים־ווערטער, נאָר מיט טיף־מענטשלעכע רייד: „אָט בין איך אין אייערע הענט, טוט מיט מיר אַזוי ווי עס איז רעכטפאַרטיק אין אייערע אויגן. אָבער וויסן זאָלט איר וויסן זיין, אַז אויב איר טויט מיך, ברענגט איר אומשולדיק בלוט אויף אייך, און אויף דער דאָזיקער שטאָט, און אויף אירע באַוווינערס, וואָרעם גאָט האָט מיך באמת געשיקט צו אייך, צוריידן אין אייערע אויערן אַלע די דאָ־זיקע ווערטער״.

און ירמיה ווערט באַפרייט, ווייל ווי ירמיהס פאָלק זאָל נישט זינדיק זיין אין ירמיהס אויגן, גלייבן זיי פאָרט אין גאָט און אין זיינע נביאים — און אָט דער גלויבן, וואָס האָט געראַטעוועט אליהו הנביא, עמוסן און די איבעריקע (אָבער הינטער אַ געדיכטן פאָרהאַנג, וואָס מאַכט זייער רעטונג אומפאַרשטענד־לעך פאַר אונדז), ראַטעוועט אויך ירמיהן. אָבער דאָ ווערט עס אונדז פאַרשטענד־לעך, ווי פאַרשטענדלעך עס איז אונדז גאַנץ ירמיה, ווי פאַרשטענדלעך עס איז זיין מוט און זיין מענטשלעך בעטן אויפן לעבן.

„האָבן די האַרן און דאָס גאַנצע פאָלק געזאָגט צו די כהנים און צו די נבי־אים: דעם דאָזיקן מאַן קומט נישט טויט־שטראָף, וואָרעם אין נאָמען פון יהוה אונדזער גאָט האָט ער גערעדט צו אונדז״.

אָט־אָ־דער גלויבן וואָס איז געבליבן וואַך אויך אין די אָפּטריניקסטע צייטן, איז דאָס געווען וואָס האָט געמאַכט ירמיהן (און אויך די אַנדערע נביאים) „פאַר אַ באַפעסטיקטער שטאָט און פאַר אַן אייזערנעם זייל, און פאַר קופּערנע מויערן אַקעגן גאַנצן לאַנד, קעגן די מלכים פון יהודה, קעגן אירע האַרן, קעגן אירע כהנים, און קעגן דעם פאָלק פון לאַנד. און זיי וועלן מילחמה האַלטן אַקעגן דיר און וועלן זיך נישט בייקומען, וואָרעם איך בין מיט דיר, זאָגט גאָט, דיך מציל צו זיין״.

נישט אַזוי ער, גאָט אַליין, ווי זיין גלויבן אין אים, וואָס דאָס פאָלק טיילט מיט די ירמיהס. און עס זיינען דעריבער אויך פאַרשטענדלעך די באַציִונגען צווישן צדקיהון און ירמיהן.

צדקיהון איז שווער צו פאָלגן ירמיהס עצה זיך אונטערצוגעבן די בבלים (ווי גרויסאַרטיק פראַנץ ווערפעל האָט איבערגעדיכטעט די דאָזיקע באַציִונגען אין זיין ראָמאַן „הערט די שטימע!״), אָבער ער שיצט זיין פּאָליטישן שונא,

ירמיהן, ווייל דער קוואַל, פון וועלכן ירמיה שעפּט, איז נישט פרעמד זיין ייִדי־שער נשמה אונטערן קיניגלעכן מאַנטל.

ווען מע וואַרפט אַריין ירמיהן אין דעם ליים־גרוב (קאַפּיטל ל״ח) איז דאָס פאַרשטענדלעך: דאָס פאָלק פירט מילחמה און ירמיה פּרעדיקט מלוכה־פאַרראַט: „דער וואָס בלייבט זיצן אין דער דאָזיקער שטאָט, וועט שטאַרבן פון דער שווערד, פון דעם הונגער און פון דער פּעסט, און דער וואָס גייט אַרויס צו די כשדים, וועט בלייבן לעבן; זיין נפש וועט אים זיין צום געווינס, און ער וועט בלייבן לעבן... איבערגעגעבן וועט איבערגעגעבן ווערן די דאָזיקע שטאָט אין דער האַנט פון דעם חיל פון דעם מלך פון בבל, און ער וועט זי באַצווינגען״.

און עס איז פאַרשטענדלעך, וואָס דער קיניג באַגיטיקט ירמיהס אַרעסט: „אָט איז ער אין אייער האַנט; ווארעם דער מלך קאָן מיט אייך גאָר נישט אויס־פירן״. (ס׳איז נאָך אַ גרויסער ספק צי יהואש האָט מכוון געווען צום זין פון דעם דאָזיקן פּסוק — י. ר.).

אָבער עס איז אויך פאַרשטענדלעך, וואָס ווען ירמיה ווערט אַרעסטירט, שיקט צדקיהו און נעמט אים צו זיך און פרעגט אים אין פאַרבאָרגעניש: „פּ אַ־ ר אַ ן אַ וו אָ ר ט פ ו ן ג אָ ט?״

און ירמיה? ער זאָגט: „פאַראַן... אין דער האַנט פון דעם מלך פון בבל וועסטו איבערגעגעבן ווערן...״

פּונקט ווי דער מלך איז געבונדן מיט דער מלוכה און ער קאָן און וויל גאָר נישט טאָן קעגן די האַרן וואָס שטראָפן ירמיהן פאַר מלוכה־פאַרראַט, אַזוי קאָן ירמיה אויך גאָרנישט טאָן קעגן דעם וואָרט פון גאָט, וואָס ברענט אין אים מיט אַן אומפאַרלעשלעכן פלאַם.

אָבער פּונקט ווי די האַרן קאָנען נישט שטערן צדקיהון צו פרעגן אין דער שטיל ירמיהן וועגן אַ וואָרט פון גאָט, אַזוי קאָן גאָטס וואָרט נישט שטערן ירמיהן צו ריידן צו צדקיהון מענטשלעך, אַלצומענטשלעך, נאָכן אויספירן די געטלעכע מיסיע: „און אַצינד (נאָכן פאַרענדיקן מיט דער נביאות — י. ר.), הער צו, איך בעט דיך, מיין האַר קיניג; זאָל, איך בעט דיך, פאַלן מיין געבעט פאַר דיר און זאָלסט מיך נישט אומקערן אין הויז פון יהונתן דעם שרייבער און לאָמיך נישט שטאַרבן דאָרטן״. און דער מלך פאַרגרינגערט ירמיהן זיין תּפיסה.

און דעם צווייטן מאָל, ווען צדקיהו ברענגט צו זיך און ראַטעוועט ירמיהן, איז די באַגעגעניש צווישן די צוויי, וואָס די מלוכה צעטיילט זיי, און גאָט פאַרייניקט זיי, נאָך טראַגישער און מענטשלעכער.

ווער עס לייענט די באַשרייבונג פונעם גרוב, אין וועלכן ירמיה איז אַרייב־געוואָרפן געוואָרן, און באַזונדערס — ווי אַזוי מ׳האָט אים פון דאָרט אַרויסגע־צויגן מיט דער הילף פון אַלטע קאָלדרעס און שמאַטעס אונטער דעם נביאס אָרעמס, דער זעט באַשיימפּערלעך דעם גרוב און אַלץ מיט אַנאַנדער: אַזוינס טראַכט מען נישט צו.

און אויך דעם שמועס צווישן די צוויי טראַכט מען נישט אויס אין זיין צאַפּל־דיקער מענטשלעכקייט.

„און דער מלך האָט געזאָגט צו ירמיהן: איך וועל דיך פרעגן אַ זאַך; זאָלסט נישט פאַרלייקענען פון מיר אַ וואָרט״. און ירמיה, נאָר וואָס אַרויסגעצויגן פונעם

ליים־גרוב, ענטפערט: „אַז איך וועל דיר זאָגן, וועסטו מיך דאָך טויטן, און אַז איך וועל דיר געבן אַן עצה, וועסטו נישט צוהערן צו מיר״.

„האָט דער מלך צדקיהו געשווירן ירמיהן אין פאַרבאָרגעניש אַזוי צו זאָגן: אַזוי ווי עס לעבט גאָט וואָס האָט אונדז באַשאַפן די דאָזיקע זעל, אויב איך וועל דיך טויטן, און אויב איך וועל דיך איבערגעבן אין דער האַנט פון די דאָזיקע לייט, וואָס זוכן דיין לעבן!״

און ירמיה זאָגט אים אַלץ מיט דער לעצטער אָפנקייט. צוויי געפאַנגענע שטייען דאָ איינער קעגן צווייטן (די צוויי סצענעס צווישן ירמיהן און צדקיהון אין די קאַפּיטלעך ל״ז און ל״ח זיינען וואַרשיינלעך איין סצענע, אַ צעשפּאָל־טענע): איינער איז אַ געפאַנגענער ביי גאָט, דער צווייטער — ביי דער מלוכה, און ביידע מאַכן אַן אָפּמאַך, אַ ריירנדיקן אָפּמאַך: דער מלך ראַטעוועט ירמיהן נאָך די האַרבסטע ווערטער, אָבער דער מלך בעט ירמיהן ער זאָל נישט אויסגעבן נישט זיך און נישט אים: „זאָל קיין מענטש נישט וויסן פון די דאָזיקע ווערטער, און וועסט נישט שטאַרבן״.

ווי מענטשלעך עס פלעכטן זיך דאָ צונויף די טרייקייט צו דער פליכט און דאָס געבעט אויף לעבן. דער קאַמף, וואָס ירמיה פירט און דער אופן ווי ער פירט אים, איז אַזוי נאָענט צו אונדז און במילא אַזוי פאַרשטענדלעך, אַז דער דאָזי־קער נביא וועט קיין מאָל נישט אויפהערן צו זיין אונדז פאַרשטענדלעך, — ער שלעפּט אַראָפּ דעם נביא פון די הימלען און שטעלט אים אַוועק אויף דער ערד, אָבער מיט אַ נשמה, אין וועלכער עס ווינט אויך דער הימל.

ווען עמוס ענטפערט אמציהן, רעדט ער ווי פון אַ וואָלקן אַראָפּ, ווי נישט קיין ערדיש באַשעפעניש: גאָט האָט אים צוגענומען נישט נאָר פון הינטער די שאָף, נאָר אויך פון דער ערד; אָבער ווען ירמיה ענטפערט צדקיהן אָדער די האַרן, רעדט צו זיי — און צו אונדז — אַ מענטש, מיט אַ געטלעכן פייער אין האַרצן.

*

אַלע נביאים האָבן ליב געהאַט זייער פאָלק. און די ליבע קומט צום אויס־דרוק אין זייער אומפאַרגעסלעכן צופלוס־ און אָפּפלוס־ריטעם פון ליבע און האַס צו אים, פון שטראָף־רייד און טרייסט־רייד.

אָבער ביי קיינעם זיינען די דאָזיקע שטראָף־ און טרייסט־רייד נישט אַזוי דורכגעטריפט מיטן אייגענעם בלוט, מיט די אייגענע פשוטע טרערן, ווי ביי ירמיהן.

און דאָס איז נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער איז דער מענטשלעכסטער נביא, נאָר אויך דערפאַר, ווייל ער איז דער פערזענלעך־טראַגישסטער.

עס איז אָנגענומען אַז פאַטריאָטיזם, די ליבע צום פאָטערלאַנד, איז אַ גע־פיל וואָס האָט זיך אַנטוויקלט באַזונדערס אין דער נייער צייט, אַז ביי די אַלטע פעלקער איז דאָס געווען, אין בעסטן פאַל, שוואַך אַנטוויקלט. ווי נישט ריכטיק דאָס איז, קאָן דערפילן יעדער איינער וואָס וועט איבערלייענען ביי ירמיהן די פאָלגנדיקע שורות (כ״ב, 10)::

„איר זאָלט נישט וויינען אויפן טויטן
און נישט באַדויערן אים;

ווייַנען ווייַנט אויף דעם, וואָס גייט אַוועק,
וואָרעם ער וועט זיך מער נישט אומקערן און זען
דאָס לאַנד פון זייַן געבורט".

לייענט מע דעם דאָזיקן פּסוק אין ריטעם פון ירמיהס שפּראַך, דערפילט מען די גאַנצע גרענעצלאָזע ליבע פון דעם דאָזיקן נביא פון ערשטן מאָרש אין גרויסן גלות צו זייַן פאָטערלאַנד. אין די דאָזיקע ווערטער אויף העברעיִש איז דאָ אי ליבע, אי בענקשאַפט, אי לייַדן, אי אַ האַרצרייסנדיקער זיפץ, אי טרערן, וואָס מאַכן פייַכט דעם ריטעם פון די ווערטער וועגן דעם אַז טויט איז בעסער, לייַכטער פאַרן אייביקן גלות, אין וועלכן עס גייט אַוועק דער קיניג יהואחז (קיין מצרים).

מיר זייַנען נישט באַקאַנט קיין מער פּשוטע ווערטער וועגן ליבע צום פאָטערלאַנד און נישט קיין מער ווירקזאַמע.

און גראָד אים, דעם גרויסן פּאַטריאָט אין בעסטן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט, איז אויסגעקומען נישט נאָר איבערצולעבן זייַן פאָלקס גיין אין גלות אַריין; נישט נאָר ער האָט אַליין נביאות געזאָגט וועגן דעם, נאָר ער האָט ממש אַליין געטריבן דעם קיניג און אַ טייל פון פאָלק אין גלות אַריין. דער פּאַטריאָט אין דער ראָל פון אַ פאָלקס־פאַררעטער! מיר, וואָס לייענען איצט זייַנע ווערטער, פילן אין זיי זייַן גאַנצע ליבע צום פאָלק און צום לאַנד; אָבער דאַן, אויף דער הייסער מינוט, ווען דער נביא האָט אין באַלאַגערטן ירושלים געעצהט זיך איבערצוגעבן צו די כשדים, האָט דאָס פאָלק געזען אין אים אַ פאַררעטער, וועלכער שוואַכט אָפּ די הערצער פון די קעמפערס, פּונקט אַזוי ווי מען האַלט הייַנט פאַר פאַררעטערס אַ ד״ר מאַגנוס אָדער אַ בובער, וועלכע פּרעדיקן שלום מיט די אַראַבער.

אים, ירמיהן, האָט מען חושד געווען אין וועלן אַריבערלויפן צו די כשדים, אין אָפּענעם מלוכה־פאַרראַט.

ער, וואָס האָט אַזוי באַוויינט דאָס גיין אין גלות, אַז זייַנע ווערטער האָבן נאָך הייַנט אין אונדזער מויל דעם טעם פון אַן אַראָפּגעשלונגענער טרער, האָט נאָך צו אַלע פייַנען געמוזט צוגעבן די פּיין פון שרייַבן בריוו צו בלייַבן אין גלות, שלום צו מאַכן מיטן לעבן אין גלות, נישט דוחק זייַן דעם קץ.

אַלע נביאים זייַנען געגאַנגען קעגן שטראָם, אָבער ירמיהן, דאַכט זיך אונדז, זעען מיר ווי ער שטייט ביז איבערן האַלדז אין רייסנדיקן שטראָם פון זייַנע געפילן, פון זייַן פאָלקס געפילן — און ער קאָרטשעט זיך אין דרייען און גייט דאָך קעגן שטראָם.

אָבער ווי טיף עס איז נישט זייַן ליבע צו די אַוועקגעגאַנגענע און זייַן מיטגעפיל צו זיי — אַליין גייט ער נישט.

ער נעמט אויף זיך ווידער אַ מאָל די אומדאַנקבאַרע ראָלע פון אויסערלעכן פאַרראַט.

צוערשט געפינט זיך ירמיה צווישן אַלע אַנדערע געפאַנגענע, אַ געשמידטער אין קייטן ווי זיי. אָבער דער שונא ווערט ווייך געשטימט צום נביא, וועלכער האָט אים, לויט זייַן באַגריף (און לויטן באַגריף פון דורכשניטלעכן ייִדן אין באַלאַגערטן ירושלים) געהאָלפן.

„און דער הויפּט פון דעם חיל האָט גענומען ירמיהן און האָט צו אים גע־

זאָגט: יהוה דיין גאָט האָט אָנגעזאָגט דאָס דאָזיקע בייז אויף דעם דאָזיקן אָרט, און יהוה האָט געבראַכט און געטאָן אַזוי ווי ער האָט גערעדט; וואָרעם איר האָט געזינדיקט צו יהוה, און איר האָט נישט צוגעהערט צו זיין קול, דרום איז אייך געשען די דאָזיקע זאַך. (ווי שרעקלעך עס האָט געמוזט זיין ירמיהן צו הערן ז יי נ ע ווערטער אין שונאס מויל; דאָס, וואָס האָט באַדאַרפט דינען ווי אַ וואָרענונג קעגן חורבן, איז געוואָרן אַ באַרעכטיקונג פאַרן חורבן, — און אין שונאס מויל! — י. ר.) און אַצינד, זע, איך האָב דיך היינט לויז געמאַכט פון די קייטן, וואָס אויף דיין האַנט. אויב עס איז גוט אין דיינע אויגן צו קומען מיט מיר קיין בבל, קום, און איך וועל טאָן מיין אויג אויף דיר; אויב אָבער עס איז שלעכט אין דיינע אויגן צו קומען מיט מיר קיין בבל, לאָז עס. זע, דאָס גאַנצע לאַנד ליגט פאַר דיר; ווו עס איז גוט און ווו עס איז רעכט אין דיינע אויגן אַהין צו גיין, גיי״.

ירמיהן איז שווער געווען אָנצונעמען די פרייהייט פון שונאס האַנט (נאָך שווערער, ווי זיינע מתנות), אָבער ער ברענגט אפשר דעם גרעסטן קרבן פון זיין לעבן: ער בלייבט אין לאַנד, ווייל ער וויל מיט זיינע בריוו אויפהאַלטן דעם מוט פון די גולים און דעם מוט פון די געבליבענע — מיט זיין פּערזאָן.

ירמיה האָט אומזיסט געבראַכט דעם קרבן, וואָס איז געוואָרן די גרעסטע מפּלה פון זיין לעבן.

עס איז אים באַשערט געווען צו זען, ווי דאָס פאָלק גופא האָט פאַרניכטעט דאָס לעצטע ביסל פרייהייט וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן. ווי אַ צעשטערונג־מאַניע האָט אַרומגעכאַפּט דאָס שוועך־פאַרווונדעטע פאָלק. און פאַר דעם, וואָס ער איז נישט מיטגעגאַנגען מיטן געזונטן טייל פון די פּליטים קיין בבל, איז ער פאַרשלעפּט געוואָרן דורך די גייסטיק־קראַנקע, פאַרבליבענע קיין מצרים.

ער האָט נאָך געמאַכט אַ לעצטן פּרווו צו ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך.

איבערגעשראָקן פון זיין אייגענער טאַט — די אומזיניקע, פאַרצווייפלטע הריגה פון גדליה בן אחיקם מיט זיינע מענטשן — וויל די שארית הפּליטה אַנט־לויפן קיין מצרים. זיי פרעגן אָבער — אויף אַ רירנדיקן אופן — ביי ירמיהן גאָטס ראָט:

„זאָל... פאַלן אונדזער געבעט פאַר דיר, און זיי מתפּלל צו יהוה דיין גאָט פאַר אונדז; פאַר דעם דאָזיקן גאַנצן איבערבלייב, וואָרעם מיר זיינען פון פיל געבליבן ווייניק, אַזוי ווי דיינע אויגן זעען אונדז. און זאָל יהוה דיין גאָט אונדז זאָגן דעם וועג, וואָס מיר זאָלן אויף אים גיין, און די זאַך וואָס מיר זאָלן טאָן״.

ווען ירמיה וואָלט נישט געווען באַטויבט פון קלעפּ פון אַ גאַנצן לעבן, באַ־זונדערס פונעם קלאַפּ פון חורבן ירושלים, וואָלט ער פון די דאָזיקע רייד צו אים געווען געוווּסט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין רעטונג פאַר די דאָזיקע מענטשן: זיי הייסן אים מתפּלל זיין צו יהוה ז יי ן גאָט, ווי ער וואָלט שוין בכלל נישט געווען זייערער (און אַזוי איז טאַקע געווען). ירמיה הערט דאָס נישט און ער ענטפערט זיי אין נאָמען פון „יהוה דעם גאָט פון ישראל״:

„אויב בלייבן וועט איר בלייבן אין דעם דאָזיקן לאַנד,
וועל איך אייך אויפבויען און נישט צעשטערן,
און וועל אייך איינפלאַנצן און נישט אויסרייסן,

וואָרעם איך האָב חרטה אויף דעם בייז,
וואָס איך האָב אייך געטאָן".

ווי שרעקלעך איז געווען פאַר ירמיהן דעם דיכטער דער געדאַנק וועגן אַנט־לויפן קיין מצרים! ביי אים, אין זיין דיכטערישער פאַנטאַזיע, האָט זיך דערביי פאַרבונדן דער חורבן פון דער פרייהייט מיטן תחית־המתים פון דער אור־קנעכט־שאַפט. און אין פלאַמיקע ווערטער וואָרנט ער קעגן דעם דאָזיקן אומגליקלעכן געדאַנק: אַנטלויפן פון חורבן אין דער מצרישער קנעכטשאַפט!

„און געשען וועט מיט אַלע מענטשן
וואָס האָבן געקערט זייער פנים צו קומען קיין מצרים,
צו וווינען דאָרטן,
אַז זיי וועלן שטאַרבן פון דער שווערד,
פונעם הונגער און פון דער פעסט,

היות גאָט האָט נישט געזאָגט דאָס וואָס איז געווען זייער טיפסטער פאַר־לאַנג, האָט מען ירמיהן (צום ווייפלטן מאָל?) פאַרגעוואָרפן אַז ער זאָגט ליגן: „ליגן זאָגסטו! נישט יהוה אונדזער גאָט (ווי עס פלאָנטערט זיך ביי זיי אין גאַנצן קאַפיטל „יהוה דיין גאָט" און „יהוה אונדזער גאָט" — י. ר.) האָט דיך געשיקט זאָגן: איר זאָלט נישט קומען קיין מצרים צו וווינען דאָרט, נייערט ברוך בן־נריה רעדט דיך אָן אויף אונדז כדי אונדז איבערצוגעבן אין דער האַנט פון די כשדים אונדז צו טויטן, אָדער אונדז צו פאַרטרייבן קיין בבל".

און זיי זיינען אַוועק קיין מצרים און מיטגעשלעפּט ירמיה הנביא מיט זיך.

*

ירמיה צווישן דעם פליטימשן ערב־רב אין מצרים, — ס'אַראַ געוואַלדיקע טעמע גראָד פאַר היינטיקער צייט, ווען אַזוי פיל קליינע אור־אייניקלעך פון ירמיהן איז אויסגעקומען צו זיצן צווישן אַן ענלעכן ערב־רב אין די פאַרשיידענע מצרימס!

ער האָט נאָך געהאַט כוח צו שטראָפן, דער דאָזיקער געבוירענער שטראָ־פער, ווי עס זאָגט עדות די ערשטע העלפט פון קאַפיטל מ"ד; אָבער דאָס איז שוין נישט געווען די פיין פון שטראָפן פאַרבלאָנדזשעטע אין ירושלים, — דאָס איז געווען די פיין פון שטראָפן אויסגעוואָרצלטע, פרעכע ערב־רבניקעס. זיי האָבן שוין נישט פרובירט אַפילו אויסצובאַהאַלטן זייער ווידערשפעניקייט הינ־טערן אויסרייד, אַז ירמיה רעדט נישט אין נאָמען פון גאָט. זיי האָבן אָפן מורד געווען:

„דאָס וואָרט, וואָס דו האָסט גערעדט צו אונדז אין נאָמען פון גאָט, הערן מיר דיר נישט צו. נייערט טאָן וועלן מיר טאָן איטלעך וואָרט וואָס איז אַרויס פון אונדזער מויל, צו רייכערן צו דער מלכה פון הימל, און גיסן צו איר גיס־אָפּפער, אַזוי ווי מיר האָבן געטאָן, מיר און אונדזערע עלטערן, אונדזערע מלכים און אונדזערע האַרן, אין די שטעט פון יהודה, און אין די גאַסן פון ירושלים; און מיר האָבן געהאַט ברויט צו זעט, און אונדז איז געווען גוט, און שלעכטס האָבן מיר נישט אָנגעזען".

איר האָט אַ מאָל געזען לעסער אויס „ירמיה הנביא"? ער ליגט אויף דער

נאָקעטער ערד, אונטערן אויסגעשפּרייטן הימל, און אַלץ אין אים איז טרויער און איינזאַמקייט, דער עיקר איינזאַמקייט. דאָס מוז ער אַזוי ליגן אין מצרים, איינזאַם צווישן זיין פּליטים־פאָלק. און ער מוז טראַכטן, ווי גוט עס וואָלט געווען אומצוקומען צוזאַמען מיט זיינע לעבנס־לאַנגע קעגנערס — די קעמפּערס קעגן די כשדים; ווי גוט עס וואָלט געווען צו זיין אַ געשמידטער צווישן די געפאַנגענע פון די כשדים איידער צווישן די דאָזיקע פרייע, נישט געשמידטע פּליטים, וואָס האָבן פאַרלאָזן זייער פאָלק און זייער לאַנד נישט נאָר פיזיש, נאָר אויך גייסטיק.

ווי שרעקלעך עס איז צו זיין און לעבן צווישן געראַטעוועטע פון אַ פאָלקס־שרפה, און זען — מיט גרענעצלאָזן שוידער, — אַז זיי האָבן נישט אַרויסגעראַטעוועט קיין שום ווערטפולס.

אַפילו אין די מאָדערנע פּליטימשע מצרימס איז דער נביא פון פּיין, ירמיה דער מענטש, געווען דער גאָענטסטער, דער פאַרשטענדלעכסטער. אויף אים האָט זיך אויסגעגאָסן די גאַנצע תוכחה, וואָס קאָן זיך נאָר אויסגיסן אויף אַ פאָלק ביז סוף כל הדורות.

## י״ט) ישעיה, דער אומפּערזענלעכער נביא

פאַראַן נביאים וואָס איר קענט זיי כמעט פּערזענלעך, אינטים; פון זייע־רע שטראָף־רייד, פון זייער דיכטונג זעט איר זיי פּערזענלעך, זייער פּערזענ־לעכן גורל, זייער אינדיווידועלע געשטאַלט, — איר זעט ווי עס קאַרטשעט זיך אין גייסטיקע ווייען אַ קאָנקרעטער מענטש, אַ קאָנקרעטער דיכטער, אַ קאָנקרע־טער קעמפער.

וועגן ירמיהן איז דאָך אָפּגערעדט — וועגן אים קאָן מע דאָך שרייבן כמעט אַ פולע ביאָגראַפיע; אָבער אויך יחזקאל הנביא זעט איר אָפט פּערזענלעך, אין זיין אינטים־יחידישן גורל; איר דערזעט אויף אַ מאָמענט חבקוקס אינדיווידועלע גייסטיקע געשטאַלט; עס דאַכט זיך אייך אַ מאָל אַפילו, אַז איר זעט דעם שאָטן פון עמוסעס קאָנקרעטער געשטאַלט (אמת, נאָר דעם שאָטן).

פאַראַן אָבער נביאים, וואָס וויפל איר זאָלט זיך נישט אַריינלייענען אין זייערע ספרים, בלייבן זיי אייך ווי פּערזאָנען אומבאַקאַנט, ווייט, פרעמד אַפילו. און דאָס געשעט נישט נאָר מיט נביאים, וואָס האָבן אונדז איבערגעלאָזן קליינע ספרים (ווי נחום און מיכה), נאָר אויך מיט איינעם פון די גרעסטע — מיט ישעיה הנביא.

איר לעבט איבער טיף זיין הערלעכע דיכטונג; איר נעמט אויף זיינע גרויסע אידייען, אָבער פּערזענלעך־נאָענט ווערט ער נישט פאַר אייך, אינטים זעט איר אים נישט; אַלץ בלייבט אומפּערזענלעך.

*

עס איז מיר אוממעגלעך צו פאַרגעסן דעם ערשטן איינדרוק פון ישעיהס ערשטע פּסוקים, וואָס דער רבי האָט מיט מיר איינגעטייטשט.

אין חדר האָט געהערשט אַ פייערלעכע שטימונג פון דערוואַרטונג — מ ע ג ייט לערנען ישעיה הנביא!

און ווען מיר האָבן געזאָגט — און דער רבי האָט פאַרטייטשט — די ערשטע פּסוקים: „שמעו שמים והאזיני ארץ... בנים גדלתי ורוממתי... ידע שור קנהו... ישראל לא ידע, עמי לא התבונן“ — איז די פייערלעכע דערוואַרטונג פאַרביטן געוואָרן אויף אַ פייערלעכער דערפילונג, — דער ריטעם איז געווען פייערלעך, באַטייטפול, און צום טאַקט פון פייערלעכן ריטעם האָב איך כמעט ווי געהערט דעם אָפּהילך פון דעם אָקס׳ שווערע געטרייע טריט. איך האָב דעמאָלט נישט גע־ווּסט אַז איך געניס דיכטונג, גרויסע דיכטונג, אָבער דער גענוס איז פון דעם נישט געווען קלענער.

און ווען איך בין געקומען צו די פּסוקים:

„ווען נישט גאָט פון צבאות וואָלט אונדז אַ קליין איבערבלייב געלאָזט, וואָלטן מיר ווי סדום געוואָרן, צו עמורה וואָלטן מיר געווען געגליכן.

„הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איר פירערס פון

סדום; פאַרנעמט די לערע פון אונדזער גאָט, איר פאָלק פון עמורה״ — האָב איך נישט געוווּסט, אַז איך האָב דאָ פאַר זיך אַ קלאַסישע דיכטערישע אַסאָציאַציע (פאַרגלייכנדיק דעם חורבן פון יהודה מיטן חורבן פון סדום, גיט ער זיך אַ וואָרף אויף דאָס זינדיקע לאַנד און אויף די זינדיקע פירערס: „איר פירערס פון סדום...; איר פאָלק פון עמורה״) — אָבער אַ בליץ באַלייכט די פינצטערניש אויך פאַר אַ קינד, וואָס ווייס נאָך נישט וואָס אַ בליץ איז. און איך האָב שוין קיין מאָל נישט פאַרגעסן די פייערלעכע שטימונג און דעם זיסן טעם פון יענער שעה אין חדר, ווען איך האָב אַלץ געזען וואָס ישעיה הנביא האָט געשילדערט און אַלץ געפילט און טיף איבערגעלעבט וואָס ער האָט געוואָלט מאַכן פילן און מאַכן איבערלעבן דורך זיין וואָרט.

זינט יענער חדר־שעה איז אַוועק אַ האַלבער יאָרהונדערט. אין משך פון דער צייט האָב איך אומצאָליקע מאָל געלייענט ישעיה הנביאס ספר און אומצאָליקע מאָל געננאָסן זיין גרויסע דיכטונג און זיינע הויכע געדאַנקען, אָבער אין משך פון דער דאָזיקער לאַנגער צייט האָב איך קיין איין מאָל נישט געזען ישעיהן פּערזענלעך — ער איז תמיד געבליבן ווייט, אומפּערזענלעך.

איך האָב נישט געהאַט מיט זיין אינדיווידועלער פּערזאָן קיין איין אינטים־פּערזענלעכע באַרירונג.

עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן דעם אופן ווי אַזוי ישעיה נעמט אָן גאָטס שליחות צום פאָלק ישראל, מיטן אופן ווי משה רבינו און ירמיה נעמען אָן אָט־די שליחות.

וויפל מאָל משה שפּאַרט זיך מיט גאָט וועגן זיין שליחות! און וויפל מאָל גאָט נעמט נישט אָן זיין, משהס, דעמיסיע! און משה גיט נישט נאָך — אויב די אַרגומענטן זיינע ווערן אָפּגעשלאָגן, זאָגט ער פּראָסט־פּשוט: „איך בעט דיך, גאָט, שיק דורך וועמען דו וועסט שיקן״ און גאָטס צאָרן גרימט אויפן ווידער־שפּעניקן.

דאָס איז מענטשלעך, דאָס אַנטפּלעקט משהס אינטימע פּערזענלעכקייט; דאָס ווייזט זיין ענווות — ווער איז ער, אַז דורך אים זאָל מען אויסלייזן אַ פאָלק? דורך אים, דעם אומבאַקאַנטן, דעם שטאַמלער? דאָס דעקט אויף משהס שרעק פאַר דעם ריזיקן אויפגאַב.

דאָס זעלביקע מיט ירמיהן: ער — אַ שליח פון גאָט? ער — אַ יינגל, וואָס קאָן אַפילו רעכט נישט ריידן?

איר דערפילט דאָ — און איר לעבט איבער — דעם אינערלעכן געראַנגל פון גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס עפּעס אַן איבערמענטשלעכער כוח טרייבט זיי אויסצופירן אַ שליחות און זייער מענטשלעכע שוואַכקייט בעט זיך ביים אי־בערמענטשלעכן כוח ער זאָל זיי אַרויסלאָזן פון דער דאָזיקער שליחות, וואָס איז נישט, ווי עס דאַכט זיך זיי, פאַר זייערע כוחות.

אָבער ישעיה?

„און איך האָב געהערט דעם קול פון גאָט ווי ער זאָגט:
וועמען זאָל איך שיקן? און ווער זאָל גיין פאַר אונדז?
האָב איך געזאָגט: דאָ בין איך; שיק מיך״.

אומפּערזענלעך. גאָט ווענדט זיך אַפילו נישט צו אים, נאָר אַבסטראַקט:

„וועמען זאָל איך שיקן? און ווער זאָל גיין פאַר אונדז?" און ישעיה לייגט זיך פאָר. אַן אינערלעכע ראַנגלעניש, אַן אַ סימן פון וואַקלעניש. אויף אַן אומפּערזענלעכער פראַגע רופט זיך אָפּ אַן אומפּערזענלעכע קראַפט.

און ווען איר לייענט אין קאַפּיטל כ׳, אַז ישעיה איז „אַרומגעגאַנגען נאַקעט און באָרוועס", קאָנט איר זיך דאָס נישט פאָרשטעלן: איר קאָנט נישט זען ישעיהן אַ נאַקעטן און באָרוועסן אויף די גאַסן פון ירושלים, ווייל איר קאָנט אים בכלל נישט פאָרשטעלן זיך ווי אַ פּערזאָן. איר זעט ירמיהן אין די „בינדשטריק און יאָכשטאַנגען" אויף זיין האַלדז; איר זעט ווי דער נביא חנניה נעמט אַראָפּ פון ירמיהס האַלדז דעם יאָכשטאַנג און צעברעכט אים, — אָבער איר זעט נישט ישעיהן אַ באָרוועסן און נאַקעטן, ווייל ער איז פאַר אונדז בכלל נישט קאָנקרעט, ווייל נישט מיר פילן זיין אינטימע פּערזענלעכקייט, און נישט מיר זעען זיין אויסערלעכע געשטאַלט.

וועגן ירמיהן קאָנט איר נישט זאָגן אַז ער איז בלויז אַ משל אָדער אַ לע־גענדע; וועגן ישעיהן קאָנט איר דאָס זאָגן.

ירמיה איז אַרומגעקלעפּט מיט שטיקערווירקלעכקייט, ישעיה שטייט אי־בער דער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט, מן הצד פון דער ווירקלעכקייט, — אַ גרויסער גייסט שוועבט איבערן לעבן און שטראָפט אים און טרייסט אים פון אַ גרויסער דיסטאַנץ, פון אַ גרויסער הייך און מישט זיך נישט אויס מיט אים.

צום בעסטן קומט דאָס צום אויסדרוק אין ישעיהס פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט אַ קאָנקרעטער פּערזאָן — מיטן קיניג חזקיהו.

„אין יענער צייט איז חזקיהו קראַנק געוואָרן צו שטאַרבן; איז צו אים גע־קומען ישעיה הנביא דער זון פון אמוצן, און האָט צו אים געזאָגט: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: מאַך דיין צוואה וועגן דיין הויזגעזינד, וואָרעם דו שטאַרבסט, און וועסט נישט גענעזן וועדן".

ווי אַ פּראָטאָקאָל־נוסח, אַן אַ טראָפּן פּערזענלעכער וואַרעמקייט! ווי אַן אומפּערזענלעכער עכאָ וואָס חזרט איבער עמעצנס אַ טרוקענע רעזאָלוציע וועגן באַשטראָפן חזקיהון. פאַרגלייכט דאָס אדרבא מיט דעם, ווי אַזוי ירמיה באַגלייט אַרויס דעם באַשטראָפטן קיניג יהואחז אין גלות מצרים:

„איר זאָלט נישט וויינען אויפן טויטן,
און נישט באַדויערן אים; וויינען וויינט אויף דעם, וואָס גייט אַוועק,
וואָרעם ער וועט זיך מער נישט אומקערן און זען
דאָס לאַנד פון זיין געבורט".

ווי פּערזענלעך־וואַרעם ירמיה לעבט איבער דעם גורל פון באַשטראָפטן קיניג!

און ווייטער: ווען חזקיהו איז מתפלל צו גאָט און גאָט צערייסט זיין גזר־דין, דערפילט ישעיהו ווידער גאָטס שליחות מיט דער גוטער בשורה: „איך האָב געהערט דיין תפילה, איך האָב געזען דיין טרער; זע, איך לייג צו צו דיינע טעג פופצן יאָר".

ישעיה אָבער איז אַזוי אומפּערזענלעך, אַז ווען ער ברענגט דעם קיניג די בשורה וועגן טויט, ווענדט זיך נישט דער קיניג צום נביא מיט קיין איין וואָרט — ער דרייט אום זיין פּנים צו דער וואַנט און איז מתפלל צו גאָט.

ישעיה איז אַזוי אומפּערזענלעך אַז חזקיהו האָט נישט צו ווענען צו ריידן, פאַר וועמען אויסצוקלאָגן זיין האַרץ, — ישעיה דערפילט זיין אומפּערזענלעכע שליחות און אויך חזקיהו דערפילט זי, אָט־די אומפּערזענלעכע שליחות.

ווי אַנדערש איז ירמיה אין זיינע באַציִונגען מיט אַ צווייטן יִדישן קיניג — צדקיהו.

אויך ירמיה ווערט געשיקט צו צדקיהון מיט גאָטס וואָרט, אָבער צדקיהו האָט פאַר זיך נישט קיין אומפּערזענלעכן שליח, נאָר אַ לעבעדיק־וואַרעמע פּערזאָן, פאַר וועמען מע קאָן אויסריידן דאָס האַרץ; און ירמיה פילט פאַר זיך נישט קיין אומפּערזענלעכן אָביעקט פאַר זיין שליחות, נאָר אַ לעבעדיקן מענטשן. ער ברענגט אים טאַקע אויך די ביטערע בשורה פון גאָט, אָבער ער זעט פאַר זיך אויך אַ מענטשן אין זיין אומגליק און ווי מענטשלעך־וואַרעם עס זיינען די באַציִונגען צווישן זיי — צדקיהון און ירמיהון.

אינעם טיף־מענטשלעכן קאַפּיטל ל״ח טוליען זיך צוויי מענטשן איינער צום צווייטן: דער קיניג צדקיהו צום פאַרפאָלגטן ירמיהו.

הערט נאָר די אָפּגעריסענע טענער פון דאָזיקן רירנדיק־מענטשלעכן קאַפּיטל:

„האָט צדקיהו געזאָגט צו ירמיהון (נאָך דעם ווי ירמיהו זאָגט אים די בייזע נבואה, אויב ער וועט זיך נישט אונטערגעבן די כשדים — י. ר.): זאָל קיין מענטש נישט וויסן פון די דאָזיקע ווערטער און וועסט נישט שטאַרבן. און אַז די האַרן וועלן הערן אַז איך האָב גערעדט מיט דיר, און זיי וועלן קומען צו דיר און זאָגן צו דיר: ...וואָס האָסטו גערעדט צום מלך... און וואָס האָט גערעדט צו דיר דער מלך? זאָלסטו זאָגן צו זיי: איך האָב געלאָזט פאַלן מיין געבעט פאַרן מלך, מיך נישט אומצוקערן אין יהונתנס הויז, צו שטאַרבן דאָרטן״.

צי קאָן זיך וועך פאַרשטעלן אַזאַ מענטשלעכן שמועס ווי אין ירמיהס קאַפּיטל ל״ח צווישן ישעיהן און חזקיהון?

*

אין ישעיהן הערט איר בלויז דעם נביא; אין משהן און ירמיהן פילט איר אויך דעם מענטשן.

ווען חזקיהו און ישעיהן וואָלטן קיין צוואַנציק פראַנץ ווערפעלס נישט געווען בכוח אויסצודיכטן אַזאַ קאַפּיטל ווי ווערפעל האָט דאָס געטאָן וועגן צדקיהון און ירמיהן אין זיין ראָמאַן „הערט די שטימע״.

אין ספר „ירמיה״ הערט מען סיי די שטים פון גאָט, סיי די שטים פון אַ מענטשן; אין ספר „ישעיה״ הערט איר בלויז די שטים פון גאָט.

## כ) נישט קיין קוהלתדיקע געדאַנקען וועגן „קוהלת״

ווען צווישן די תנ״ך־ביכער וואָלט נישט געווען דאָס בוך „קוהלת״, וואָלט אין דער פולער גאַמע פונעם תנ״כס אַלמענטשלעכקייט עפּעס געפעלט. און דער פאַקט וואָס אינעם תנ״ך איז דאָ דאָס בוך „קוהלת״, די דאָזיקע שטימע פון סקעפּטיציזם, וואָס גרענעצט זיך מיט ציניזם, רעדט איבערצייגנדיק פאַר דעם, ווי אוניווערסאַל עס זיינען געווען די אוראַלטע קאַנאָניזאַטאָרן פון אונדזער קלאַסישער ליטעראַטור. און דאָס איז אַ באַווייז נישט נאָר פאַר זייער אוניווערסאַליזם, נאָר אויך פאַר זייער ליטעראַרישן געשמאַק: זיי האָבן געספּקט, אָבער דאָך אַריינגענומען; ס׳איז זיי אַ שאָד געווען אויסנצולאָזן אַ שלימותדיקן אויסדרוק פון איינעם פון די צושטאַנדן פון דער מענטשלעכער נשמה.

אָבער דאָס שטערט נישט צו זאָגן מיט דער גרעסטער זיכערקייט אַז קיין איין בוך פון תנ״ך איז נישט פרעמד אַזוי זיין אַלגעמיינעם גייסט, ווי „קוהלת״. און נישט דערפאַר וואָס עס ספּקט אין דעם צי די נשמה פונעם מענטשן שטייט העכער פאַר דער נשמה פון דער בהמה; און אויך נישט דערפאַר וואָס עס ספּקט אין דעם צי דאָס לעבן האָט אַ זינען און צי עס איז דאָ שטראָף פאַר זינד און שכר פאַר אַ גערעכט לעבן. איז דאָך איובן אויך נישט פרעמד דער דאָזיקער ספק, און בכלל וועט איר אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור נישט געפינען אַזאַ ליידנשאַפטלעכן אויסדרוק פונעם צווייפלענדיקן גייסט, ווי ער האָט דאָס געפונען אינעם תנ״ך.

„קוהלת״ איז פרעמד דעם גייסט פון תנ״ך. דעם גייסט פון יידנטום מיט דעם, וואָס אין אים איז נישטאָ קיין ליידנשאַפטלעכקייט, נישטאָ קיין קלימאַקס פון גייסטיקער איבערלעבונג און איר אויסדרוק. נישטאָ אין „קוהלת״ נישט קיין קאַמף מיט גאָט, נישט קיין שאַרפקייט פון איבערלעבונג, נישטאָ אין אים קיין באַוווסטזיין וואָס בונטעוועט קעגן זיך גופא, — מיט איין וואָרט, נישטאָ אין קוהלת דאָס, וואָס מאַכט פון דעם תנ״ך אַ בוך פון דער מענטשהייט, דאָס געטלעכסטע בוך פון מענטשלעכקייט.

דער תנ״ך איז אין אַלץ פולבלוטיק, ליידנשאַפטלעך ביז אַ מאַקסימום. שולמיתעס ליבע איז שטאַרקער פאַרן טויט. איוב קעמפט מיט גאָט מיט אַזאַ ליידנשאַפטלעכקייט, אַז דער רבונו של עולם אַליין פילט זיך מער באַפרידיקט פון זיין לעסטערונג, ווי פון די טריי־אונטערטעניקע רעדעס פון איובס פריינד. גאָט זעט, אַז די עכטע פרומקייט איז ביי איובן; כדי אַזוי צו לעסטערן, כדי אַזוי צו בונטעווען קעגן גאָט, דאַרף מען אים האָבן אין אייגענעם האַרצן; אָבער „קוהלת״ ווייס נישט ניט פון דער ליידנשאַפטלעכקייט פון איובס גאָט־באַקעמפן, נישט פון דער ליידנשאַפטלעכקייט פון שולמיתעס ליבע, נישט פון דער ליידנשאַפטלעכקייט פונעם עטישן באַוווסטזיין און פונעם עטישן אינסטינקט פון די נביאים. קוהלת איז אַ גרויער פלעק צווישן די הייסע, ליידנשאַפטלעכע פאַרבן פון תנ״ך. קוהלת איז אַ קלוג בוך, אָבער זיין ווייטיק איז צוגעדושעט. עס חזרט זיך אַ סך מאָל איבער די פאָרמולע „הבל הבלים״, אָבער זי, די דאָזיקע פאָרמו־

לע, איז ווייט פון דער אומבאַדינגטקייט פון בודאָס „הבל הבלים״; „קוהלת״ רעקאָמענדירט אַפילו צו כאַפּן דעם דאָזיקן „הבל הבלים״, כל־זמן עס לאָזט זיך. פאַרגלייכט, אדרבא, דעם ערשטן פּערז פון פערטן קאַפּיטל פון „קוהלת״ וועגן גורל פון די אונטערדריקטע און באַרויבטע, וואָס האָבן נישט קיין טרייסטער, מיט די דערשיטערנדיקע — אין זייער שטילקייט — פּערזן פונעם נביא חבקוק (קאַפּיטל 1, פּערזן 17־13) און איר וועט זען דעם אונטערשייד צווישן דעם אמתן גייסט פון תנ״ך און דעם גייסט וואָס איז אים פרעמד. און „קוהלת״ איז פאַר אייך אַ קלוגער סקעפּטיקער וואָס שטעלט פעסט, אַז דער גערעכטער ליידט און ער האָט נישט ווער עס זאָל אים טרייסטן. דעריבער דעקרעטירט ער מיט אַ שאָטן פון אַ לאַנג איינגעשלאָפענעם ווייטיק: „הבל הבלים״. און היות דער ווייטיק פון דער דאָזיקער אַמאָל־אַמאָל טראַגישער פאָרמולע האָט זיך שוין היינט אויך אויסגעוועפּט, דעריבער גיט ער אַרויס אַ קאָנטער־דעקרעט — אַז פאַרן מענטשן איז נישטאָ עפּעס בעסערס ווי „עסן און טרינקען״ (קאַפּיטל 2, פּערז 24). ביי חבקוקן אָבער זעט איר אַפילו אין דער שטילסטער מינוט פון נביאישן טעמפּעראַמענט די ברייט־אויפגעריסענע אויגן פון גרענעצלאָזער שטוינונג און גרענעצלאָזן ווייטיק: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך אַז די קלאָרע אויגן פון גאָט זאָלן קאָנען קוקן אויף אומגערעכטיקייט? און אַפילו אין דער דאָזיקער סאַמע שטילסטער מינוט פון די נביאים ווייסט איר אויף זיכער אַז חבקוק וועט קיין מאָל נישט שלום מאַכן דערמיט, אַז זיין פאַרוואונדערונג וועט קיין מאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שאָטן, נאָר וועט בלייבן אַ לעבעדיקער, אַ שמערצלעך־לעבעדיקער נערוו.

דער תנ״ך מאַכט דעם איינדרוק פון יוגנט מיט זיין איבערגעטריבענער פּילבאַרקייט, אָבער קוהלת שמעקט מיט אַלטקייט מחמת דער אַטראָפּיע פון זיין לעבעדיקער פּילבאַרקייט. און טאַקע מיט דער דאָזיקער אַטראָפּיע פון פּילבאַרקייט איז קוהלת פרעמד דעם גייסט פון תנ״ך, פרעמד דעם גייסט פון יידישן פאָלק וואָס איז אַזוי אַלט און דאָך יונג מיט זיין פּילבאַרקייט, מיט זיינע לעבעדיקע נערוון וואָס רעאַגירן מיט יוגנטלעכער פרישקייט אויף די אומגערעכטע גענג פון דער וועלט, מיט זיינע ברייט־אויפגעריסענע, פאַרוואונדערטע אויגן פון אַ יוגנטלעכן אויף אַ זקנישן פּנים.

כל זמן עס איז לעבעדיק אין אונדז דער יוגנטלעכער גייסט פון תנ״ך, די ליידנשאַפטלעכקייט פון די איבערלעבונגען, די אומקאָמפּראָמיסלעכע באַציִונג צום גאַנג פון דער וועלט, — וועלן מיר פילן דאָס קלוגע בוך „קוהלת״ ווי זקניש־פרעמד, ווי אַ פרעמדן פלעק אויפן בלענדנדיקן בילד פון אונדזער הייליקער שריפט.

און כל זמן מיר פילן ווי פרעמדס די גייסטיקע האַלבקייט פון קוהלת, זיין גייסט פון זקנישקייט, זיינען מיר — געטריי אונדזער אַלטער יוגנטלעכקייט — נאָך פול מיט לעבנס־כוחות, האָבן מיר נאָך אַ צוקונפט.

## כ״א) ביים לייענען „קוהלת״

איך קאָן נישט זאָגן אַז איך האָב נישט ליב דעם ספר „קוהלת״ (צי וואָלט איך אים דען אַזוי אָפט געוועזן געלייענט, ווען כ׳האָב אים נישט ליב?), אָבער ער גייט מיר אויף די נערוון.

מיט וואָס?

מיט זיין אמת.

יאָ, מיט זיין אמת, אַז אַלץ איז „הבל הבלים״.

ס׳איז נישט אמת אַז דאָס ווערטפּולסטע און הייליקסטע אויף דער וועלט — דאָס איז דער אמת; עס איז דאָ עפּעס הייליקערס און מער ווערטפּולס — דער הייליקער ליגן: הייליק דערפאַר, ווייל דער וואָס זאָגט דעם ליגן, גלייבט אין זיין אמת.

עס זיינען דאָ אמתן, וואָס זיינען ווי סם־המות; און ס׳איז דאָ אַ ליגן, וואָס פרישט אָפּ ווי טוי.

דאָס, אַז אַלץ איז „הבל הבלים״, זעט אויס צו זיין אמת — אָבער ער איז ווי סם־המות, ער פאַרוויסט די מענטשלעכע נשמה, מאַכט זי ציניש, ד״ה ער דערפירט זי צו יענעם סאַמע נידעריקן צושטאַנד, נאָר ביי וועלכן זי קאָן שלום מאַכן מיטן אמת פון „הבל הבלים״. נישט קיין פאַרצינישטע נשמה קאָן נישט שלום מאַכן מיטן דאָזיקן אמת און — לעבן. דער דאָזיקער אמת קאָן דערפירן די נישט־דעמאָראַליזירטע מענטשלעכע נשמה צו משוגעת.

און הגם איך בין אַלץ מער און מער גענייגט מודה צו זיין אַז דער „הבל הבלים״ איז אַן אמת, דאָך ווירקט מיר דער דאָזיקער אמת אויף די נערוון אין זיין צינישער „קוהלת״־פאָרעם — אין דער פאָרעם פון שלום־מאַכן מיטן הבל הבלים און מיט די אויספירן וואָס פליסן אַרויס פון אים.

פאַרקערט ווידער: דער גלויבן פון די נביאים אינעם זיג פון דער גערעכ־טיקייט, אינעם עטישן געזעץ פון דער וועלט־געשיכטע, איז, וואַרשיינלעך, אַ ליגן, און ער פאַרשאַפט אַ ברענענדיקן פיין (פאַרוואָס, פאַרוואָס איז דאָס נישט אַזוי?), אָבער דער דאָזיקער ליגן איז הייליק, ער באַלעבט די מענטשהייט, ער גיט איר די מעגלעכקייט איבערצוטראָגן איר אומאויפהערלעכע עקידה. דער דאָ־זיקער הייליקער ליגן באַרויקט נישט אַלע, — ביי אַנדערע רופט ער אַרויס אַ ליידנשאַפטלעכן צאָרן, אַ בונט פון דער נשמה, אָבער דער דאָזיקער צאָרן פאַר־וויסט נישט די נשמה, נאָר ער נערט זי, ער איז דער פאָרבאַדינג פון גייסטיקער אַנטוויקלונג.

אָבער הגם „קוהלת״ ווירקט מיר אויף די נערוון (ער וויל אָפּנעמען, ער נעמט אָפּ די באַלעבנדיקע אילוזיע), פון דעסטוועגן נעם איך אַרויס פון אים באַ־טייטיקע לערנונגען.

אויב עס זיינען דאָ קולטורן, פאַר וועלכע עס איז כאַראַקטעריסטיש אַ מאָ־נאָגאַמיסטישע צילבאַוווסטקייט, פאַרנעמט צווישן זיי אַן ספק דעם ערשטן אָרט

די ייִדישע קולטור. און דאָך האָט אַפילו די דאָזיקע סאַמע מאַנאַגאַמע פון די מאָנאָגאַמישע קולטורן נישט געקאָנט אויף אַזוי ווייט זיך פאַרשמאָלן אַז אין אירע ראַמען זאָל נישט קאָנען געפינען קיין אָרט די חכמה פון „קוהלת״, וואָס איז פרעמד און פיינטלעך איר גייסט. דאָס לעבן, ווען עס איז לעבעדיק — איז אַזוי פאַרשיידנאַרטיק אַז אַפילו אין אירע סאַמע שמאָלע ערטער, איז זי נאָך גענוג ברייט. און אַפילו דאַן, ווען די לעבעדיקע קולטור קאַנאָניזירט אירע גייסטיקע רייכטימער, זיך רעכענענדיק מיט דעם מאָנאָגאַמען צילבאַוווסטזיין, גייען אַריין אין קאַנאָניזירטן תנ״ך אויך „שיר השירים״ און „קוהלת״. די ייִדישע קולטור איז געוואָרן אָפּגעטויט־שמאָל אַ סך שפּעטער, ווען דער שטאָם, אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען, האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיינע פון פריִער אָנגעזאַמלטע זאַפטן. די דאָזיקע זאַפטן האָבן נאָך באַלעבט דעם תלמוד, וועלכער אַנטהאַלט אין זיין מכלומרשטער שמאָלקייט די גרענעצלאָזע ברייטקייט פון לעבעדיקן געדאַנק אין אירע קעגנגעזעצלעכסטע דערשיינונגען, די דאָזיקע זאַפטן האָבן נאָך געווירקט אינעם פעריאָד פון אונדזער שפּאַנישער קולטור און די דאָזיקע זאַפטן האָבן אויף אַ וווּנדערבאַרן אופן אויפגעלעבט אין דער לעצטער צייט.

און ווען איך לייען „קוהלת״, ווער איך דורכגעדרונגען מיט דער זיכערקייט אַז די אַלזייטיקע פונאַנדערבליִונג פון אונדזער קולטור וועט מעגלעך זיין נאָר ווען אונדזער פאָלקס־שטאָם וועט ווידער לאָזן וואָרצלען אין באָדן. דאָס לעבעדיקע אַנטהאַלט אין זיך תמיד מער ווי דאָס טויטע.

באמת, נישטאָ אין תנ״ך נאָך אַזאַ בוך וואָס זאָל זיין אַזוי פרעמד דער לערע פון יהדות, אָדער — נעמענדיק ברייטער די זאַך — דער קולטור פון יהדות, ווי דאָס בוך „קוהלת״.

„דאָס, וואָס איז געווען, וועט אויך ווייטער זיין, און דאָס, וואָס איז געטאָן געוואָרן, וועט ווייטער געטאָן ווערן״, זאָגט קוהלת, אָפּלייקענענדיק דערמיט דעם סאַמע עיקר פון יהדות, און שניידט איבער דערמיט, אַזוי צו זאָגן, זיין סאַמע לעבעדיקן נערוו — דעם פּראָגרעס פון דער וועלט. אויב דער מענטש און די וועלט פונעם מענטשן וועלן בלייבן אויף אייביק די זעלביקע ווי זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן פון ששת ימי בראשית; דאַן איז אין דער וועלט נישטאָ קיין אָרט נישט פאַר דער תורה, נישט פאַרן טרעגער פון דער תורה — דעם פאָלק ישראל, וואָס זיין אויפגאַבע באַשטייט טאַקע אין פאַרפולקאָמען די וועלט, אַז עס זאָל זיך נישט איבערחזרן דאָס, וואָס איז געווען שלעכט, כדי עס זאָל מער נישט געטאָן ווערן דאָס וואָס איז געטאָן געוואָרן שלעכטס.

דער יעניקער, וואָס לייקנט אין דער עטישער פאַרפולקאָמונג פון דער וועלט, לייקנט אין יהדות. און דאָס טאַקע טוט „קוהלת״ וואָס פאַרנעמט אַן אָרט אין קאַנאָניזירטן תנ״ך.

„און איך האָב פיינט באַקומען דאָס לעבן״, זאָגט קוהלת.

ווער נאָך ווי מיר, קינדער פון 20סטן יאָרהונדערט, קאָנען אַזוי מיטפילן דער דאָזיקער דעקלאַראַציע פון שינאה. אָבער די דעקלאַראַציע איז נישט אין גייסט פון יהדות, וואָס איז אַן אַבסאָלוטע באַיאָונג פון לעבן. דאָס יהדות און זיין טרעגער — דאָס ייִדישע פאָלק — זיינען די הייסטע אָנהענגערס פון לעבן: „קלייב אויס דעם וועג פון לעבן״, זאָגט אונדזער תורה נעבן „קוהלת״.

נישט אין איינקלאַנג מיט דער יידישער לערע איז אויך דאָס וואָס קוהלת ספקט אין דער אַנדערשדיקייט פון דער מענטשלעכער נשמה און דער נשמה פון חיות. „ווער ווייס צי דער גייסט פונעם מענטשן גייט אַרויף אין דער הויך און צי דער גייסט פון דער חיה גייט אַראָפּ אונטן?"

און שוין לחלוטין אומדערטרעגלעך פאַרן גייסט פון יידנטום איז דאָס וואָס קוהלת גלייבט נישט אין גערעכטיקייט — אין דאָזיקן הויפּטזייל פון דער יידישער וועלט־אָנשויונג, אויף וואָס עס שפּאַרט זיך אָן די דערהייבנדיקע, הגם נישט זייער קאָמפּליצירטע היסטאָריאָזאָפיע פון די נביאים.

„עס טרעפט — קאָנסטאַטירט מעלאַנכאָליש קוהלת — אַז דער צדיק קומט אום אין זיין גערעכטיקייט, און עס טרעפט אַז דער רשע לעבט לאַנג אין זיין אומרעכט".

ווי ווייט דאָס איז פון אייזערנעם עטישן געזעץ פון די נביאים, אַז „גערעכטיקייט ברענגט מיט זיך שכר, און אומרעכט — שטראָף".

קוהלת גראָבט אונטער אַלע הויפּטזיילן, וואָס האַלטן אונטער די געביידע פון יהדות — די הויפּטזיילן, וואָס זיינען פאַרלייגט געוואָרן אין תנ"ך און זיינען אונטערגעשפּאַרט געוואָרן אין תלמוד, און דאָך איז ער נישט נאָר פאַראַן אין תנ"ך, נאָר מע לייענט אים אופן קול יעדן סוכות אין דער שול, געהייליקט דורך אַלטקייט, קאַנאָניזירט דורך דער לעבנספולקייט פון אַ פריי־זיך־אַנטוויקלענדיקער קולטור וואָס האָט נישט קיין מורא פאַר אָפּנייגן און סתירות, ווייל דאָס לעבעדיקע לעבן געפינט זיין גלייכגעוויכט נישט אין טויטער איינאַרטיקייט, נאָר אין לעבעדיקער פאַרשיידנאַרטיקייט, וואָס איז פאַרייניקט אינעם אַקט פון ווילן צו איינהייט לויט דער הויפּט־אייגנשאַפט פון זיין נאַטור.

קוהלת איז אַ באַווייז אַז דאָס יהדות, ס'קלאַסישע יהדות, איז נישט קיין שמאָלע פאָרמולע אָן לעבן, וואָס צעשטערט דאָס לעבן און איז פרעמד דעם לעבן; דאָס יהדות קוקט אויפן לעבן מיט אָפענע אויגן און זעט עס נישט נאָר מיט די גאָט־פאַרכטיקע אויגן פון בעל התהילים, נאָר אויך מיט די סקעפטישע אויגן פון קוהלת און מיטן אַקט פון שעפערישן ווילן אָדער גלויבן שאַפט ער פון דעם דאָזיקן כאַאָס אַ זינפולע איינהייט.

יהדות איז נישט קיין נאַיווער אַקט פון גלויבן, נאָר חכמה וואָס האָט דורכגעמאַכט אַלע שבע מדורי גיהנום פון וועלט־ און מענטש־קענטעניש.

נישט אומזיסט זאָגט מען געוויינטלעך „אונדזערע חכמים", און נישט „אונדזערע הייליקע".

יהדות איז נישט נאָר אַ גלויבן, נייערט אַ לעבנסלערע, און מעגלעך, אַז נאָר דאָס לעצטע.

*

אַ סך לעקציעס גיט מיר דאָס לייענען „קוהלת". אָבער דאָס דאָזיקע לייענען רופט ביי מיר אַרויס אויך פראַגעס: וואָס וואָלטן געוועזן געזאָגט אונדזערע הייבטיקע אָפּיציעלע היטערס פון יהדות ווען אַ יידישער פּאָעט־פילאָסאָף וואָלט גע־וועזן געשריבן עפּעס ענלעכס צו קוהלת סיי לויטן סקעפּטישן ציניזם, סיי לויט דער סתירה צו יהדות?

און פון דעסטוועגן האָט די טאָלעראַנטע באַציִונג פון די תנ״ך־קאַנאָניזאַ־טאָרן צו „קוהלת״ לחלוטין נישט געשטערט דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלונג און קאָנסאָלידאַציע פון דער יהדות־לערע אין זיין קלאַסישער ריכטונג. פאַרקערט, קוהלת האָט געמאַכט דעם דאָזיקן פּראָצעס מער לעבעדיק, ער האָט אים צוגעגעבן אַ ביסל זאַלץ און פעפער.

## כ״ב) וועלט־שמערץ אין תנ״ך

(איוב און קוהלת)

די פעלקער פון מיזרח שטייען מיטן פנים צו זייער אינערלעכער וועלט; פון מערב — צו דער אויסערלעכער. אַז אין דער דאָזיקער קעגנאיבערשטעלונג איז דאָ אַ סך אמת, קאָן מע זען ביים פאַרגלייכן דעם תנ״ך מיט האָמערס פּאָעמעס: ווי גענוי עס איז באַשריבן אין דער „איליאַדע״ די אויסערלעכע וועלט, ווי גענוי עס איז באַשריבן דער פּאַנצער פון אַכילעסן און ווי קורץ עס זיינען די באַשרייבנדיקע שטעלן אין תנ״ך.

ביים אַנאַליזירן די מגילה „רות״ וועט מיר נאָך אויסקומען אונטערצושטרייכן די קורצקייט, די געפּרעסטקייט פונעם תנ״ך, ווען עס קומט צו דער באַשרייבונג פון דער אויסערלעכער וועלט, צו דער פּאַבולע, צום דערציילנדיקן עלעמענט. די דאָזיקע ווונדערלעכע קורצקייט פון דער דערציילערישער טייל געפינען מיר אויך אין ספר „איוב״.

יעדער פערז פון די ערשטע צוויי דערציילערישע קאַפּיטלען „איוב״ וואָלט סיי ביי אַן אַנטיקן גריך, סיי ביי אַ הייניטיקן אייראָפּעיִשן שרייבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאַנצן קאַפּיטל: די פּאַבולע פון די דאָזיקע צוויי קורצע קאַפּיטלען איז דאָך גראַנדיעז — איובס לעבן און דאָס לעבן פון זיין מישפּחה; די אוידיענץ ביים בורא עולם; גאָטס שמועס מיטן שטן; דער שטן באַקומט די מאַכט איבער איובן; די איבערקערעניש אין איובס לעבן און אַז״וו, און אַז״וו, אָבער דער העברעיִשער פּאָעט רעגיסטרירט אַזוי צו זאָגן בלויז די נשמה פון די דאָזיקע אַלע געשעענישן. ער טוט דאָס זייער געשיקט, מיטן דרייסטן פּענדזל פון אַ גרויסן קינסטלער. דערמאָנט זיך נאָר די דינאַמישקייט פון דער סצענע מיט די אַנזאָגערס פון די אומגליקן וואָס בייטן אָפּ איינער דעם צווייטן! אָבער מע קאָן נישט ניט באַמערקן די אומגעדולדיקייט פון זיין פּעדער, דעם פאַרלאַנג צו לאָזן הינטער זיך וואָס שנעלער די דאָזיקע אַלע אויסערלעכע, הגם נויטווענדיקע געשעענישן כדי צוצורייסן זיך צום סאַמע עיקר פאַר אים — צו איובס אינערלעכע איבערלעבענישן. און ווי נאָר ער געפינט זיך שוין אין זיין סטיכיע, אין דער סטיכיע פון די אינערלעכע, גייסטיקע איבערלעבענישן פון מענטשן, בייט זיין אומגעדולדיקע פּעדער איר כאַראַקטער — זי דריקט אויס באַריידעוודיק די געפילן און געדאַנקען, חזרט זיי איבער נישט איין מאָל און געפינט פאַר זיי יעדעס מאָל אַ נייעם אויסדרוק, אַ נייע פּאָעטישע פאַרקערפּערונג.

דאָס זעלביקע איז אויך ביי די נביאים: די באַשרייבנדיקע עפּיזאָדן, אַפילו די גלענצנדיקסטע, ווי למשל די באַשרייבונג פון דער אינוואַזיע פון די צפון־פעלקער ביי ירמיהן, די באַשרייבונג פונעם היישעריק ביי יואלן, די באַשרייבונג פון דער וויזיע פון משיחס צייטן ביי ישעיהן — אַלע זיינען זיי קורץ, געפּרעסט, כמעט עקספּרעסיאָניסטיש — דערפאַר אָבער ווי באַריידעוודיק זיי זיינען דאָרט,

ווו עס האַנדלט זיך וועגן מוסר, ווי באַריידעוודיק זיי זיינען אין זייער ליידנ־שאַפטלעכן קאַמף פאַר גערעכטיקייט.

*

די פּאָעזיע פונעם תנ״ך — כמעט אין גאַנצן — איז אַ פּאָעזיע פון וועלט־שמערץ. אין תנ״ך זיינען אָבער דאָ צוויי ביכער וואָס טיילן זיך אין דאָזיקן פּרט אויס פון די אַנדערע: „איוב״ און „קוהלת״. אויב אין די ביכער פון די נביאים געפינען צייטנווייז די געפילן פון וועלט־שמערץ אַן אויסדרוק אין ליידנשאַפט־לעכע אויסגעשרייען, זיינען אָבער די ביכער „איוב״ און „קוהלת״ נישט עפּעס אַנדערש ווי איין גרויסער געשריי פון וועלט־שמערץ.

דער גאָט פון ישראל האָט תיכף נאָכן באַשאַפן דעם מענטשן אויסגעדריקט זיין וועלט־שמערץ („און גאָט האָט געזען אַז עס איז גרויס דאָס שלעכטס פונעם מענטשן אויף דער ערד... און גאָט האָט חרטה באַקומען וואָס ער האָט געשאַפן דעם מענטש אויף דער ערד״) און דער מענטש, געשאַפן נאָך גאָטס געשטאַלט, חזרט נישט נאָר איבער, אין גאַנצן תנ״ך, דעם דאָזיקן טרויעריקן אמת, נאָר פאַרברייטערט אים נאָך: נישט נאָר דער מענטש איז שלעכט, נאָר אויך די וועלט, וואָס גאָט האָט באַשאַפן, און די וועלט־אָרדענונג וואָס גאָט האָט איינגעשטעלט — נישטאָ אין דער וועלט נישט קיין גליק, נישט קיין גערעכטיקייט. דער מענטש איז שוואַך, ער קאָן נישט ברענגען אויף דער וועלט קיין מבול (סיידן אַ בלוט־מבול אויף זיך אַליין) ווי גאָט האָט געבראַכט אויף דער וועלט, אָבער דערפאַר געפינט ער אין זיך אַ מאָל גענוג כוח כדי צו מאַכן גאָט פאַרוווּרפן. און אויב דער וועלט־שמערץ פון דער מערהייט נביאים האָט זיין וואָרצל אינעם א מ ת פ ו ן ג אָ ט פון „בראשית״, אַז דער מענטש איז אומגערעכט, ליגט דער וואָרצל פון איובס וועלט־שמערץ אינעם א מ ת פ ו ן מ ע נ ט ש ן, אַז אויך גאָט איז אומגערעכט.

דער דאָזיקער פאַרצווייפלונגס־געשריי קעגן דער אומגערעכטיקייט פונעם אַלגערעכטן הערט זיך אַ מאָל אויך ביי די נביאים, למשל ביי חבקוקן, ביי ווע־מען דער דאָזיקער געשריי האָט באַקומען אַ דערשיטערנדיקע פאַרקערפּערונג, וואָס איז געניאַל־מעלאָדיש אין איר דערשיטערנדיקער קראַפט, ווי חנה ראָווינאַס געוויין אין פּינסקיס „אייביקן ייד״ ביי דער „הבימה״.

„דיינע אויגן זיינען צו ריין צו זען שלעכטס, און צוקוקן אומרעכט קענסטו נישט; פאַר וואָס קוקסטו צו די וואָס פעלשן, שווייגסט ווען דער רשע שלינגט איין דעם וואָס איז גערעכטער פון אים? און האָסט געמאַכט מענטשן ווי די פיש פון ים, ווי ווערעם אָן אַ געוועלטיקער איבער זיי; ער ציט זיי אַלע אַרויף מיט אַ ווענטקע, ער שלעפּט זיי אַרויף אין דער נעץ, און ער זאַמלט זיי איין אין זיין פאַנגנעץ, דרום פרייט ער זיך און קוועלט״.

אָבער דאָס זיינען נאָר פאַראיינצלטע אויסגעשרייען, עלעגישע און ליריש־פרעגנדיקע. אין „איוב״ אָבער באַקומען זיי זייער גאַנצע קראַפט. דאָס איז שוין נישט קיין אויסגעשריי, נאָר אַ באַשולדיקונג, אַ פאָדערונג פון אַ דין־וחשבון.

צוויי ספרים פון תנ״ך באַשעפטיקן זיך בלויז מיט דער פּראָבלעם פון וועלט־שמערץ — די ספרים איוב און קוהלת.

*

דער וועלט־שמערץ פליסט אַרויס פון אַ סך קוואַלן. אין אַלגעמיין טיילן זיך די דאָזיקע קוואַלן אויף צוויי מינים: איינער איז אַ סוביעקטיווער, דער צווייטער — אַן אָביעקטיווער, אָדער ריכטיקער: איינער איז אַ פּערזענלעכער, דער צוויי־טער — אַן אַלגעמיינער. קוהלת געהער צום ערשטן מין, איוב — צום צווייטן. קוהלת טרויערט אויף דעם וואָס דער מענטש האָט נישט קיין פּערזענלעך גליק און וואָס אויף דער וועלט איז נישטאָ קיין גערעכטיקייט; און איוב טרויערט אויף דעם וואָס אויף דער וועלט איז נישטאָ קיין גערעכטיקייט און דעם מענטשן איז נישט באַשערט קיין פּערזענלעך גליק. פאַר קוהלת איז דאָס פּרימערע — דאָס פּערזענלעכע, און פאַר איובן — דאָס אַלגעמיינע. זאָל זיך נאָר איוב אי־בערצייגן אַז אויף דער וועלט הערשט גערעכטיקייט, און ער וועט זיך באַרויקן, און ער וועט שלום־מאַכן מיט זיין פּערזענלעכער טראַגעדיע, מיט זיין אָרעמקייט, מיט זיין קראַנקייט, — דאָס פּערזענלעכע אומגליק איז דאָך אַזוי קאָלאָסאַל אין זיינע אויגן בלויז דערפאַר, ווייל דורך אים זעט ער באַשיימפּערלעך און טאַפּט כמעט אָן מיט די פינגער — ביים צורירן זיך צו זיין אַנגעווייטיקטן קערפּערס — די אַלוועלטלעכע אומגערעכטיקייט: אין דעם דאָזיקן פּריוואַטן זעט ער בלויז די אָפּשפּיגלונג פונעם מענטשלעך־אַלגעמיינעם.

אַנדערש איז די זאַך מיט קוהלת: פאַר אים איז נישט גענוג צו איבערצייגן זיך אין דער עקסיסטענץ פון גערעכטיקייט אויף דער וועלט, — אים פּערזענלעך איז נייטיק אומשטערבלעכקייט, לכל הפחות לאַנגע יאָרן, געזונט און אַן איי־ביקער לעבנס־יום־טוב. דער וועלט־שמערץ וועגן אַלגעמיינעם איז פאַר אים בלויז אַ צוגאָב צום וועלט־שמערץ וועגן פּערזענלעכן. איוב זעט דורך דעם פּריוואַטן דאָס אַלגעמיינע; קוהלת — דורך דעם אַלגעמיינעם דאָס פּריוואַטע.

שוין דער ערשטער ווייגעשריי איובס ווערט פאַראיידלט דורך דעם וואָס ער איז נישט בלויז פּערזענלעך, נאָר פאַראַלגעמיינערט. ער הייבט אָן מיט זיך:

„אונטערגיין זאָל דער טאָג
„וואָס איך בין אין אים געבוירן געוואָרן...
„פאַר וואָס בין איך נישט פון טראַכט געשטאָרבן?״

אָבער ער דערפילט באַלד אין זיין גורל דעם גורל פון מענטשן בכלל. מע פילט כמעט ווי ער הערט אויף צו שפּירן *זיין* ווייטיק, *זיין* עוולה, ווייל ער דערשפּירט די עוולה און דעם ווייטיק פונעם *מענטשן* בכלל. ער טרוימט שוין נישט וועגן זיין אייגענעם *נישט־זיין*, נאָר וועגן דעם *נישט־זיין* פון אַלע וואָס ליידן:

„...דאָרט רוען די מידע אָן כוח,
„אינאיינעם באַרוט זיינען די געפאַנגענע,
„זיי הערן נישט דעם קול פון אַ דריקער...
„און דער קנעכט איז פריי פון זיין האַר״.

איוב נעמט זיך אָן פאַרן מענטשן:

*„פאַר וואָס גיט ער ליכט דעם וואָס מאַטערט זיך; און לעבן — די פאַרביטערטע אין געמיט?*

„די וואָס וואָלטן זיך פריי׳ען מיט שימחה,
„וואָס וואָלטן קוועלן אַז זיי וואָלטן געפונען
דעם קבר...״

אָט דאָס איז דער לייטמאָטיוו פון „איוב״: נישט נאָר זיין פּיין פּאַר־שטעלט נישט פאַר אים די פּיין פונעם מענטשן, נאָר פאַרקערט: ערשט איצט, בעת ער ליידט, עפנט זיך אויף פאַר אים דאָס בילד פון אַלעמענס ליידן. ער געמט פילן די וועלט פון ליידן. און דאָס איז אפשר דער געדאַנק פון ספר „איוב״: דורך פּערזענלעכן ליידן דערזעט דער פיינער, איידלסטער גייסט די ליידן פון דער וועלט. דווקא דערפאַר וואָס איוב איז געווען אַ פיינער גייסט, האָט ער גע־מוזט געשלאָגן ווערן, כדי ער זאָל קאָנען באַגרייפן די ליידן פונעם מענטשן און געבן אַן אויסדרוק זיינע, דעם מענטשנס, ליידן.

קוהלת אָבער דערפילט דורכן גורל פונעם מענטשן בכלל זיין אייגע־נעם גורל. איוב קומט פונעם פּערזענלעכן צום אַלגעמיינעם; קוהלת — פון אַל־געמיינעם צום פּערזענלעכן.

אין דאָזיקן אונטערשייד צווישן איוב און קוהלת וואָרצלט אויך דער אונ־טערשייד אין זייערע רעאַקציעס. איוב וואָלט קיין מאָל נישט געווען געקאָנט קומען צום אויספיר פון קוהלת וועגן דעם, אַז אויב עס איז נישטאָ קיין גערעכ־טיקייט, טאָ דאַרף מען גוט עסן און טרינקען; איוב קאָן נישט קומען צו אַזעלכע מיושבדיקע אויספירן, פונקט ווי ער קאָן נישט ריידן מיט אַזאַ רויִקן טאָן, אין וועלכן דער וויטיק האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעזעצט: אין איובן קאָכט אַלץ, איוב וועט זיך קיין מאָל נישט באַרויִקן. גאָט צווינגט אים אַנטשוויגן צו ווערן, אָבער נישט אינערלעך זיך אונטערצוגעבן.

ביידע, סיי איוב און סיי קוהלת, האָבן מורא פאַר גאָט, זיי פילן זייער גאַנ־צע הילפלאָזיקייט לגבי אים. אָבער ווי פאַרשיידן איז זייער האַלטונג לגבי דער דאָזיקער שרעק.

איוב דריקט אויס מיט פּאַרכטיקע ווערטער זיין מורא פאַר גאָט:

„דרום בין איך דערשראָקן פאַר אים; איך באַטראַכט און האָב מורא פאַר אים. און גאָט האָט שלאַף געמאַכט מיין האַרץ, און דער אַלמאַכטיקער האָט מיך איינגעשראָקן״ (כ״ג, 15־16).

אָבער די דאָזיקע שרעק שטערט אים נישט זאָגן דאָס וואָס זיין האַרץ, צע־ווייטיקט פון שרעק, פילט: „אָט שריי איך גוואַלד, און ווער נישט געענטפערט, איך רוף, און נישטאָ קיין גערעכטיקייט״ (י״ט, 7); „פאַר וואָס לעבן די רשעים, על־טערן זיך, און זיינען שטאַרק אין קראַפט?״ (כ״א, 7); „איך וואָלט פאַרגעלייגט פאַר אים דעם מישפּט און מיין מויל וואָלט איך אָנגעפילט מיט טענות. איך וואָלט וויסן, וואָס ער וואָלט מיר ענטפערן, און פאַרשטיין, וואָס ער וואָלט מיר זאָגן״ (כ״ג, 4־5).

קוהלת דריקט אויס זיין מורא פאַר גאָט פונקט אַזוי געלאַסן, ווי זיין פּראָ־טעסט קעגן אומגערעכטיקייט: „זאָלסט נישט זיין האַסטיק מיט דיין מויל, און דיין האַרץ זאָל זיך נישט איילן אַרויסצולאָזן אַ וואָרט פאַר גאָט, וואָרעם גאָט איז אין הימל און דו ביסט אויף דער ערד; דרום זאָלן דיינע ווערטער זיין ווינציק (קוהלת ה׳, ו׳).

איוב שרעקט זיך פאַר גאָט מער ווי קוהלת. דאָס איז צו זען פון זיין אויס־

געשריי צו זיינע פריינד: „פאַר וואָס רודפט איר מיך אַזוי ווי גאָט און קענט זיך נישט אָנזעטיקן מיט מיין פלייש?" (י"ט, 22). אַ געוואַלטיק ליידנשאַפט־לעכער אויסגעשריי, געניאַל אין זיין בילדלעכקייט און פסיכאָלאָגיש ביז גאָר: גאָט איז ביי אים דער סימבאָל פון פאַרפאָלגער, וואָס ווערט קיין מאָל נישט געזעטיקט מיטן פייניקן זיין קרבן. און ער גלייבט אויך מער ווי קוהלת אין גאָטס גרויסקייט; אָבער ער איז נישט אַזוי קלוג און באַרעכנט. ער רעכנט זיך נישט מיט צוועקמעסיקייט, נאָר מיט דער פאָדערונג פון אַבסאָלוטן יושר.

קוהלת באַנעמט זיך לגבי גאָט ווי אַ קלוגער פאַרזיכטיקער דיפּלאָמאַט, וואָס זוכט צו דערגרייכן זיין ציל; איוב באַנעמט זיך אַקעגן גאָט ווי אַ ליידנשאַפט־לעכער רעוואָלוציאָנער, וואָס איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר אַן אַלגעמיינעם ציל.

ביידע — סיי איוב, סיי קוהלת, זעען די וועלט אַזוי ווי זי איז, אָבער זיי לעבן זי איבער אַנדערש. קוהלת — קליגער, איוב — ליידנשאַפטלעכער.

קוהלת מאַכט אַרבעטן דעם מוח; איוב באַוועגט די נשמה.

נישט אומזיסט איז קוהלת אַזוי דורכזיכטיק, לייכט, שפּילעוודיק, און איוב פאַרבלאָנדזשעט אין דער געדיכטעניש פון ווערטער וואָס זיינען קלעפּיק פונעם בלוט פון זיין אייגענעם האַרצן.

אין איובן האָבן מיר פאַר זיך אַ העראָישן מענטשן, אַ קרוב פון פּראָמע־טעוסן; אין קוהלת האָבן מיר פאַר זיך אַ פּראָטאָטיפּ פון סענעקען, פון מאַרק אוירעליוסן.

איוב איז נעענטער צו דער קולטור פון די צייטן פון דער מיטאָלאָגיע; קוהלת — צו דער קולטור פון די צייטן פון ציוויליזירטער חכמה.

די שפּראַך פון איוב איז אַרכאַיש, ער שאַפט פאַר זיך אַליין זיינע נייע ביל־דער און איז פול מיט זאַפטן פון קומענדיקער אַנטוויקלונג; די שפּראַך פון קוהלת איז האַרמאָניש, ער שעפּט פונעם אוצר פון פאָלקס־ווערטלעך, ער שאַפט זיי אַליין (זעט עס אויס) לייכט, גראַציעז, און איז פול מיט די זאַפטן פון דער פאַרגאַנ־גענער אַנטוויקלונג.

איוב — דאָס איז אַ רייכע ירושה פאַר די קומענדיקע דורות; קוהלת — דאָס איז אַ רייכע ירושה פון פאַרגאַנגענע דורות.

איוב — דאָס איז אַ פאַרבאַגינענדיקער שטורעם; קוהלת — אַן עלעגישער זון־פאַרגאַנג.

## כ״ג) גאָטס באַגרענעצטע קראַפט

אין דער געפּיל־און־געדאַנקען־רייכקייט פון ספר איוב, פאַרנעמט אַ באַזונדערן ערן־אָרט (פאַר מיר יעדנפאַלס) דער מאָטיוו פון גאָטס באַגרענעצטער קראַפט.

און גאָט האָט דערשפּירט די באַגרענעצטקייט פון זיין מאַכט, און האָט פּרובירט קעמפן קעגן דעם; ער האָט פּרובירט פאַרשרייען זיין מפּלה־געפיל דורך אויסשטעלן זיך מיט זיין מאַכט, וואָס ביי דער גאַנצער שיינקייט איהער (פון דעם אויסשטעלן זי) איז זי נישט פאַסיק פאַר גאָט. דאָס וואָלט זיך גיכער געווען געפּאַסט פאַר אַן אויפגעקומענעם מאַכט־הערשער, ווי פאַר אַ גאָט פון דור־דורות, פון בראשית.

אָבער צו גאָטס שבח מוז געזאָגט ווערן אַז ער האָט גובר געווען זיין גערייצטקייט צוליב דער מפּלה, צוליב דעם וואָס איוב האָט אויפגעדעקט די איינציקע שוואַכע שטעלע, דעם איינציקן בלויז אין זיין, גאָטס, אַלמאַכטיקייט; ער האָט זיך נישט נוקם געווען אין איובן, — אדרבא, ער האָט אָנערקענט זיין מפּלה און שלום געמאַכט נישט נאָר מיט איובס גערעכט־זיין, נאָר אויך מיט איובס אומבאַגרענעצטער איוב־קראַפט.

איך זאָג „איוב־קראַפט״, ווייל עס איז אייבערפלאַכלעך צו מיינען אַז איוב איז בלויז דער סימבאָל פון ליידן, פון ליידן אומזיסט פונעם וועלט־שמערץ; איוב איז עפּעס מער ווי דאָס אַלץ: איוב איז דער סימבאָל פון אַזאַ קראַפט וואָס באַגרענעצט גאָטס אַלמאַכטיקייט. מיט אַנדערע ווערטער: איוב איז דער סימבאָל פון דעם מענטש וואָס באַזיגט גאָט.

*

די וווּנדערבאַרסטע ווערטער פונעם וווּנדערבאַרן ספר „איוב״; די וווּנדערבאַרסטע ווערטער פון דער וווּנדערבאַרער איוב־געשטאַלט זיינען, לויט מיר, אָט־די:

„אַזוי ווי עס לעבט גאָט, וואָס האָט צוגענומען מיין רעכט,
„און דער אַלמעכטיקער וואָס האָט פאַרביטערט מיין זעל,
„אַז כל־זמן מיין אָטעם איז אין מיר,
„און דער הויך פון גאָט אין מיין נאָז,
„וועלן מיינע ליפּן נישט ריידן אומרעכט,
„און מיין צונג וועט נישט אַרויסלאָזן באַטרוג!
„חלילה מיר, אַז איך זאָל אייך געבן גערעכט!
„ביז איך וועל אויסגיין וועל איך נישט לאָזן אָפּנעמען מיין ערלעכקייט פון מיר.
„אָן מיין גערעכטיקייט („גערעכט זיין״? — י. ר.) האַלט איך זיך און וועל זי נישט אָפּלאָזן;
„מיין האַרץ האָט פון מיין לעבטאָג אָן מיר נישט פאַרצוואַרפן״.

(„איוב״, קאַפּ׳ כ״ז)

איוב לייקנט נישט אין גאָט („אַזוי ווי עס לעבט גאָט״) און ער לייקנט אויך נישט אין זיין אַלמאַכטיקייט („און דער אַלמעכטיקער, וואָס האָט פאַרבי־טערט מיין זעל״); אָבער דער גלויבן אין גאָט און אין גאָטס אַלמאַכטיקייט (און איוב האָט אויף זיין אייגענער הויט געשפּירט די דאָזיקע אַלמאַכטיקייט) קאָן אים נישט באַוועגן זיך אונטערצוגעבן אָן באַדינגונגען: אַלץ קאָן מיט אים גאָט מאַכן אָבער נישט צווינגען אים צו אָנערקענען גאָטס גערעכטיקייט, און זיין, איובס, אומגערעכטיקייט, בעת ער פילט און גלייבט אַז דאָס מאָל איז אומ־געקערט: ער, איוב, איז גערעכט, און גאָט איז אומגערעכט.

אין זיין דאָזיקן געפיל ווערט דער שוואַכער און שטערבלעכער איוב שטאַר־קער פאַר גאָט און אומשטערבלעך ווי ער.

ווי מאַכטיק און אומשטערבלעך, ווי מאַיעסטעטיש־געטלעך עס זיינען די אויבנגעבראַכטע ווערטער איובס!

דאָס זיינען אפשר (ניין, געוויס!) די שטאָלצסטע, אומשטערבלעכסטע ווער־טער וואָס זיינען ווען געזאָגט און געשריבן געוואָרן דורך אַ מענטשן:

„אַזוי ווי עס לעבט גאָט, וואָס האָט צוגענומען מיין רעכט — — —
„ביז איך וועל אויסגיין וועל איך נישט לאָזן אָפּנעמען מיין ערלעכקייט פון מיר.
„אָן מיין גערעכטיקייט האַלט איך זיך און וועל זי נישט אָפּלאָזן״.

אַלץ קאָן גאָט אָפּנעמען ביי איובן: זיין פאַרמעגן, זיינע קינדער, זיין גע־זונט, אַפילו זיין לעבן, — אָבער ער איז הילפלאָז לגבי איובס געפיל פון גע־רעכט־זיין; לגבי איובס אַנטשלאָסנקייט צו פאַרטיידיקן זיין גערעכט־זיין, ווערט פאַראַליזירט גאָטס מאַכט.

און גאָט וויל ברעכן איובס דאָזיקן שטאָלץ — ער וויל אים צווינגען צו קאַפּיטולאַציע.

מיט וואָס פּרוווט ער דאָס דערגרייכן? דורך אויסערלעכע מיטלען קאָן דאָס ביי אַן איוב נישט דערגרייכן אַפילו גאָט אַליין.

געוויס, גאָט קאָן פאַרמאַכן איובס מויל, דורך מאַכן אים שטום, אָבער דאַן וועט איוב  ט ר אַ כ ט ן  וועגן זיין גערעכט־זיין לגבי גאָט, — און גאָט איז דאָך אַ יודע מחשבות.

געוויס, גאָט קאָן טויטן איובן, — אָבער דאַן וועט גאָט באַזיגן אַ טויטן, ווייל איובס לעצטער אָטעם וועט זיין געפּאַרט מיט זיין באַוווסטזיין און מיט זיין געפיל פון גערעכט־זיין לגבי גאָט.

עס איז קלאָר, אַז גאָט קאָן באַזיגן איובן נאָר מיטן דערגרייכן איובס אי־נערלעכע (פּסיכישע) קאַפּיטולאַציע.

און גאָט באַמיט זיך דאָס צו דערגרייכן דורך אויסשטעלן זיך מיט זיין מאַכט, וואָס האָט פאַר אַ ציל איובס אינערלעכע, פרייוויליקע קאַפּיטולאַציע.

און מע מוז זאָגן אַז גאָט האָט גרויסאַרטיק אויסגעשטעלט זיין מאַכט אין די קאַפּיטלען ל״ח און ל״ט.

און מיר מוזן מודה זיין אַז גאָט האָט מיט וואָס איינצואָרדענען אַן אויס־שטעלונג פון זיין מאַכט. דערביי האָט ער נאָך, ווי אַ געניטער רעזשיסאָר, אָנ־געהויבן זיין אויסשטעלונג־רעדע פון שטורעם אַרויס, כדי איבערצושרעקן איובן און ווייך מאַכן זיין געמיט:

„ווו ביסטו געווען ווען איך האָב געגרונטפעסט די ערד? — — —<br>
„אויף וואָס זיינען אירע גרונטמויערן אַרויפגעזעצט? — — —<br>
„און ווער האָט פאַרצאַמט מיט טירן דעם ים,<br>
„ווען ער האָט אויסגעבראָכן און איז פון טראַכט אַרויס? — — —<br>
„און געזאָגט: ביז אַהער זאָלסטו קומען און נישט ווייטער?"

און גאָט רעכנט אויס נישט ווייניק וועלט־וווּנדער (און וואָס איז דען אין דער וועלט נישט קיין וווּנדער?). און זיי זיינען דאָ אַזוי פּיל אַז זיי פליסן אַריבער אין קאַפּיטל מ׳ (גיט אַ קוק אין קאַפּיטל מ׳ און לייענט איבער דאָס דיכטעריש־גראַנדיעזע בילד פונעם וואַסערפערד, מיט וועלכן גאָט וויל דערדריקן איובס קליינקייט און „ווינציקייט"), אין וועלכן איוב גיט זיין קורצן, אָבער פאַרניכטנדיקן ענטפער:

„זע, ווינציק וואָס איך בין; וואָס קאָן איך דיר ענטפערן?<br>
„איך טו אַרויף מיין האַנט אויף מיין מויל.<br>
„איין מאָל האָב איך גערעדט, און וועל מער נישט ענטפערן..."

נישט נאָר מ י ר מוזן מודה זיין, אַז גאָט האָט מיט וואָס איינצוואָרדענען אַן אויסשטעלונג פון זיין מאַכט — אויך איוב האָט דאָס געמוזט מודה זיין ביי זיך אין האַרצן און נישט ער האָט געוואָלט און נישט ער האָט געקאָנט אָפּלייקענען גאָטס גראַנדיעזע מאַכט; ער האָט אָבער אַנטקעגן געשטעלט גאָטס אַלע אויסגערעכנטע וווּנדער דעם גרעסטן וווּנדער, וועלכן גאָט האָט נישט אויסגערעכנט: ד ע ם וו ו נ ד ע ר, קעגן וועלכן גאָט האָט אָן דערפאָלג מאָבילי־זירט אַלע אַנדערע וווּנדער, — ד ע ם וו ו נ ד ע ר פ ו ן א י ו ב ס ג ע־פ י ל פ ו ן ג ע ר ע כ ט ־ ז יי ן, וואָס בייגט זיך נישט אַפילו פאַר גאָט.

איז דען דער דאָזיקער וווּנדער נישט גאָטס וווּנדער? ער האָט באַוויזן דעם וווּנדער צו באַגרענעצן זיין אַלמאַכטיקייט דורך זיינער אַן אייגענער באַשעפעניש, אַ ווינציקער און אומגליקלעכער, וואָס איז די שוואַכסטע און די שטאַרקסטע; די קריכערישסטע און די שטאָלצסטע; די אומגערעכטסטע און דאָך באַשאַנקען מיט אַ ז אַ געפיל פאַר גערעכטיקייט וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן גאָט אַליין, איר באַשעפער, ווען דאָס דאָזיקע גערעכטיקייט־געפיל גיט זי אַ ברען און ברענט אין איר ווי משהס סנה, נישט אויסצולעשן, ביזן לעצטן אָטעם פון אַן איוב.

„זע, ווינציק וואָס איך בין; וואָס קאָן איך דיר ענטפערן?<br>
„איך טו אַרויף מיין האַנט אויף מיין מויל.<br>
„איין מאָל האָב איך גערעדט, און וועל מער נישט ענטפערן..."

דאָס איז נישט קיין כלומרשטע עניוות וואָס שפּראָצט מיט גאווה; דאָס איז אויפריכטיקע עניוות; אָבער דווקא דערפאַר האָט זיך גאָט דערפילט באַזיגט: אַקעגן דעם אויסשטעלן זיך מיט זיין גרויסקייט, שטעלט איוב אַרויס זיין ווינציקייט, זיין שווייגנדיקע הכנעה; אָבער אַלץ אין אים, — סיי זיין ווינציקייט, סיי זיין הכנעה — האָט געשריגן צו גאָט: „זע, כאָטש איך בין ווינציק, און האָב נישט וואָס אַנטקעגן צושטעלן דיין גרויסקייט, דאָך איז דאָ אַ פּונקט אין מיין ווינציקייט, וואָס דיין גאַנצע קראַפט קאָן אים נישט דערדריקן. דאָך איז דאָ אַ באַריידעוודיקייט אין מיין שווייגן, וואָס די גאַנצע פּראַכט פון דיין

באַרעדטער וואָרט־אויסשטעלונג קאָן זי נישט שטעלן אין שאָטן: דאָס איז דער פּונקט פון מיין גערעכטיקייט־געפיל, און דער אויסדרוק, וואָס ער האָט באַקומען אין קאַפּיטל כ׳ ז׳.

און גאָט האָט אָנערקענט זיין מפּלה — ער האָט געמוזט אָנערקענען אַז דער גרעסטער ווונדער פון זיין ווונדערלעכער וועלט איז גראָד דער, וואָס איז פאַרקערפּערט אין איובס בונט קעגן אים, זיין אַלמאַכטיקן באַשעפער; ער האָט געמוזט דערפילן אַז זיין גרעסטער שטאָלץ איז נישט די דורך אים געשאַפענע קראַפט פונעם וואַסערפערד, וואָס

„זיין כוח איז אין זיינע לענדן,
„און זיין שטאַרקייט אין די פליישפעדעם פון זיין בויך; — — —
וואָס
„די אָדערן פון זיינע דיכן זיינען ווי צווייגן;
„זיינע ביינער זיינען ווי רערן פון קופּער.
„זיינע קנאָכנס ווי אייזערנע שטאַנגען״, —

נאָר די גייסטיקע קראַפט פון פיזיש־צעבראָכענעם איוב; ער האָט געמוזט דערפילן אַז נישט דער וואַסערפערד איז „די פער פון גאָטס דרכים״, נאָר איוב.

אמת, דער וואַסערפערד, ווי גאָט מאָלט אים אויס פאַר איובן, כדי צו באַווייזן וואָס ער, גאָט, קאָן, איז פיזיש אַזוי מאַכטיק, אַז „בלויז זיין באַשעפער קען ברענגען (אויף אים) זיין שווערד״; אָבער איוב איז אַזוי שטאַרק גייסטיק אַז אַפילו זיין באַשעפער קאָן אים נישט באַצווינגען גייסטיק.

געוויס, דער וואַסערפערד איז פיזיש אַזוי מאַכטיק, אַז מע קאָן אים נישט כאַפּן „פאַר זיינע אויגן״ און מע קאָן אים נישט „דורכלעכערן די נאָז מיט פאַסטקעס״; אָבער איוב איז אַזוי שטאַרק גייסטיק, אַז ווען ער ליגט אַ געפאַנגענער אין די נעצן פון יסורים, אָרעמקייט, פאַרלאָזנקייט און דערנידעריקטקייט, קאָן אים זיין באַשעפער נישט דיקטירן זיינע, איובס, געפילן און געדאַנקען.

און אויב דער קאַפּיטל מ״ב וויל אונדז איינריידן אַז איוב האָט קאַפּיטולירט פאַר גאָט („דרום פאַראַכט איך [מיינע רייד] און האָב חרטה״) און ער רעווידירט איובס ענטפער פון קאַפּ׳ מ׳, איז די טרחה פונעם צושרייבער אַן אומזיסטיקע. איוב האָט פון פאָרויס צונישט געמאַכט אַלע פּרוּוון פון אַ רעדאַקטאָרישן אליפז דעם תימני, בלדד דעם שוחי און צופר דעם נעמתי: „איין מאָל, — זאָגט איוב אין קאַפּיטל מ׳, — האָב איך גערעדט און וועל מער נישט ענטפערן״.

ניין, אין קאַפּיטל מ״ב רעדט נישט איוב — גאָט רעדט. און נישט צו איובן, נאָר צו גאָטס „קאָזיאָנע״ פאַרטיידיקערס, צו אליפז דעם תמיני:

„מיין צאָרן גרימט אויף דיר און אויף דיינע צוויי גוטע פריינד, פאַר וואָס איר האָט נישט גערעדט וועגן מיר אַזוי אויפריכטיק ווי מיין קנעכט איוב״.

זיי האָבן געזען גאָטס גרעסטן ווונדער (אין איובן) פּנים אל פּנים, און אָנשטאָט צו פאַלן פאַר אים אויפן פּנים אין הייליקער אימה, האָבן זיי אים פאַרלייקנט...

*

איוב האָט אינסטינקטיוו געפילט דעם באַטייט פון זיינע רייד, ווען ער האָט ליידנשאַפטלעך אויסגעשריגן:

„הלוואַי ווערן נאָר אויפגעשריבן מיינע ווערטער!
„הלוואַי ווערן זיי אין אַ בוך פאַרצייכנט! — — —
„מיט אַן אייזערנער פען און בליי
„אויף אייביק אין פעלדז איינגעקריצט!״

און זיינע ווערטער זיינען אויפגעשריבן געוואָרן אין אַ בוך וואָס איז אייביקער פאַרן האַרטסטן פעלדז.

פעלדזן וועלן צעקרישלט ווערן און צוזאַמען מיט זיי וועט פאַרשווינדן דאָס, וואָס איז זיי דורך איינקריצונגען אָנגעטרויט געוואָרן; אָבער דער ספר „איוב״, געשריבן פון אַ שוואַכער מענטשלעכער האַנט, וועט לעבן אייביק און זיין געשריי וועט אָפּהילכן אין האַרץ און מוח פונעם לעצטן מענטשן, אין זיין אייביקן קאַמף מיט גאָט ביזן לעצטן אָטעם פון מענטש־עקסיסטענץ: ווער איז גערעכט — דער באַשעפער צי דער באַשאַפענער? — — —

וואָס איז גערעכטער, שענער און הייליקער: די הכנעה־פאָדערונג פונעם מאַכטיקן באַשעפער צי דער בונט פונעם שוואַכן באַשאַפענעם?

## כ"ד) תנ"ך־דיכטונג ווי געשיכטלעכע קוואַלן

וועגן דעם אַז די ייִדן זיינען אַרויס פון מצרים, איז שוין נישטאָ קיין פּלוגתא. דעם חומש איז געקומען צו הילף די אַרכעאָלאָגיע. אָבער וואָס איז מיטן אַרי־בערגיין דעם ים־סוף און מיט פּרעהס דערטרונקען ווערן אין אים?

כדי צו מאַכן אַ שלום צווישן שכל הישר מיט דער מעשה פונעם חומש האָבן זיך באַמיט נישט נאָר היסטאָריקערס, נייערט אויך וויסנשאַפטלערס: מ'האָט על פּי חכמת הטבע געוואָלט דערקלערן דעם דאָזיקן נס: מיט אַ שטאַרקן ווינט, וואָס האָט דעם אָפּפלוס מער ווי געוויינטלעך פאַרגרעסערט און פאַרלענגערט. אָבער קיין היסטאָרישן גבית עדות האָט מע נאָך נישט געפונען פאַרן קריעת ים־סוף.

דערפאַר אָבער אַ בעסערן. בכל אופן פאַר מיר. דאָס איז אַ פּאָעטישער גבית עדות.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען דער קריעת ים־סוף און וואָס עס איז דאָרט גענוי פאָרגעקומען. אָבער אַז די מעשה מיטן קריעת ים־סוף איז נישט קיין לעגענדע, זאָגט עדות דאָס מאַכטיקע ליד „אָז ישיר". אַ געשיכט־לעכער באַריכט קאָן פעלשן, אַפילו טאָוועלעך פון טעל־על־אַמאַרנע זיינען נישט די זיכערסטע עדות ביי מיר. אָבער דערפאַר גלייב איך דער דיכטונג, אויב דאָס איז עכטע דיכטונג. עכטע דיכטונג קאָן נישט פעלשן. און ווער עס פילט דעם אויפגערעגטן געשעעניש־ריטעם פון „אָז ישיר", דער קאָן מער נישט ספקן אין דעם אַז קריעת ים־סוף איז אַ היסטאָרישער פאַקט, הגם אומבאַקאַנט אין די פּרטים.

צי דאָס ליד „אָז ישיר" איז דערגאַנגען צו אונדז ווי אַ גאַנצקייט — מעג מען שטאַרק מסופק זיין. נישט נאָר פון היסטאָריש־פילאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, נאָר דער עיקר פון פּאָעטישן. ביז דאָס ליד איז פאַרשריבן געוואָרן, איז עס אַזוי פיל דורות געזונגען געוואָרן! עס איז צו אַלט אויף צו זיין שפּאָגל־ניי־גלאַט. עס פעלן מיסתמא שטיקער און עס זיינען צוגעקומען שטיקלעך. ווערטער זיינען פאַרקריפּלט. אָבער די אַרכאַישקייט פונעם ליד ליגט זיכער נישט נאָר אין זיין אַלטקייט, נאָר אויך אין זיין עצם געבורט: אַזעלכע פּרימיטיווע דיכטונג־אויסברוכן, אונטער דער ווירקונג פון גרויסע געשעענישן, זיינען תמיד באַהערשט מער פונעם געפיל, וואָס געפינט זיך אין צושטאַנד פון אויפרעגונג, ווי פונעם אַרכיטעקטאָנישן חוש, וואָס צוימט — ביים שרייבטיש — דאָס געפיל און ברענגט אים אין לאָגישער אָרדענונג. אַזעלכע לידער ווי „אָז ישיר" ווערן אין זייערע עיקרדיקע טיילן אויסגעזונגען ספּאָנטאַן, אויף דער הייסער מינוט. אויב מ'יר געפינען נאָכן ליד די ווערטער (שמות, ט"ו, 20־21): „און מרים די נביאה, אהרונס שוועסטער, האָט גענומען די פּויק אין איר האַנט, און אַלע ווייבער זיי־נען אַרויסגעגאַנגען נאָך איר מיט פּויקן און מיט טענץ. און מרים האָט געזונ־גען פאַר זיי: זינגט צו גאָט, וואָרעם ער איז הויך דערהייכט; דעם פערד מיט זיין רייטער האָט ער געשליידערט אין ים", הייסט עס נאָך נישט, אַז זיי גע־הערן צום סוף. גיכער פאַר אַלץ געהערן זיי נישט נאָכן ליד, נאָר פאַרן ליד,

ווייל העכסטוואָרשיינלעך איז דאָס ליד פאַרפאַסט געוואָרן דורך מרים הנביאה און אירע חברטעס וואָס זיינען גלייך נאָכן נס ביים ים־סוף, אַרויס באַזינגען די געשעעניש, ווי דאָס איז דער מינהג ביי אַ סך פּרימיטיווע פעלקער. און אין תנ״ך געפינען מיר דאָס אויך נישט איין מאָל. אין קאַפּיטל י״ח פון שמואל א׳ ווערט דערציילט, אַז ווען דוד איז געקומען פון שלאָגן די פּלשתים, זיינען די פרויען פון אַלע ייִדישע שטעט אַרויס מיט פּויקן אַקעגן שאול המלך און זיי האָבן געזונגען: „הכה שאול באלפיו ודוד ברבבתיו״. פּונקט אַזוי איז מרים מיט די פרויען אַרויס מיט פּויקן צו באַזינגען דעם זיג ביים ים־סוף. און ווען מרים האָט געזונגען, לויטן חומש, „שירו ליהוה כי גאה גאה סוס ורכבו רמה בים״, האָט זי נישט נאָכגעזונגען משהן, נאָר זי האָט פאַרפאַסט דאָס ליד וואָס איז אין חומש צוגעשריבן געוואָרן משהן. נישט זי האָט נאָכגעזונגען, נאָר די בני־ישראל האָבן שפּעטער נאָכגעזונגען און צוגעגעבן. און אפשר אַ סך. אָבער דער קערן פונעם ליד איז אין מרים הנביאהס ווערטער (מרים הנביאהס צוויי שורות זיינען פון די עטלעכע עיקרדיקע פונעם לאַנגן „אָז ישיר״, ווייל אַזאַ ספּאָנטאַנע דיכטונג גייט תיכף צום עיקר, — זי לויבט גאָט און זי דערציילט דעם עיקר וואָס ער האָט געטאָן: — „לויבט גאָט דערפאַר ווייל ער האָט דעם פערד און דעם רייטער געשליידערט אין ים אַריין״) און זי שילדערט אין צוויי בילדלעכע שורות, ווי דער ים איז טרוקן געוואָרן און אין אירע ווערטער איז דער קערן פון היסטאָרישן אמת, אַז אויפן ברעג ים־סוף, וווּ פּרעה און זיינע רייטווועגענער זיינען דערטרונקען געוואָרן, איז געשאַפן געוואָרן דער „אָז ישיר״ וואָס איז אַ שטיק פּאָעטישע געשיכטע.

ווער׳, וואָס האָט אָן אויער פאַר דיכטונג, וועט נישט שפּירן דעם רויש פון אַ נאָר וואָס איבערגעלעבטער באַפרייונג אין די שורות: „אשירה לה׳ כי גאה גאה, סוס ורכבו רמה בים״? איך פיל ווי דאָס האַרץ פון די זינגערס, באַפרייט פונעם קאָשמאַר׳, וואַקסט פון פרייד און דאָס האַרץ שפּאַרט זיך צו זייערע מייַלער און שפּרינגט אַריין אין זייערע ווערטער און פאַרכלינעט זיי מיט אָטעם־מאַנגל פון פרייד. און צי פילט איר נישט אין די פערזן: „נשפת ברוחך כסמו ים, צללו כעופרת במים אדירים״ דאָס בלאָזן פון ווינט און דעם פאַרזינקען אין ים? מע שפּירט, אַז דאָס וואָס די דיכטערס האָבן געזען און געפילט, איז אין עקס־טאַז־מאָמענט אויף אייביק איינגעגליווערט געוואָרן אין די פערזן, וואָס דער איינדרוק האָט מאַכטיק געשטויסן צו זייער אויסדרוק.

און ווי פּלאַסטיש מע זעט די וואַסער־ווענט! און בכלל, דאָס גאַנצע ליד איז פול מיט באַרוישטקייט און ווירקלעכקייט.

געוויס, דאָס ליד וואָס איז פאַרבליבן אין זיכרון און אינעם מויל פון פאָלק, איז מיט דער צייט אַרומגעוואַקסן מיט אויסטייטשונגען. דאָס בילד ווי די פעל־קער זיינען פאַרציטערט געוואָרן, דאַרף דווקא נישט שטאַמען פון מרים הנביאהס ליד אויפן ברעג ים־סוף, גלייך נאָכן זיג; אָבער דער קערן פונעם ליד — זיכער יאָ. ער שטאַמט פונעם נס ביים ים־סוף און ער זאָגט עדות אויף אים. נישטאָ קיין לעבעדיקערער עדות, ווי אוראַלטע עכטע דיכטונג.

אַז דאָס איז נישט קיין דיכטערישע פאַנטאַזיע זאָגט עדות אַ צווייט ליד, געזונגען באַלד נאָך אַ צווייטן גרויסן זיג. דבורהס ליד קאָן נישט זיין, אין זיין קערן, אַ פּראָדוקט פון שפּעטער, פון קינסטלערישער שאַפונג אויף אַ היסטאָ־

רישער טעמע. וויפל שפּעטערדיקע שיכטן דאָס ליד זאָל נישט האָבן אין זיך, זיין קערן איז נישט בלויז דיכטעריש, נאָר היסטאָריש. דער וואָס האָט געזונגען די שורות „נחל קישון גרפם, נחל קישון נחל קדומים", האָט געזען, ווי דאָס טייכל קישון האָט אַוועקגעשלעפּט די טויטע גופים. און נישט נאָר ער האָט געזען — אין זיינע שורות מיט די „קופן", שפּירט מע די פאַרביסענע ציין פון אַ קעמפער וואָס האָט געהרגעט, געזען די גופים פון די פיינט אין שטראָם פון קישון. און בעת זיין פאַרביסנקייט פון אַ קעמפער האָט אויסגעהאַמערט די אומשטערבלעכע פּאָעטישע שורות לויט זייער ריטעם און קלאַנג־פּלאַסטיק האָט זיין געמיט געגעבן אַ פּלי אין דער הויך — „תדרכי נפשי עוז".

דאָס איז אַזוי פאַרבונדן מיטן סאַמע מאָמענט פון זיג איבער סיסראָן, ווי די ווערטער פונעם ליד וואָס טראָגן אויף זיך ווי מאָך פון אור־אַלטקייט און וואָס עס קלינגט אין זיי די אויפגערודערטקייט פונעם דיכטערישן זיצן ביים פייער פון דער געשעעניש גופא: „עד שקמתי דבורה, שקמתי אם בישראל"; ...עורי, עורי דבורה, עורי עורי דברי שיר".

אַלע קוואַלן קאָנען פעלשן, נאָר נישט דער קוואַל וואָס קומט פון אומשול־דיק־ריינעם האַרצן, דער מקור פון ריינער דיכטונג וואָס פאַרלירט נישט איר פרישקייט, כל־זמן עס זיינען דאָ מענטשן וואָס פאַרשטייען איר שפּראַך, וואָס קאָנען אויפנעמען אירע קלאַנגען.

## כ״ה) דער תנ״ך און זיינע מפרשים

דער תנ״ך ווערט געדרוקט מיט אַ סך פון זיינע מפרשים זייט ביי זייט, אָבער דאָס איז נאָר אַ גראַפישע נויטווענדיקייט. אין דער אמתן זיינען די גוטע מפרשים געבליבן נישט מחוץ, ביי דער זייט פונעם תנ״ך־טעקסט, נאָר זיי זיינען געוואָרן אַ טייל פון תנ״ך: דער תנ״ך האָט זיי אַריינגעזויגן אין זיך — נישט אָפּצוטיילן.

אומעטום, ווו רש״י האָט שׂכל־הישרדיק געגעבן אַ לייכט אַריין אָדער ווו דער מדרש האָט דיכטעריש געגעבן אַ בלענד מיט אַ סימבאָלישער פאַרטייטשונג, קאָנט איר שוין אַנדערש נישט זען ווי אַ פּאַר־רש״יטן אָדער פאַרמדרשטן תנ״ך. מיטן תנ״ך קומט פאַר דאָס זעלביקע ווי מיט אַ דראַמע, וואָס איז געשפּילט געוואָרן דורך אַ געניאַלער טרופּע אָדער מיט אַ בוך, וואָס איז פאַרטייטשט געוואָרן דורך אַ געניאַלן קריטיקער: איר קאָנט זיי שוין אַנדערש נישט זען ווי נאָר דורך דער פּריזמע פון דער פאַרשטעלונג אָדער פון דער קריטישער אָפּהאַנדלונג.

דאָס איז אָבער אַ גוטער סימן נישט נאָר פאַר דעם מפרש, נאָר אויך פאַרן תנ״ך. מע דאַרף קאָנען גוט אַריינטייטשן, אָבער מע דאַרף אויך זיין בכוח אויפצונעמען אַזוי פיל אַריינטייטשונגען און נישט ווערן קיין שאָטן, נאָר פאַרקערט — פילזיניקער, פילגעשטאַלטיקער, רייכער.

ביים לייענען לעצטנס דעם תנ״ך פיל איך, אַז ער איז באַרייכערט געוואָרן מיט נאָך אַ גוטן, שעפערישן מפרש — מיט איציק מאַנגערן.

איך קאָן שוין נישט לייענען די געשיכטע מיטן תנ״כישן דרייעק — וועגן אברהם, שרה און הגר — איך זאָל זיי נישט זען און איבערלעבן אין מאַנגערס פאַרטייטשונג — אינעם פלאַסטישן לבוש פון זיינע חומש־לידער און אין דער ליריש־גראָטעסקער שטימונג פון זיינע חומש־לידער.

בייראָנס „קין״ וועט איר אין תנ״ך נישט פילן. ווי אינטערעסאַנט בייראָן זאָל נישט אַרומריידן קינען — גיט ער דער געשטאַלט נישט צו קיין שטראַל סימבאָלישן גלאַנץ; די קין־געשיכטע אין איר תוך־ווערסיע טיילט אויס פון זיך אַזוי פיל שטאַרקע סימבאָלישע שטראַלן, אַז בייראָנס אַלע רייד בלייבן פאַרטונקלט לגבי זיי; אַבסטראַקט זיינען זיי גאַנץ שיין און אַפילו שטאַרק, אָבער עס פעלט זיי סימבאָלישע קאָנקרעטקייט. זיי האָבן קינען קיין נייע שטריכן נישט צוגעגעבן.

אַ סך, זייער אַ סך ווערק אויף ביבלישע טעמעס (דערציילערישע, דראַמאַטישע און לירישע) האָט געטראָפן דער זעלביקער גורל ווי בייראָנס „קין״: זיי האָבן זיך נישט באַהעפט מיטן תנ״ך, נישט געוואָרן קיין לעבעדיקער טייל פון אים, זיי זיינען געבליבן אַ פירוש פון דרויסן.

אַפילו טאָמאַס מאַנס ביבלישער עפּאָס (איך קען נאָר די ערשטע צוויי בענד) איז אַלץ וואָס איר ווילט: עפּאָסדיק־ברייט, קלוג, געלערנט, שיין געשריבן, — אָבער ער איז נישט קיין לעבעדיקער ווייטער־וועבן פון תנ״כישן שטאָף. און היינריך היינעס באַרימטער „בלשאצר״? דאָס זיינען שיינע פערזן, אין וועלכע

היינע גיט איבער אַ פּרט פון תנ״ך, — זיי באַרייכערן אָבער נישט אין תוך און זיי ענדערן נישט אין תוך די ביבלישע געשעענישן.

מאַנגער אָבער האָט דאָס באַוויזן (נאָר אין די „חומש־לידער“, נישט אין די „מגילה־לידער“ און אפילו נישט אין די „רות־לידער“).

נישט נאָר קאָן איך נישט לייענען מער וועגן אברהם אבינו, וועגן שרהן און הגרן, און נישט פילן אין זיי דעם טעם און דעם אויסזען פון מאַנגערס חומש־לידער; אפילו אין שטעלן, וועלכע מאַנגער האָט נישט פאַרטייטשט, שפיר איך אָפּט דאָס מאַנגערישע און איך באַגרייף דאַן, אַז נישט מאַנגער האָט אַריינ־געטייטשט אין תנ״ך, אַז נישט מאַנגער האָט אַריינגעפאַנטאַזירט אין תנ״ך, נאָר מאַנגער האָט פשוט דערזען אַ געוויסע אויסשטראַלונג פון תנ״ך, וואָס אַנ־דערע האָבן נישט דערפילט.

ווען מע לייענט געוויסע שטעלן וועגן יעקב אבינו, שטעלן, וואָס איציק מאַנגער האָט נישט געשריבן זיין פירוש צו זיי, — דאַכט זיך אונדז, אַז דער תנ״ך האָט זיי אַרויסגענומען ביי מאַנגערן.

אין מאַנגערס אַ פאַראַדיע אויף יעקב אָבינו פאַר דער יידישער קליינקונסט־בינע אין וואַרשע, נעמט דער לעצטער אַרויס דאָס חומשל, כדי צו זען וואָס ער האָט צו טאָן.

אין דער דערציילונג מיט אויסגענאַרן די ברכה (מ'שטיינס געזאָגט), פירט זיך דער כיטרער יעקב (זע די מעשה מיט לבנס שאָף) ווי אַ תם, ריכטיק ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט אין מאַנגערס חומש־לידער, כדי צו זען ווי זיך אויפצופירן מעשה־שלימזל, ווי דער תם פונעם פאָלקס־מעשהלע ווו די מאַמע פירט אָן מיט איר שוטה.

און ווי פירט זיך אויף יצחק? יצחק אָבינון געפעלט דווקא דער פעלד־מענטש עשיו מיט זיינע פרעמדע ווייבער, מיט זיין ווילד לעבן. בכלל פירט זיך יצחק אויף מגושמדיק, לויטן פירוש מאַנגער: פאַרן בענטשן די קינדער (פאַרן טויט!) פאַסט ער נישט, ווי עס פאַסט פאַר איינעם פון די אָבות, נאָר ער באַ־שטעלט אַ יצר־הרעדיקן מאַלצייט, נישט פון כשרער שחיטה, און ער מאַכט אַ כוסה. בנאמנות, מאַנגער מעג אָנקלאָגן דעם חומש אין פּלאַגיאַט, — דאָס איז דאָך זיין טאָן, זיין מעטאָד — אַריינצופירן אין פרום־פאַרצייטיקן תנ״ך דאָס היינטצייטיק־מגושמדיקע.

די, וואָס מאַנגערס חומש־לידער זיינען פאַר זיי הייליקטום־פאַרשוועכונג, דעקן אויף זייער מאַנגל אין קריטישן חוש: מיט אַ פאַר יאָר־צענדלינג צוריק האָט דאָך יעדע פרומע יידישע קליינשטעטלדיקע פרוי געהאַט אין זיך מער פון די אמהות ווי אַלע אמהות צוזאַמען גענומען. פון לאהן איז דאָך שוין אָפּגע־רעדט — זי האָט זיך דאָך דורך איר טאַטנס שווינדל אַריינגעכאַפּט צווישן זיי; אָבער וואָס איז די גדולה מיט שרהן און רבקהן? און רחלס אמהותשאַפט (און זי איז די איינציקע וואָס איז אַן אמתע מאַמע צום יידישן פאָלק) איז דאָך אויך אַ שפּעטערדיקע, אַ מדרשדיקע, וואָס דער תנ״ך האָט אין זיך אַריינגעזאַפט אויף אייביק.

ווי ווייניק מענטשן פאַרמאָגן קריטישן חוש, באַווייזט נישט נאָר דאָס וואָס אַ סך מעשיות אין חומש (וועגן דער באַשאַפונג פונעם מענטשן, וועגן הגרן און דעם מלאכס צוזאָג אַז איר זון וועט זיין אַ גרויס פאָלק) זיינען דאָ אין צוויי

פֿאַרשיידענע נוסחאות און קיינער האָט דאָס אַזוי לאַנג נישט באַמערקט און אַ סך באַמערקן דאָס נאָך אויך היינט נישט; נאָר נאָך מער דאָס, וואָס מע באַמערקט נישט, אַז די אמהות זיינען אמהות נישט פֿון דער תנ״ך־צייט, אַז אַ חוץ אברהמען (טיילווייז) האָבן די אָבות ווייניק אָבותדיקס אין זיך, אַז היינטיקע אפּיקורסים זיינען צדיקים גמורים אין פֿאַרגלייך מיט די תנ״ך־ייִדן, אַז נישט מיר זיינען אַוועק פֿון זייער ייִדישקייט, נאָר מיר האָבן זיי פֿאַרייִדישט.

אַ גוטער שפּיגל ווייזט יעדן זיין אייגן פּנים; דער תנ״ך איז אַ גוטער שפּיגל. לאָמיר אין אים גוט אַריינקוקן און מיר וועלן אין אים געפֿינען אונדזער פּנים.

מיר וועלן אים דערזען על פּי מדרש מאַנגער: די תנ״ך־ייִדן זיינען מיר, און אונדזערע געפֿילן און האָפֿענונגען געפֿינען זיך אויך ביי זיי.

## כ"ו) די נאַטור־דיכטונג אין תנ"ך

וועגן דעם יידישן פאָלקס־דיכטער הערשעלע דאַנילעוויטש (אומגעקומען אין וואַרשע בימי היטלער ימח שמו), וועלכער איז אַמאָל געווען אין דער שווייץ, פלעגט מען אויף טלאָמאַצקע 13 דערציילן:

בעת אַ וויכוח מיט אַ צווייטן שרייבער וועגן דער יאַ־ אָדער נישט־עקסיס־טענץ פון גאָט, האָט ער ווי אַ לעצטן אַרגומענט פאַר דער יאַ־עקסיסטענץ פון גאָט באַנוצט זיין ווײַנען אין דער שווייץ:

— און ווער האָט געשאַפן די אַלפּן־בערג? אפשר דו?!

יאָרן־לאַנג האָט דער וואַרשעווער ליטעראַטן־פּאַראַיין נישט אויפגעהערט צו לאַכן פון הערשעלעס נאַיוון אַרגומענט. די קיביצערס פון טלאָמאַצקע 13 האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון פון דעם אַז הערשעלעס „נאַיווער" אַרגו־מענט איז דער איבערצייגנדיקסטער (און אין גרונט דער איינציקער) אַרגומענט פאַר דער גאָט־עקסיסטענץ.

הערשעלע האָט באַנוצט ד ע ם אַרגומענט, פון וועלכן עס פליסט אַרויס דאָס ריינסטע רעליגיעזע געפיל, און וואָס מיר געפינען אים אומעטום אין תנ"ך: „השמים מספרים כבוד אל" (די הימלען דערציילן פון גאָטס גרויסקייט). הער־שעלע האָט באַנוצט דעם יידישסטן אַרגומענט פאַר דער גאָט־עקסיסטענץ.

אין דעם דאָזיקן זין איז דאָס שאַרפסטע רעליגיעזע געפיל די העכסטע רע־ליגיעזע איבערלעבונג פאַנטעיסטיש: גאָט איז אין דער וועלט, וואָס שפּיגלט אים אָפּ און וואָס זאָגט עדות אויף אים מיט איר יעדן וווּנדער, ד"ה מיט אַלע דערשיינונגען אירע (די גרויסע ווי די קליינע), מיט איר גאַנצקייט און מיט אירע אומצאָליקע פּרטים.

דאָס רעליגיעזע געפיל וואַרצלט אינעם שאַפן, אוממיטלבאַרן איבערלעבן דער וועלטס מיסטעריעזע עקסיסטענץ.

מיטן מאָמענט ווען דער מענטש הערט אויף אויפצונעמען די וועלט ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און ער בלייבט שטיין פאַר איר אַ דערשטוינטער, מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן, ווי פאַר אַן ערשט־דערזעענעם וווּנדער, ווערט געבוירן אין אים דאָס פרום־רעליגיעזע, ווערט ער אַ געפעס פאַרן עכטסטן רע־ליגיעזן געפיל.

*

דער יידישער צוגאַנג צו דער נאַטור איז נישט קיין וויסנשאַפטלעכער, נאָר אַ רעליגיעזער. דער ייד דערקענט נישט זי נאַטור, נאָר ער לעבט זי איבער; נישט ער פאַרשט אויס אירע סודות, נאָר ער פאַרזינקט אין איר סוד, אין איר אור־סוד.

דער ייד פון תנ"ך, ד"ה דער אור־ייד האָט נישט געזוכט די געזעצן פון דער נאַטור — ער האָט געזוכט איר באַשעפער. דער אור־ייד האָט נישט גע־פאָרשט און נישט אַנטדעקט די באַוועגונג פון די שטערן, ווייל ער איז געווען פאַרזונקען אין זייער דערציילונג וועגן זייער באַשעפערס גרויסקייט.

וואָס איז דער תהילים־קאַפּיטל ק"ד — אַ הימן צו דער נאַטור אָדער צו־

גאָט? דער בעל־התהילים, דאַכט זיך, באַזינגט די נאַטור, אָבער הינטער איר יעדער דערשיינונג זעט ער גאָט; אָבער נישט קיין נאַטור־געפּענטעטן, ווי שפּי־נאָזעס גאָט, נאָר אַ פרייען; די נאַטור איז נישט גאָט, אָבער די נאַטור שפּיגלט אָפּ גאָט. אמת, נישט זיין געשטאַלט, אָבער זיין גרויסקייט, זיין אַלמאַכטיקייט.

דער דיכטער פון תהילים־קאַפּיטל ק״ד פאַלט אַריין אין עקסטאַז פון די נאַטור־דערשיינונגען בלויז דערפאַר, ווייל זיי זיינען פאַר אים דער וועג צו גאָט־עקסטאַז. זיי זיינען ווי נאָטן, לויט וועלכע ער זינגט אויס זיין רעליגיעזן עקסטאַז.

פאַרן בעל־התהילים — ווי פאַר די נביאים — האָבן נישט קיין זעלבשטענ־דיקן ווערט די שיינקייט און די גרויסקייט פון די נאַטור־דערשיינונגען; זיי זיינען בלויז אָפּשפּיגלונגען פון עפּעס גרעסערס און מער וויכטיקס: „השמים מספּרים כבוד אל...״

דער ים איז גרויס דערמיט וואָס גאָט האָט פאַר אים אָנגעצייכנט אַ ליניע, וואָס ער קאָן זי נישט אַריבערטרעטן. דער יידישער דיכטער זעט קודם־כל אָט די ליניע און ער באַוואונדערט נישט דעם ים, נאָר זיין באַשעפער.

*

פאַרן יידישן רעליגיעזן געפיל איז אַזוי קלאָר געווען אַז דער העכסטער באַווייז פאַר דער עקסיסטענץ פון גאָט זיינען די וווּנדער פון דער וועלט, אַז דאָרט ווו דער אור־ייד לאָזט קומען צום וואָרט גאָט אַליין, לאָזט ער אים באַ־נוצן דעם דיכטער הערשעלעס אַרגומענט: מיט וואָס וויל גאָט דערשטיקן איובס בונט קעגן אים? מיטן פונאַנדערוויקלען פאַר אים, פאַר איובן, די וווּנדער פון זיין וועלט אין די פּראַכטיקע קאַפּיטלען ל״ח און ל״ט, מ׳ און מ״א.

די דיכטערישע קראַפט פון טיילן פון אָט־די קאַפּיטלען איז הערלעך (די קראַפט פונעם וואַסערפערד איז באַשריבן מיט נישט קיין קלענערער קראַפט ווי די, וואָס ווערט אים צוגעשריבן), אָבער איר האָט דאָרט נישט קיין איין שורה ווו די דיכטערישע באַשרייבונג זאָל זיין אַ ציל פאַר זיך, — די גרויסע קונסט־מיטלען האָבן איין ציל: מאַכן איבערצייגנדיק מיט די וווּנדער פון דער נאַטור — די וווּנדער פון גאָט.

די נאַטור־דיכטונג אין תנ״ך איז — רעליגיעזע דיכטונג.

דער עקסטאַז פון איבערלעבן נאַטור־דערשיינונגען איז נישט קיין גריכיש־דיכטערישער עקסטאַז, נאָר אַ יידיש־רעליגיעזער.

## כ״ז) תנ״ך־פאָלקלאָר —
## אַ שפּיגל פון דער ייִדישער נשמה

די טרוימען פון אַ מענטש — דער עיקר, זיינע טרוימען אויף דער וואָר — אַנטפּלעקן זיין כאַראַקטער, זיינע געהיימע פאַרלאַנגען און פאַרשטעלונגען. מע דערוויסט זיך פון זיי אין וואָס ער גלייבט, נאָך וואָס ער בענקט, ווי אַזוי ער זעט די וועלט און ווי אַזוי ער וויל זי זאָל אויסזען.

פאָלקלאָר — דאָס זיינען די טאָג־טרוימען פון פעלקער. און ס׳איז אַ כלל־גדול אַז אין די מאָטיוון פון פאָלקלאָר שפּיגלט זיך אָפּ נישט נאָר דער גורל פון אַ פאָלק, נאָר אויך זיין אינסטינקטיווער קוק אויפן לעבן, זיין וועלט־ און לעבנס־אָנשויונג. אַנ־סקי ווייזט אויף אין זיין אַרבעט וועגן ייִדישן פאָלקשאַפן אין לע־לענדעס און דערציילונגען, אַז די נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכקייט פון דער ייִדי־שער פאָלקס־לעגענדע באַשטייט אין דעם וואָס זי פאַרקערפּערט די העלדישקייט פון גייסט, וואָס באַזיגט דאָס קערפּערלעכע.

אָבער דעם זעלביקן הויפּט־שטריך געפינט מע נישט נאָר אין ייִדישן גלות־פאָלקלאָר (ווען דאָס ייִדישע פאָלק איז געוואָרן כולו גייסט); אויך אין גרויען אַלטערטום איז די פּסיכישע איינשטעלונג פון ייִדישן פאָלק געווען די זעלביקע ווי דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אינעם תנ״ך־פאָלקלאָר.

דער עפּאָס פון אַלע פעלקער איז פול מיט ריזן, מיט מענטשן פון ריזיקער פיזישער קראַפט, וואָס באַזיגן די שונאים אַ דאַנק זייער אייגענער גבורה. אָבער פאַרן ייִדישן אוראַלטן עפּאָס איז כאַראַקטעריסטיש די מעשה מיט דודן און גליתן.

נישט נאָר דוד איז קליין און גלית איז גרויס, נאָר ער, דוד, איז דער קלענס־טער אין זיין מישפּחה; און אַז מע טוט אים אָן אַ קופּערן היטל און אַ פּאַנצער, און מ׳גיט אים אַ שווערד, טוט ער דאָס אויס — דער אונטערשייד צווישן אים און גליתן דאַרף זיין אַן אַבסאָלוטער — דוד דאַרף אים שלאָגן כמעט מיט די הוילע הענט: „דו קומסט צו מיר מיט אַ שווערד און מיט אַ שפּיז און מיט אַ פּיקע, און איך קום צו דיר אין נאָמען פון יהוה... און די גאַנצע איינזאַמלונג וועט וויסן, אַז נישט מיט אַ שווערד און מיט אַ שפּיז העלפט יהוה...״

און טאָמער מיינט עמעצער אַז דער פאָלקס־עפּאָס וועגן שמשונען פרעגט־אָפּ דעם עפּאָס פון דוד און גלית, האָט ער אַ טעות: שמשונס קראַפט ליגט נישט אין זיינע מוסקולן, נאָר אין דעם וואָס ער איז „אַ נזיר פון גאָט״ פון זיין „מוּ־טערס לייב אָן״; „אַז איך זאָל אָפּגעשוירן ווערן (ד״ה ווען עס וועט פאַרשווינדן ווערן זיין נזירות, דער גייסטיקער מקור פון זיין קראַפט — י. ר.), וועט זיך אָפּטאָן פון מיר מיין כוח און איך וועל אָפּגעשלאַפט ווערן, און וועל זיין אַזוי ווי אַלע מענטשן״.

*

דער באַגריף פון „שארית הפליטה״ איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ייִדי־שער וועלט־אָנשויונג פון די נביאים.

זיי זעען ווי דאָס פֿאָלק ווערט געוואָרפֿן און געברענט אין קאַלכאויוונס אָדער זיי זאָגן אים דאָס פֿאָרויס, אָבער דער צער ווערט באַגלייט פֿון האָפֿענונג (פֿון אַ זיכערקייט!), אַז דאָס פּסולת וועט צעשמאָלצן ווערן און דער ריינער מעטאַל (דער מיעוט!) וועט צונויפֿגעשמאָלצן ווערן אין אַ פֿעסטן קערן — נישט צום פֿאַרניכטן!

די האָפֿענונגען פֿון די נביאים זיינען נישט אויפֿן כמות, נאָר אויפֿן איכות. כמות איז אַ באַגריף אַ מאַטעריעלער, איכות — אַ ריין גייסטיקער. און היות ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿאַרקערפּערט דעם גייסטיקן פּרינציפּ אין דער וועלט, דעריבער מוז דער כמות צעשמאָלצן ווערן און דער איכות — צונויפֿגעשמאָלצן ווערן.

אָט דער גייסטיקער באַגריף פֿון די נביאים וועגן דער שארית הפּליטה, וועגן דעם „שאר ישוב“, האָט געפֿונען אַ הערלעכע פֿאַרקערפּערונג אין פּרי׳זען ייִדישן פֿאָלקלאָר, אין דעם עפּאָסדיקן גדעון־עפּיזאָד פֿון ספֿר „שופֿטים“.

ווען דער מלאך פֿון גאָט באַווייזט זיך צו גדעונען און ער שיקט אים ר׳זאָל העלפֿן דעם פֿאָלק ישׂראל, זאָגט צו אים גדעון: „מיט וואָס זאָל איך העלפֿן ישׂראל? זע, מיין מישפּחה איז די אָרעמסטע אין מנשה און איך בין דער מינדסטער אין מיין פֿאָטערס הויז“.

אָבער אָט גראָד דאָס דאַרף האָבן די ייִדישע פּסיכיק:

„אָבער איך וועל זיין מיט דיר, און וועסט שלאָגן מדין אַזוי ווי איין מאַן“.

און גדעון גייט און פֿירט מילחמה — אָבער ווי אַזוי? עכט ייִדישלעך, אויפֿן הערלעכסטן אופֿן. דער שענסטער ייִדישלעכער עפּאָס.

„...גאַנץ מדין און עמלק און די קינדער פֿון מיזרח האָבן זיך איינגעזאַמלט אינ־איינעם, און זיינען אַריבערגעקומען און האָבן געלאַגערט אין טאָל יזרעאל“ (שופֿטים, ו׳ 33).

אַ ריזיקע מחנה, קעגן וועלכער אויך גדעון זאַמלט צונויף גרויסע כוחות.

אָבער די ייִדישע פֿאַנטאַזיע, דער ייִדישער פֿאָלקלאָר טרוימט נישט וועגן אַ שלאַכט פֿון צוויי פֿיזישע כוחות, — די ייִדישע פּסיכיק פֿאַרגייט ממש אין אָרגיאַסטישע טרוימען פֿון אַ זיג פֿונעם גייסט איבערן פֿיזישן כוח (דער באַרימטער „לא בחיל, כי אם ברוח“).

גאָט געפֿעלט נישט גדעונס גרויסע אַרמיי (אַזוי קאָנען זיגן אויך גויִים): „דאָס פֿאָלק וואָס מיט דיר איז צו פֿיל, אַז איך זאָל געבן מדין אין זייער האַנט. ישׂראל וועט זיך נאָך באַרימען אַקעגן מיר, אַזוי צו זאָגן, „מיין האַנט האָט מיר געהאָלפֿן, דרום רוף איך אָקאָרשט אַציינד אויס אין די אויערן פֿון פֿאָלק, אַזוי צו זאָגן: ווער עס האָט מורא און ציטערט, זאָל זיך אומקערן און אַוועקגיין אין דער פֿרי פֿון באַרג גלעד“. און העכער צוויי דריטל פֿון דער אַרמיי גייען אַוועק — צוויי און צוואַנציק טויזנט!

די לעגענדע שרעקט זיך נישט צו מאַכן העכער צוויי דריטל פֿון גדעונס אַרמיי פֿאַר פֿיזישע פּחדנים, אַבי צו קאָנען לאָזן טרי׳ומפֿירן די גייסטיקע גבורה פֿון דער „שארית הפּליטה“ פֿון דער אַרמיי.

איז דאָך דאַכט זיך איבער־גענוג! אָבער די ייִדישע פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע איז

נאָך צו צעהיצט, זי זאָל זיך באַגנוגענען מיטן אַוועקשיקן צוויי דריטל פון גדעונס אַרמיי.

„דאָס פאָלק איז נאָך אַלץ צופיל" — זאָגט גאָט צו גדעונען — „מאַך זיי נידערן צום וואַסער, און איך וועל זיי דאָרטן אויסקלייבן פאַר דיר".

„האָט ער געמאַכט נידערן דאָס פאָלק צום וואַסער, און גאָט האָט געזאָגט צו גדעונען: איטלעכער וואָס וועט לעקן פונעם וואַסער מיט זיין צונג, אַזוי ווי עס לעקט אַ הונט, אים זאָלסטו שטעלן באַזונדער, דאָס גלייכן איטלעכער וואָס וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף זיינע קני צו טרינקען".

איז די „וואָס האָבן געלעקט פון זייער האַנט אין זייער מויל" זיינען געווען בלויז דריי הונדערט מאַן (פון צען טויזנט!) און בלויז מיט די דאָזיקע איז גדעון געגאַנגען אין מילחמה: „מיט די דריי הונדערט מאַן וואָס האָבן געלעקט (און זיך נישט אַראָפּגעלאָזן אויף די קני), וועל איך אייך העלפן און וועל געבן מדין אין דיין האַנט".

קאָן דען זיין אַ העכערער צוטרוי צו דער קראַפט פון גייסט?

דאָס שיקן אַהיים בעת אַ מילחמה אַן אַרמיי פון 32 טויזנט מאַן און בלייבן ביי דריי הונדערט — דאָס קאָן בלויז אַ פאַנטאַזיע וואָס איז דורך און דורך ייִדיש ביז אין אירע אונטערבאַוווּסטזיניקסטע שיכטן.

*

די אייגנשאַפט פון ייִדישן פאָלקס־גייסט צו לאָזן זיגן דעם גייסט איבער דער מאַטעריע, אַן אייגנשאַפט וואָס אַנ־סקי האָט אויפגעדעקט אין ייִדישן פאָלקלאָר פון דער לעצטער צייט, האָט אירע וואָרצלען שוין אין אונדזער אוראַלטן תנ"ך־פאָלקלאָר.

היינט גיי זיי אַ בריה און גלייב נישט אין פעלקער־פּסיכאָלאָגיע!

# כ״ח) מגילת רות

שבועות לייענט מען די מגילת רות. און הגם צווישן דער אידיליע רות און שבועות איז נישטאָ אַזאַ שטאַרק לאָגישע און פּאַקטישע פאַרבינדונג ווי צווישן פּורים און מגילת אסתר, דאָך הערשט צווישן זיי די האַרמאָניע פון דער שטימונג — די שטימונג פון אידילישקייט.

פון אַלע יידישע ימים־טובים איז שבועות דער אידילישסטער, שטילסטער, אוממיטלבאַרסטער. נישט אומזיסט מעג מען אין שבועות עסן מילכיקס נאָך פליישיקס און נישט אויסוואַרטן די גאַנצע זעקס שעה. און די עיקרדיקע יום־טובדיקע סעודות זיינען מילכיקע, אַ זאַך וואָס איז זיך גאַר נישט פאַרצושטעלן פאַר די איבעריקע שטרענגע יידישע ימים־טובים. די אָנשטרענגונג און די עקזאַלטאַציע, וואָס הערשן איבער אַלע יום־טובדיקע מאָמענטן אין יידישן לעבן, לאָדן זיך אויס שבועות אין אַ מער לייכטער יום־טוב־שטימונג. דער עקסטאַז צוליבן באַקומען די תורה ווערט אַריבערגעטראָגן אויף אַן אַנדערן יום־טוב — שמחת־תורה, אַ זאַך וואָס איז אויך נישט לאָגיש, אָבער דערפאַר האַרמאָנירט עס מיטן דאָזיקן יום־טוב, אין וועלכן יידן וואַכן די גאַנצע ערשטע נאַכט פון יום־טוב, כדי צו דערווישן דעם מאָמענט, ווען דער הימל שפּאַלט זיך און מע קאָן זיך אויסבעטן אַלץ, אַלץ וואָס מע וויל נאָר. אמת, קיין איין יידיש קינד איז נאָך נישט געלונגען צו כאַפּן דעם דאָזיקן נישט צו כאַפּנדיקן מאָמענט פון הימל־שפּאַלטונג (אָדער עפּעס וואָס ציט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט אין קריטישן מאָמענט, אָדער מע ווערט פּשוט אַנטשלאָפן), אָבער קיין איין יידיש קינד האָט נאָך נישט איבערגעלעבט קיין טראַגעדיע צוליב דעם דאָזיקן פּראַקטישן דורכפאַל; פאַרקערט, די זומער־נאַכט, וועלכע מע מוז פאַרברענגען אונטערן אָפענעם הימל און וואָס איז פול מיט פּאָעטישן פלאַטער פון נאָענטן נס, באַגליקט אויף אַ גאַנץ יאָר אַ דאַנק דעם נאָענטן, אינטימען קאָנטאַקט מיט דער נאַטור נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווי דאָס קויפן די טראַדיציאָנעלע גרינס.

שבועות איז דער איינציקער יום־טוב וואָס דערנעענטערט דעם יידן צו דער נאַטור נישט סימבאָליש און נישט צוליב אַ רעליגיעזן ציל (ווי דער לולב מיטן אתרוג אין סוכות), נאָר סתם אַזוי. איבערן גרינס פון יום־טוב שבועות מאַכט מע נישט קיין ברכה, נאָר מ׳קוקט סתם אויף אים און מ׳שמעקט עס. שבועות איז דער איינציקער יום־טוב פון די דריי יידישע הויפּט־ימים־טובים ווען דער ייד רייסט זיך אַרויס פון די קייטן פון עקסטאַטישער אָנשטרענגונג און זיין שטימונג לייטערט זיך אויס, גלעט זיך אויס, אַזוי צו זאָגן, ווערט סתם יום־טובדיק.

און מיט דעם דאָזיקן יום־טוב האַרמאָנירט זייער גוט מגילת רות.

רות איז דאָס שטילסטע, האַרציקסטע בוך פון גאַנץ תנ״ך אין פּשוטן מענטשלעכן זינען. דער תנ״ך איז דאָס סאַמע ליידנשאַפטלעכסטע, דאָס סאַמע אָנגעשטרענגטע בוך אין דער וועלט. צי דאָס איז די ליבע־ליידנשאַפט פון שיר־השירים, צי דאָס איז די גאָט־באַקעמפערישע ליידנשאַפטלעכקייט פונעם ספר

איוב, צי דאָס איז דאָס סאָציאַל־עטישע דונערן פון די נביאים, צי דער רעליגיעזער עקסטאַז פון תהילים, צי דער העלדישער קאַמף פון די שופטים פאַר פרייהייט און נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג — אויף כמעט יעדן זייטל פון אַלע תנ״ך־ספרים דערגרייכט די אָנשטרענגונג פון עקסטאַז און קאַמף (באַזונדערס פון גייסטיקן קאַמף) דעם קלימאַקס. כמעט דער איינציקער אויסנעם איז רות. דאָ פאָדערט קיינער נישט ביי גאָט קיין אַבסאָלוטע גערעכטיקייט, ווי איוב; נעמי איז מקבל־באהבה איר גורל פון אַן אלמנה און פון אַ פאַרוואָרפענער מרטער; דאָ קעמפט קיינער נישט פאַר אויספורעמען די נשמה פון ייִדישן פאָלק ווי דאָס טוען די נביאים; דאָ דענערווירט זיך קיינער נישט נישט פאַר זיין אייגענע, נישט פאַר דער פאָלקס־נשמה אָדער פאַרן פאָלקס גורל. דאָ ווערט שטיל דערציילט, מיט הייליקער מילדקייט און הייליקער מענטשלעכקייט, עפּעס מענטשלעכס, אַלצומענטשלעכס, אָבער מיט אַזאַ האַרציקייט, מיט אַזאַ נאַיִווער אמתדיקייט און אָפנהאַרציקייט, מיט אַזאַ פּרימיטיווער, נישט צוגעפּוצטער מייסטערשאַפט, — אַז דעם דאָזיקן קליינעם פּערל פון דער וועלט־דיכטונג קאָן מע לייענען און איבערלייענען הונדערטער מאָל.

„רות" איז דאָס איינציקע ווערק אין אונדזער תנ״ך ווו אין צענטער שטייט דער מענטש, און נאָר דער מענטש מיט זיינע פריידן און ליידן. אָבער, אין דעם דאָזיקן אינדיווידועלן בוך, אין דאָזיקן שטילן און פּאָעטישן טייכל שפּיגלט זיך אָפּ מיט מאַקסימאַלער קלאָרקייט דאָס פּאַטריאַרכאַלע לעבן פון ייִדישן דאָרף אין דער צייט פון די שופטים אין יענע „צווישנס" — צווישן די מילחמות פאַר די גרענעצן, וועגן וועלכע אונדזערע ליידנשאַפטלעכע, אָנגעשטרענגטע היסטאָריאָגראַפן לאַקאָניש פאַלן די פאָרמולע: „און דאָס לאַנד איז געווען רויִק פערציק יאָר".

דאָס בילד פון פּאַטריאַרכאַלישן לעבן און די געפילן פון מענטשלעכער טרייהייט און איבערגעבנקייט — אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון מגילת רות. וואָס שייך דער פאָרעם, קאָן מען דרייסט זאָגן אַז יעדער זאַץ פון דאָזיקן ווערק איז אַ קאָנדענסירט קאַפּיטל פון אַ גרויסער פּאָעמע אָדער פון אַ גרויסן ראָמאַן. די באַשרייבונג פון הונגער, וואָס האָט געצוווּנגען אלימלכן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד יהודה און באַזעצן זיך אין מואב, וואָלט אין אַ הייניטיקן אָדער אַ וועלכן נישט אַנדערן אַלטן ווערק געווען פאַרנומען איין אָדער צוויי גאַנצע קאַפּיטלען, — אָבער ביים ייִדישן פּאָעט, וועלכער קען די סודות פון העכסטער קאָנדענסאַציע, פאַרנעמט דאָס איין זאַץ. אין פינף זאַצן ווערט דערציילט וועגן הונגער אין לאַנד יהודה, וועגן דער עמיגראַציע פון דער פאַמיליע אלימלך אין אַ פרעמד לאַנד, וועגן אלימלכס טויט, וועגן דער חתונה און דעם טויט פון זיינעביידע זין; און אין זעלביקן טעמפּ פליסט די וייטערדיקע דערציילונג. די דערציילונג פליסט מיט מאַקסימאַלער שנעלקייט און צוזאַמען מיט דעם לאַנגזאַם, פאַרטראַכט און פאַרטיפט. דער מחבר דערלאַנגט אונדז, אַזוי צו זאָגן, די נשמה פון דער געשעעניש, איבערלאָזנדיק פאַר אונדזער פאַנטאַזיע, פאַר אונדזער אויפגעוועקטער איינדרוקבאַרקייט, אַ ברייט פעלד פאַר טעטיקייט. און טאַקע מיט דעם שטעלט רות פאַר מיט זיך אַ שעדעוור: לויט דער קורצקייט — דאַכט זיך אַ טרוקענע דערציילונג, אָבער לויט דער אָנגעלאָדנקייט מיט געפיל און לויט די אַרויסגערופענע בילדער — אַ גרויסע דערגרייכונג פון וואָרט־קונסט.

און ס׳איז גוט אַזוי וואָס גראָד אין שבועות, ווען די ייִדן דאַרפֿן שטיין פֿאַרן באַרג סיני, מיט אויגן אויפגעהויבענע צום הימל און מיט אויערן וואָס הערן די הימלישע דונערן, וואָס גראָד אין יום־טוב שבועות גייען מיר אַרויס אַ ביסל פון אונדזער אייביקער גייסטיקער אָנגעשטרענגטקייט און פאַרלירן גישט פון אויג דאָס ערדישסטע בוך פון אַלע תנ״ך־ביכער, וואָס דערציילט אונדז מיט אַזאַ האַרציקייט וועגן די סאַמע פּראָסטע, אָבער גלייכצייטיק אויך וועגן די סאַמע מענטשלעכע געפילן.

# כ״ט) דער נס פון מגילת אסתר

## (דער גלות אין תנ״ך)

עס ווערט אַ מאָל אַזוי מאָדנע: ס׳אַראַ סך גלות עס איז דאָ שוין אינעם תנ״ך!

איך מיין דאָ נישט דעם גלות־בבל, — די דאָזיקע גרויסע רעפּעטיציע צו אונדזער גלות, נאָר דאָס גלותדיקע אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, אין דער פּסיכאָלאָגיע. דער גלות־בבל איז אַ גרויסער טראַגישער עפּיזאָד אינעם לעבן פון אַ פאָלק וואָס פירט אַ קאַמף פאַר פרייהייט.

איך מיין דאָ אויך נישט די געשיכטע פון די ייִדן אין מצרים; הגם דאָרט איז דאָ אַ סך וואָס איז אונדז אַזוי באַקאַנט פון אונדזער אמתן גלות, איז דאָס פאָרט נישט דאָס: עס איז דער גאַנג פון אַ פאַרשקלאַפּט פאָלק צו פרייהייט.

איך מיין דאָ דעם גלות וואָס גיט אַ קוק אויף אונדז מיט טרויער־אויגן פון ירמיהס בריוו צו די פאַרטריבענע. ער לערנט מיט די נישט דערפאַרענע גלותניקעס אַ לעקציע גלות. ער לערנט זיי צו לעבן מיטן יאָך אויפן נאַקן, ער לערנט זיי גלותדיקע לאָיאַלקייט.

איך מיין דאָ יחזקאלס וויזיע וועגן דעם טאָל מיט די אויסגעטריקנטע ביינער: די דאָזיקע דיכטעריש־וווּנדערלעכע סצענע איז פול מיטן גרויל פון גלות, מיט דער האָפענונגלאָזיקייט פון גלות: „מענטשן־קינד, די דאָזיקע ביינער, זיי זיינען דאָס גאַנצע הויז פון ישראל; זע, זיי זאָגן: פאַרטריקנט זיינען אונדזערע ביינער און פאַרלוירן איז אונדזער האָפענונג; פאַרשניטן זיינען מיר, דרום זאָג נביאות... זע, איך עפן אייערע קברים, און וועל אייך, מיין פאָלק, אויפברענגען פון אייערע קברים, און אייך ברענגען אויף דער ערד פון ישראל... און איך וועל אַריינגעבן מיין גייסט אין אייך, און איר וועט לעבעדיק ווערן...״

די דאָזיקע סצענע איז פול מיט פּאַטאָס פון אויסלייזונג־טרוים, אָבער דער דאָזיקער טרוים וואַקסט אויף אויף אַ באָדן פון פאַרצווייפלונג, אויפן גלות־באָדן.

אין תנ״ך איז שוין דאָ אַ סך גלות: די וויזיע פון גלות און די דערפאַרונג פון גלות. אָבער קיין שום ספר און קיין שום שטעלע אין תנ״ך איז נישט אַזוי גלותדיק ווי מגילת אסתר. די דאָזיקע מגילה איז שוין דורך און דורך קלאַסישער גלות, אין די ליידן וואָס אין איר און אין די פריידן וואָס אין איר; אין איר פּסיכאָלאָגיע און אין אירע מיטלען.

*

דער אמתער גלות קומט אונדז אַנטקעגן נישט דאָ, ווען די מגילה דערציילט אונדז אַז מרדכי איז געווען אַ ייִד „וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון

ירושלים מיט די פאַרטריבענע, וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן מיט יכניה דעם מלך פון יהודה״ (אסתר ב׳, 6). דער אמתער גלות קומט אונדז אַנטקעגן, ווען די מגילה דערציילט: „אסתר האָט נישט אויסגעזאָגט איר פאָלק און איר אָפּשטאַם, וואָרעם אַזוי האָט מרדכי באַפוילן אַז זי זאָל נישט אויסזאָגן״ (אסתר ב׳, 10).

מרדכיס פאַרטריבן ווערן פונעם אייגענעם לאַנד איז אַן אויסערלעכער אומגליק, אָבער אין דער אַליין־פאַרלייקענונג, וואָס ער עצהט אסתרן, לויערט שוין דער גאַנצער עכטער שרעק פון גלות פאַרן אייגענעם שאָטן. דאָ שמעקט שוין מיט פסיכישן פאָגראָם (אַ רעזולטאַט פון פיזישן): יעדער ייִד קאָן שוין דאָ פילן מרדכיס האַרץ, ווען ער זאָגט אָן אסתרן צו פאַרלייקענען איר אָפּשטאַם. איך בין זיכער אַז זיי האָבן זיך ביידע געשעמט צו קוקן אין די אויגן — זיי האָבן זיך געשעמט פאַר זייער הילפלאָזיקייט, פאַר דער אינערלעכער געבראָכנקייט.

דער פאַרפאָלגטער און שוואַכער האָט שאַרפע חושים, — געשאַרפט פון שרעק. אויב אַ מרדכי הייסט זיין פלייש און בלוט נישט אויפדעקן דעם אָפּשטאַם, ווייס ער מיסתמא אַז דאָס איז נישט אַזאַ גוטע מאַרקע פאַר דער אויסערלעכער וועלט. און דאָ זעען מיר טאַקע נאָך אַ שטריך פונעם עכטסטן, שוואַרצסטן גלות: מרדכי האָט דאָך דווקא באַדאַרפט עצהן אסתרן זי זאָל אויסזאָגן איר אָפּשטאַם — וואָלט זי אפשר ניצול געוואָרן פון פאַרשאַפן פאַרגעניגן דעם מלך טיפּש. אָבער אין מרדכין ווירקט שוין דער גלות־גיפט וואָס טרייבט אונדז פון זיך צו די הויכע פענצטער, אויסצובאַהאַלטן זיך אין די זיכערסטע ערטער.

ווער עס דערשפּירט די גלות־אַטמאָספער פון די דאָזיקע שטעלן, וועט זיך שוין נישט ווונדערן ווען ער טרעפט אין קאַפּיטל ג׳ ווערטער וואָס נאָר מיר, דאַכט זיך, די ייִדן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָלטן זיי באַדאַרפט קאָנען זאָגן:

„און ווי המן האָט געזען, אַז מרדכי קניט נישט און בוקט זיך נישט צו אים, אַזוי איז המן געוואָרן פול מיט גרימצאָרן. און ער האָט פאַראַכט אין זיינע אויגן אויסצושטרעקן אַ האַנט אויף מרדכין אַליין; וואָרעם מען האָט אים געזאָגט דאָס פאָלק פון מרדכין; נאָר המן האָט געזוכט צו פאַרטיליקן אַלע ייִדן וואָס אין גאַנצן קיניגרייך פון אחשורושן, דאָס פאָלק פון מרדכין״. (אסתר ג׳, 5־6).

וואָלט דען ווער געקאָנט פשוטער און קלאַסישער שילדערן די פּאַטאָלאָגישע דערשיינונג פון ייִדישן גלות? וואָלט מרדכי נישט געווען זיין קיין ייִד, וואָלט המן געווען געזוכט מיטלען זיך אָפּצורעכענען מיט אים פּריוואַט; אָבער ווייל מרדכי איז אַ ייִד, וואַרפט זיך די שינאה צו אים אַריבער אויפן גאַנצן פאָלק זיינעם. „איוואַן בוקט זיך נישט — אַ טויט איוואַנען; מרדכי בוקט זיך נישט — אַ טויט די ייִדן״.

נישט ווייניקער קלאַסיש איז דער אופן און די אַרגומענטאַציע ווי אַזוי און מיט וועלכע מיטלען המן באַמיט זיך צו דערגרייכן — און דערגרייכט טאַקע! — זיין ציל.

„און המן האָט געזאָגט צום מלך אחשורוש: פאַראַן איין פאָלק, צעזייט און צעשפּרייט צווישן די פעלקער אין אַלע מדינות פון דיין קיניגרייך, און זייערע געזעצן זיינען אַנדערש ווי ביי איטלעכן פאָלק, און די געזעצן פון מלך טוען זיי נישט און דעם מלך לוינט זיך נישט זיי צו לאָזן בלייבן. אויב דעם מלך איז

וווּילגעפעלן, זאָל געשריבן ווערן זיי אומצוברענגען, און איך וועל אָפּוועגן צען טויזנט צענטנער זילבער אויף די הענט פון דיווירטשאַפטערס אויף אַריינצו־ברענגען אין די שאַץ־קאַמערן פון מלך״. (אסתר ג׳, 8־9).

אין פאַרלויף פון אונדזער גאַנצן אומענדלעכן גלות גייען צוזאַמען די דאָ־זיקעביידע קלאַסישע מאָמענטן, אַזוי געניאַל אויפגעכאַפּט פונעם שרייבער פון דער מגילת אסתר וואָס זעט אין אַלגעמיין אויס אַזוי פּשוט; נישט געניאַל זייט ביי זייט מיט די געניאַלע ספרים פון תנ״ך, — די דאָזיקע מאָמענטן זיינען: אינסינואַציע און גאָלד. פון המנען ביז טאָרקוועמאַדאָן, פון די דייטשישע פירשטן ביז היטלערן און זיינע לאַנדקנעכט אין אַלע עקן פון דער וועלט, — אומעטום און תמיד האָט מען פאַר די פיליפּס און די אחשורושס אָוועקגעלייגט אַ דרשה וועגן די יידנס פרעמדקייט און אומלאָיאַלקייט, באַקרעפטיקט מיט אַ שפּאָר ביסל גאָלד.

*

ווייטער איז שוין אַ ביסל אַנדערש ווי אין גלות. נישט אומזיסט איז „אסתר״ כמעט דאָס איינציקע בוך אין תנ״ך, וואָס איז מאָדערן אויך לויט זיין קאָנס־טרוקציע: עס איז דורך און דורך ליטעראַטור, דערציילערישע ליטעראַטור מיט דער נייטיקער דאָזע „פיקציע״, מיט וועלכער מע גיט איין דעם אמת, די ווירק־לעכקייט. (איך זאָג „כמעט דאָס איינציקע בוך״, ווייל „יונה״ איז אויך אַ דער־ציילונג כמעט אין אַ היינטיקער פאָרעם — אמת, נישט ברוטאַל־רעאַליסטיש, ווי „אסתר״, נאָר אין גוסט פון גוטן סימבאָליזם). דער מחבר פון „אסתר״ האָט געגעבן די טעמע (דאָס בילד פון אויסערלעכן און אינערלעכן יידישן גלות) מיטן גרעסטן רעאַליזם, אָבער ער האָט געהאַלטן פון אַ „העפּי־ענד״, פון איינגעבן דעם לייענער דעם ביטערן פּיל אין אַ פאַרצוקערטער פאָרעם.

אין דער ווירקלעכקייט נעמען טאָקע יידן שרייען נאָך אַ באַפעל „צו פאַר־טיליקן, צו הרגענען, און אומצוברענגען אַלע יידן, פון יונג ביז אַלט, קליינע קינדער און ווייבער״ (אסתר ג׳, 13); זיי טוען זיך אָן אין זעק און שרייען „אַ גרויס און ביטער געשריי״ (אסתר ד׳, 1), אָבער ס׳העלפט זיי ווי אַ טויטן באַנ־קעס. דאָס מאָל, אין דער מגילה (פאָרט אַ מעשה!) האָט דאָס דאָזיקע יידישע מיטל געהאָלפן, ווי איינער זאָגט: אָפּגעפּטרט דעם שווערן, האַרץ־צעברעכנדיקן חוב צו געבן אַן אייביקע פאָרמולע פון יידישן גלות, קאָן מע זיך נעמען טרייסטן מיט פאַנטאַזיע. און דער מחבר ווייזט אַרויס אַ גאַנץ פיינע פאַנטאַזיע ביים אויסוועבן די פאַנטאַסטישע פאַבולע פון זיין דערציילונג.

ער וויל מע זאָל גלייבן אַז ווען דער קיניג אחשורוש (מיט זיין גרויסן האַ־רעם!) קאָן נישט שלאָפן, האָט ער שוין קיין אַנדער זאַך נישט צו טאָן, ווי צו הייסן פאָרלייענען דעם ספר הזיכרונות. דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס, וויל ער מע זאָל אים גלייבן, אַז טאָמער טוט מרדכי אַ טובה אַן אחשורוש, פאַרשרייבט מען עס און דאָס אחשורוש־געוויסן לאָזט נישט רוען ביז מע פאַרגיטיקט נישט מרדכין פאַר זיין טובה. די מעשה מיט יוסף און פרעהן איז ריכטיקער: נאָך יוספס טובות האָט ער נישט געוואָלט וויסן פון אים. און דערנאָך וויל ער מע זאָל אים גלייבן אַז עס איז געשען אַ נס — עס האָבן זיך געביטן די ראָלעס: נישט מרדכי הענגט, נאָר המן; נישט מע הרגעט די יידן, נאָר די יידן הרגענען

די גויים. און נישט נאָר מע הרגעט זיי איין טאָג, נאָר די ייִדן בעטן אַ צווייטן טאָג אויף צו הרגענען — אַ מין „ביס״. און דאָס אַלץ זאָל אַ ייִד גלייבן אויף די ייִדן? עס איז שוין לייכטער צו גלייבן אַז ווען אחשורוש האָט געהייסן די ייִדן טויטן די גויים, האָבן זיך די ייִדן גענומען רייסן די קאַפּאָטע: „האַרציקער אחשורוש, מע דאַרף נישט קיין נקמה! אויב מיר האָבן געפונען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן — פאַרגיב זיי״. פאַר וואָס זאָל מע טאַקע נישט ווייזן די גויים ס׳אַראַ פיינע מענטשן מיר זײַנען?

אָבער פון אַלע זאַכן אין מגילת אסתר וואָס עס איז שווער צו גלייבן אין זיי, איז צום שווערסטן צו גלייבן אין א ס ת ר ס מ ע ט א מ אָ ר פ אָ ז ע.

עס טרעפט אַז אונדזערס אַן אסתר כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ טראָן; עס טרעפט אויך, אַז אַ מרדכי וואָס האָט איר אַליין געהאָלפן דערצו און איר אַליין געלערנט צו פאַרלייקענען איר שטאַם, קומט צו לויפן מיט געוויינען און גע־שרייען, אָנגעטאָן אין אַ זאַק, מיט אַש אויפן קאָפּ, און בעט הילף פון זיין הויכ־געשטעלטער אסתר. און עס טרעפט אויך, אַז אַזאַ מרדכי וואָס האָט זיין אסתר געלערנט צו פאַרלייקענען איר שטאַם, ווערט ווי איבערגעקערט און ער געפינט געוואַלטיקע ווערטער: „און מרדכי האָט געהייסן ענטפערן אסתרן: זאָלסט נישט מיינען ביי זיך אַז פון אַלע ייִדן וועסטו אַנטרינען ווערן אין מלכס הויז. וואָ־רעם אויב שווייגן וועסטו שווייגן אין דער צייט, וועט פאַר ייִדן אויפשטיין אַ דערלייכטערונג און אַ רעטונג פון אַן אַנדער אָרט, און דו און דיין פאָטערס הויז וועלן אונטערגיין״ (אסתר ד׳, 13־14). דאָס אַלץ קאָן טרעפן, אָבער עס זאָל טרעפן, אַז אַזאַ אסתר זאָל דערהערן דעם אָרעמען פעטערס געשריי און זאָל דערשטיקן אין זיך דעם אימפּולס צו בלייבן ווייטער אויפן טראָן אַנאָנים, און זאָל פאַרנעמען דעם פעטערס מוסר און גיין אויף אַ קרבן („און אַז איך וועל אונטערגיין, וועל איך אונטערגיין״, אסתר ד׳, 16) — דערין איז שווער צו גלייבן. דאָס איז צו פיל גלותדיקע ווונטש־פאַנטאַזיע. מרדכי הייסט אסתרן גיין צום מלך און בעטן פאַר איר פאָלק (וואָס דער קיניג האָט עס געהייסן פאַרטי־ליקן!) און אסתר גיט נאָך נאָך אַ שוואַכן ווידערשטאַנד!

אויב עס איז געשען אַ פּורים־נס, באַשטייט ער נישט אַזוי אין דעם וואָס אחשורוש האָט געהערט אסתרס בקשה צו ראַטעווען איר פאָלק, ווי אין דעם וואָס אסתר האָט באַקומען דעם אינערלעכן מוט אויסצוזאָגן ווער איר פאָלק איז און צו בעטן פאַר אים!

אויב אַ פּורים־נס איז טאַקע געשען, באַשטייט ער נישט אין המנס מפּלה, נאָר אין אסתרס תשובה טאָן.

*

אין שייכות מיט דער טעמע, דעם קלאַסישן גלותדיקן אינהאַלט פון „אסתר״, איז מיר שוין אויבן אויסגעקומען צו דערמאָנען דעם בעלעטריסטיש־פּאַבוליס־טישן כאַראַקטער פונעם ספר „אסתר״. איז אויב אַזוי, וועל איך שוין אָפּרונדיקן די דאָזיקע אגב־אורחאדיקע באַמערקונג מיט נאָך עטלעכע דערגאַנצנדיקע באַ־מערקונגען.

אין תנ״ך זיינען דאָ זייער אַ סך דערציילערישע עלעמענטן, — אין „חומש״, אין „יהושוע״, אין „שופטים״, אין „שמואל״ א׳ און ב׳, אין „מלכים״ א׳ און ב׳,

אין „איוב" און אַפילו אין די נביאים אחרונים, — אָבער אָדער מיר האָבן פאַר זיך אַ וואונדערבאַרן פאַלקלאָר, אַ פרימיטיוון פון רירנדיקער ריינקייט און נאַיוו־קייט, פון דיכטונג און סימבאָל, ווי די חומש־דערציילונגען פון דעם אומפאַר־גלייכלעכן גן־עדן־מעשהלע ביז דער יוסף־דערציילונג, אָדער געשיכטלעכע בליק־רעפּאָרטאַזשן, ווי די מעשה מיט יהושועס צוויי מרגלים און רחב דער זונה. סיי די חומש־לעגענדעס, סיי די געשיכטלעכע בליק־רעפּאָרטאַזשן האָבן צוויי מעלות: זיי זיינען דיכטונג וואָס באַלויכט אי די טיפענישן פונעם אוראַלטן געשעען, אי פון דער מענטשלעכער נשמה.

זעלטן, זעלטן מערקט זיך אָן דאָס דערציילעריש־פאַבולאַרישע, ווי אין דער מעשה מיט יוספן און זיינע ברידער.

אין גאַנצן תנ"ך איז דאָ בלויז איין דערציילונג, אין וועלכער מיר געפינען פסיכאָלאָגיש־פאַבולאַרישע עלעמענטן, ענלעכע צו אונדזערע מאָדערנע דערציי־לונגען — דאָס איז „אסתר".

אין מגילת אסתר איז אויך קאָנטיק די שריפטשטעלערישע אייגנשאַפט פונעם תנ"ך צו געבן בלויז די נשמה פון דער זאַך, אין אַ מין דערציילעריש־דיכטע־רישער סטענאָגראַפיע. אָבער אין דער דאָזיקער קורצקייט האָט דער מחבר גע־געבן אַ גוט־געפלאָכטענע אינטריגע אויף אַ פסיכאָלאָגישער קאַנווע.

אויב „יוסף און זיינע ברידער" איז אַ שלימותדיקע פאָלקס־מעשהלע; אויב „רות" איז אַ שלימותדיקע אידיליע; אויב „יונה" איז אַ שלימותדיקע דיכטעריש־סימבאָלישע דערציילונג, — איז „אסתר" אַ שלימותדיקע אַוואַנטוריסטיש־פּסי־כאָלאָגישע דערציילונג.

ווי פיין עס ווערט געוועבט די אינטריגע.

אסתר המלכה פאַרנעמט די וויכטיקסטע סטראַטעגישע פּאָזיציע, אומבאַ־מערקט פאַר די קעגנערס — מרדכי הייסט איר האַלטן בסוד איר אָפּשטאַם, כדי צו פּאַראַליזירן אין ריכטיקן מאָמענט די אַקציע פון די קעגנערס.

ווען מרדכי וויל זיך נישט בוקן פאַר המנען, וואונדערן זיך אַלע קנעכט פון מלך אויף וואָס פאַר אַ קאָרט ער שטעלט. מרדכי האָט זיי געזאָגט אַז ער איז אַ ייִד און דעריבער זיינען זיי פאַראינטריגירט: „אַזוי האָבן זיי דערציילט המנען (אַז מרדכי בוקט זיך נישט פאַר אים — י. ר.) כדי צו זען, אויב מרדכיס ווער־טער וועלן באַשטיין, וואָרעם ער האָט זיי געזאָגט אַז ער איז אַ ייִד" (אסתר, ג', 4). זיי האָבן זיך געמעגט וואונדערן, ווייל ווי מיר ווייסן, איז שוין דעמאָלט, אין די אוראַלטע צייטן פון מגילת אסתר, געווען אַ קנאַפּער יחוס צו זיין אַ ייִד. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט מרדכיס סוד: אַז ער האָט אַריינגעבראַכט אין שונאָס פעסטונג אַ טראָיאַנישן פערד.

איינגעפעדעמט די אַקציע און די קעגן־אַקציע — צערייצט די מכה און צו־געגרייט די רפואה פאַר איר — טרעט צו דער מחבר צו זיין פיינער אינטריגע־שפּיל.

די סצענעס ווי אַזוי המן ווערט אַקטיוו און ווי אַזוי צוערשט מרדכי און דערנאָך אסתר גרייטן זיך צו דער קעגן־אַקציע, זיינען שטאַרק דראַמאַטיש סיי מיט זייער באַקעטן קאַמף גופא (המן קויפט אָפּ די ייִדן אויף שחיטה און מרדכי שפּאַרנט אָן זיין טראָיאַנישן פערד צו דער שלאַכט), סיי מיט דער פונאַנדערוויק־לונג פון צוויי קעגנערישע קאָלעקטיוו־פסיכאָלאָגיעס: המן אָפּערירט מיט דער

גוייִשער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע פון רציחה און ייִדן־האַס און מרדכי מיט דער ייִדי־שער קאָלעקטיוו־פּסיכאָלאָגיע פון ביטחון און קידוש־השם. די מאָטיוואַציע פון המנס אַקציע און פון מרדכיס קעגן־אַקציע גיבן צו דער דאָזיקער וואָכעדיק־וועלטלעכער מגילה דעם גלאַנץ פון תנ״כישן פּאַטאָס. אָבער דאָך פילט מען ווי דער עיקר איז פאַרן מחבר זיין קלוגע, כיטרע אינטריגע. מיר וועלן כמעט זיין צופרידענעם שמייכעלע, ווען המנס ווייב און זיינע פריינד (סוף פון קאַפּיטל ה׳) גיבן אים אַן עצה צו מאַכן אַ תליה פאַר מרדכין און המן איז צופרידן, זיין גליק איז פול. „א י ז ד י ז אַ ך װ ו י ל ג ע פ ע ל ן פ אַ ר ה מ נ ע ן, א ו ן ע ר ה אָ ט ג ע מ אַ כ ט ד י ת ל י ה״ — פאַר זיך אַליין.

נאָך מער הנאה האָט דער מחבר ביים סוף פון קאַפּיטל ו׳. ביים סוף פון קאַפּיטל ה׳ איז המן אויפן שפּיץ פון זיין גליק: „און המן האָט געזאָגט: אויך האָט אסתר המלכּה נישט געלאָזט קומען קיינעם מיטן מלך צו דעם מאָלצייט וואָס זי האָט געמאַכט, נאָר בלויז מיך און אויך אויף מאָרגן בין איך פאַרבעטן צו איר מיטן מלך״. אָבער ביים סוף קאַפּיטל ו׳ איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש.

ס׳אַרא שעלמישער שמייכל עס שאָטנס זיך די גאַנצע צייט פון קאַפּיטל ו׳ אויפן מחברס פּנים. ס׳אַרא סאַרקאַזם! ס׳אַרא שטיפערישע פאַנטאַזיע! המן קומט צום מלך וועגן אויפהענגען מרדכין אויף דער תליה, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר אים; דער מלך איז אָבער נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, בעת וועלכער מ׳ע דערמאָנט אים מרדכיס אַ טובה און ער ווייס נישט מיט וואָס אים צו באַלוינען. פרעגט ער המנען: „וואָס דאַרף מע טאָן מיט אַ מאַן וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד?״ גיט זיך המן אַ טראַכט: „וועמען וועט דער מלך וועלן אָנטאָן כבוד אַ חוץ מיר?״ און ער שרייבט זיך אָן אַ גוט יאָר, ווי עס שטייט אין דער מגילה, — אָבער אַלץ וואָס ער ווינטשט זיך, מוז ע ר אַ ל יי ן טאָן מרדכין.

דאָס דאָזיקע זעקסטע קאַפּיטל מיט זיינע פערצן פּסוקים איז אַ מייסטער־ווערק פון דין־סאַרקאַסטישער דערציילונג־קונסט. ווי פיין דאָס קאַפּיטל איז צו־געגרייט: שוין אין קאַפּיטל ב׳, אין די פּסוקים 21־23, ווערט דערציילט אַ גאַנ־צע געשיכטע וועגן אַ פאַרשווערונג קעגן דעם מלך אחשורוש און וועגן דעם אַז מרדכי אַנטדעקט די פאַרשווערונג און מרדכיס טאַט ווערט פאַרשריבן אין ספר הזיכרון.

און אָט דערציילט דאָס קאַפּיטל ו׳ ווי דער מלך קאָן נישט שלאָפן, ווי מע לייענט אים פאַר דעם ספר הזיכרונות, אויך וועגן מרדכיס טאַט. און דער קיניג — אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אין דער פילבאַרקייט פון שלאָפלאָזיקייט! — וויל וויסן מיט וואָס מ׳האָט מרדכין באַלוינט דערפאַר און ער הערט ווער־טער, וואָס קלינגען אָפּ מאָדנע אין זיין געוויסנפולער שטימונג: „קיין זאַך איז מיט אים נישט געטאָן געוואָרן״. און אָט איז המן. און ער איז זיך שואל־עצה מיט אים און דער מחבר גיט זיך שעלמיש אַ שפּיל מיט המנען, און אָט קומט ער שוין אַהיים „אבל וחפוי ראש״, וואָס די ייִדישע מפרשים האָבן ריכטיק פאַר־טייטשט: מיט אַ קאָפּ, אויף וועלכן מע האָט אויסגעגאָסן אַ פּאָמוניצע.

דאָס גאַנצע קאַפּיטל איז אַ מייסטער־ווערק, אָבער באַזונדערס דער סוף.

המן דערציילט זיין פרוי און זיינע פריינד וואָס עס איז מיט אים געשען, און זיי שיטן אים אָן זאַלץ אויף די פרישע וווּנדן: „אויב פון ייִדישן אָפּשטאַם

איז דער מרדכי, אויב דו האָסט אָנגעהויבן פאַלן פאַר אים, וועסטו נישט אויס־פירן אַקעגן אים, נאָר פאַלן וועסטו פאַלן פאַר אים". (אסתר, ו׳, 13).

און ווי כדי צו באַשטעטיקן זייערע רייד: „ווי זיי ריידן נאָך מיט אים, אַזוי זיינען אָנגעקומען דעם מלכס קאָמערדינערס, און געאיילט צו ברענגען המנען צו דעם מאַלצייט וואָס אסתר האָט געמאַכט" (ו׳, 14). צו דער צווייטער סעודה איז ער שוין נישט געגאַנגען אַליין, פרייוויליק און פריידיק, נאָר מ׳האָט אים איילִיק אָוועקגעפירט, ווי דער רוח דעם מלמד, ווי צו דער תליה, וואָס איז גע־בליבן נישט אויסגענוצט.

נאָך קינסטלערישער — אין זיין פסיכאָלאָגישער מייסטערשאַפט — איז דאָס קאַפּיטל ז׳, מיט זיינע צען פּסוקים.

אסתרס אַקציע איז רייף פאַרן לעצטן קלאַפּ.

אחשורוש איז אַ ביסל פאַרמענטשלעכט דורך דער שלאָפלאָזער נאַכט און דורך דעם ריינעם געוויסן, — וואָס ער האָט באַצאָלט מיט אַ טובה פאַר אַ טובה. און ווען ער זאָגט אסתר המלכהן זיינע קיניגלעך־טראַפאַרעטע רייד: „וואָס נאָר דיין פאַרלאַנג, אסתר המלכה, וועט דיר געגעבן ווערן, און וואָס נאָר דיין בקשה, אַפילו ביז אַ האַלבער מלוכה, וועט געטאָן ווערן", באַקומט ער אַזאַ אומגעריכטע, נישט טראַפאַרעטע תשובה, אַז זיינע שפּירעוודיקע נערוון — נאָך דער שלאָפלאָ־זער נאַכט און נאָך דער גוטער טאַט — ווערן אויפגעטרייסלט: „אויב איך האָב געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, מלך, און אויב דעם מלך איז ווױלגעפעלן, זאָל מיר מיין לעבן געשאָנקען ווערן אויף מיין געבעט און מיין פאָלק אויף מיין בקשה. וואָרעם מיר זיינען פאַרקויפט געוואָרן, איך און מיין פאָלק, צום פאַרטי־ליקן, צום הרגענען און אומצוברענגען". דאַכט זיך גענוג, האַ? אָבער דער מחבר פילט, אַז אחשורוש דאַרף נאָך אַ קלאַפּ: די אַרויסגערופענע איבערראַשונג דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין צאָרן קעגן אַ קאָנקרעטן ציל, און ער לאָזט אסתר המלכהן געבן דעם לעצטן מייסטערהאַפטן קלאַפּ: „ווען מיר וואָלטן פאַרקויפט געוואָרן פאַר קנעכט און פאַר דינסטן וואָלט איך געשוויגן, אָבער דער פיינט איז נישט ווערט דעם מלכס שאָדן" (אסתר, ז׳, 3־4).

המן האָט געווירקט דורך וועקן שינאה און דורך געבן געלט; אסתר ווירקט דורך וועקן רחמנות און דורך אָנווייזן אויף געלט־היזקות. און זי האָט די אי־בערראַשונג פאַרוואַנדלט אין צאָרן: „ווער איז דער, און ווו איז דער, וואָס זיין האַרץ האָט אים דערוועגט אַזוינס צו טאָן?"

האָט אסתר צוגעקלאַפּט דעם לעצטן טשוואָק: „אַ מאַן אַ צורר און אַ פיינט, דער דאָזיקער בייזער המן".

דער אויפגעוועקטער צאָרן האָט געהאַט אַזאַ קורצן וועג צום ציל! דער מלך האָט געזוכט דיסטאַנץ פאַר זיין צאָרן וואָס האָט גענומען ווילדעווען אויף אַזאַ קורצן שטח, אַז עס האָט זיך נישט געקאָנט אויסלאָדן: המן איז אים געווען נאָענט אין אַלע פּרטים! „און דער מלך איז אויפגעשטאַנען אין זיין גרימצאָרן פון דעם ווײַן־מאַלצייט און איז אַריין אין דעם פּאַלאַץ־גאָרטן", כדי צו שאַפן דיסטאַנץ פאַר זיין צאָרן. אגב, האָט דאָס אויך דער מחבר נייטיק געהאַט, כדי צוצוגרייטן דעם לעצטן פסיכאָלאָגישן קלאַפּ פאַר אחשורושן.

ווי נאָר דער קיניג איז אַרויס האָט המן געטאָן ווי יעדער המן: ער האָט

גענומען בעטן אויף זיין לעבן ביי אסתר המלכהן, און ווען דער קיניג איז אַריין צוריק, „ערשט המן ליגט אַנידערגעפאַלן אויף דעם לענבעטל וואָס אסתר איז דערויף. האָט דער מלך געזאָגט: „נאָך באַצווינגען די מלכה ביי מיר אין הויז?״

אחשורושעס רחמימדיקער און מאָראַלישער גרימצאָרן איז — ווי אָפט אין אַזעלכע פאַלן — געוואָרן רייף צו טאַט ערשט ווען ער איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך אַ פּערזענלעכן מאָטיוו. ער האָט אים אפשר ספּעציעל געזוכט, אָבער ער האָט אים אין דער ריכטיקער צייט געפונען. דער מחבר וואָס ווייזט זיך אַרויס אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל ז׳ ווי אַ מייסטערהאַפטער פּסיכאָלאָג, האָט אים דאָס נייטיקע צוגעגרייט.

*

ביי דער גאַנצער קורצקייט און צייטנווייז אַרכאַישקייט פונעם געבוי, איז „אסתר״ דאָס איינציקע שלימותדיקע, מאָדערנע, בעלעטריסטישע ווערק אין דעם גאַנצן תנ״ך.

און די יידישע ליטעראַטור וואָס פּאַבוליסטיק און פּסיכאָלאָגיע זיינען עד־היום אירע שוואַכסטע פונקטן, קאָן נאָך אַ סך לערנען פון אַ דעטאַלן אַנאַליז פון דעם ספר „אסתר״.

## ל) די ראַסן־טעאָריע פון ייִדנטום

פאַראַן ייִדן, וואָס ווילן איבערגעוואַלד זיין „אָביעקטיוו״ אַפילו צו זייער אייגן פאָלק און אים מעסטן מיט דער זעלביקער מאָס, מיט וועלכער זיי מעסטן אַנדערע פעלקער.

ווען איר דערמאָנט לגנאי היטלערס ראַסן־טעאָריע, זיין הערנפאָלק־קאָמ־פלעקס, ווען זיי אייך אַריינפאַלן אין די רייד:

— און מיר, ייִדן, זיינען דען בעסער? וואָס פאַרגעסט איר עפּעס אונדזער „אתה־בחרתנו״? און וואָס וועט איר זאָגן מכוח עזראס אַוועקשיקן פון די ייִדישע מענער זייערע פרעמד־שטאַמיקע פרויען?

מעסטן זיך מיט דער זעלביקער מאָס, מיט וועלכער מע מעסט יענעם, איז נישט נאָר אַ שיינע מידה, נאָר אויך אַ טיף־ייִדישע: מיטן דאָזיקן כלל איז דאָס ייִדנטום ווי דורכגעאָדערט דורך און דורך.

ווען מע זעט אַן עוולה ביים אייגענעם פאָלק, איז נישט נאָר וואָס מע דאַרף זי נישט פאַרשווייגן, נאָר עס איז אַ חוב זי צו שטעמפּלען מיט דער זעלביקער שאַרפקייט, מיט וועלכער מ׳וואָלט די עוולה געוווען געשטעמפּלט ביי אַן אַנדער פאָלק.

דאָס איז שווער, דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס קעגן דער מענטשלעכער טבע, אָבער דאָס איז אַ מוז.

און דאָס איז ביי אונדז ייִדן אַ טראַדיציע: וואָסער אַנדער פאָלק אויף דער וועלט איז נאָך אַזוי געשטראָפט געוואָרן פון זיינע אייגענע נביאים און מגידים, ווי דאָס ייִדישע?

אָבער איינס איז — זיין אָביעקטיוו צו אייגענע פעלערן און עוולות, און אַ גאַנץ אַנדערע זאַך איז צוצושרייבן דעם אייגענעם פאָלק נישט־געשטויגענע עוולות און פעלערן, אַבי צו ווייזן אַז מ׳איז „אָביעקטיוו״.

דאָס איז אַ מאָדנער מין „אָביעקטיווקייט״: מע ווערט אומגערעכט צום איי־גענעם פאָלק כדי צו באַפרידיקן זיינע שונאים און כאַפּן פון זיי אַ קניפּ אין בעקל:

— ביי ייִדן קאָן זיך אויך אַ מאָל געפינען אַ פיינער מענטש, — ער איז אָביעקטיוו צום אייגענעם פאָלק...

דאָס איז ווי אָנגעמאָסטן אויף פאָלגנדיקע שטעלן פון לעאָ קעניגס „דאָס בוך פון לעסטערונגען״:

„מיר האָבן זיך געשעמט פאַרן נאָמען מענטש, ווען די נירנבערגער געזעצן האָבן פאַרבאָטן די דייטשן צו עסן ביי ייִדן אָדער חתונה צו האָבן מיט ייִדן און ביי זיך לאָזן מיר עס צו. ביי אונדז איז עס עפּעס אַנדערש — קיום העם״.

„די ייִדישע אינטעליגענץ דאַרף זיך שעמען וואָס אַזאַ גרויסער פּראָצענט פון אונדזער פאָלק מיאוסט זיך צו עסן ביי זייערע נישט ייִדישע שכנים״...

צי זיינען אָבער די ייִדישע דינים וועגן עסן כשר און וועגן נישט חתונה

האָבן מיט פרעמד־שטאַמיקע פרויען טאַקע דאָס זעלביקע ווי היטלערס נירנבער־גער געזעצן?

*

עס איז קלאָר, אַז אויב מע וויל — כּדי מקיים זיין די מצווה פון זיין „אָב־יעקטיוו“ — פאַרגלייכן די ייִדישע כּשרות־און־חתונה־געזעצן מיט די נירנבער־גער, קאָן מע נישט דורכלאָזן עזראס באַרימטע טאַט פון פאַרטרייבן די פרעמד־שטאַמיקע פרויען פון זייערע ייִדישע מענער: איז דאָס דען נישט נאַצישער ראַ־סיזם?

און לעאָ קעניג וואַרפט אונדז דאָס טאַקע פאָר.

צי איז אָבער דאָ אַ באמת־אָביעקטיווער גרונט צו מאַכן אַזאַ פאַרגלייך, ווי אָביעקטיוו מע זאָל נישט זיין צום אייגענעם פאָלק?

אין „דברים“ (ה׳, 3־4) שטייט געשריבן: „זאָלסט זיך נישט מתחתן זיין מיט זיי; דיין טאָכטער זאָלסטו נישט געבן צו זיין זון, און זיין טאָכטער זאָלסטו נישט נעמען פאַר דיין זון. וואָרעם ער וועט אָפּקערן דיין זון פון מיר, און זיי וועלן דינען פרעמדע געטער...“

קאָן דען זיין קלאָרער, אַז אָט דער געבאָט, לויט וועלכן עזרא האָט שפּע־טער געהאַנדלט, האָט גאָר נישט צו טאָן מיט ראַסע און ראַסישער העכערקייט? דאָס האָט גאָר נישט צו טאָן מיטן קולט פון בלוט. דאָס איז אַ ריין רעליגיעזער ענין, דאָס איז אַ קאַמף נישט פאַר ריינקייט פון בלוט, נאָר פאַר ריינקייט פון גייסט.

וואָלט אָט דער פאַרבאָט געווען אין זינען האָבן ראַסיסטישע טעאָריעס, וואָלט רות נישט געוואָרן דוד המלכס עלטער־באָבע.

און דער זעלביקער אונטערשייד גילט אויך פאַר די כּשרות־דינים: נישט צוליב ראַסישער העכערקייט טאָר דער ייִד נישט עסן גויִיש עסן — נאָר צוליב ריין רעליגיעזע טעמים.

צי האָבן זיך דען ייִדישע טאַטע־מאַמעס נישט אָפּגעזאָגט צו עסן אַפילו ביי אייגענע קינדער, אויב די לעצטע זיינען נישט געווען גענוג אָפּגעהיט אין הלכות כּשרות? נו, האָבן זיי זיך אפשר געמיאוסט מיט דעם אָפּשטאַם פון די קינדער, נישט וועלנדיק עסן ביי זיי?

שרייבן, אַז ייִדן עסן נישט ביי קריסטן דערפאַר, ווייל זיי מיאוסן זיך מיט זיי, איז כּמעט ווי אַן אַנטיסעמיטישער בילבול. יעדנפאַלס שמעקט דאָס מיט דער פלאַכסטער השכלה־מענטאַליטעט.

צי מען האַלט פון די דאָזיקע ייִדישע דינים, צי נישט, — פאַרגלייכן זיי צו די נירנבערגער געזעצן, הייסט פאַרגלייכן טאָג צו נאַכט, הייסט האַנדלען אומגערעכט כּלומרשט אין נאָמען פון גערעכטיקייט...

דער איינציקער גלייכונג־צייכן צווישן די נירנבערגער געזעצן און די ייִדי־שע דינים באַשטייט אפשר אויבן־אויף אין דעם וואָס ביידע זיינען זיי אַ רעזול־טאַט פון „אתה־בחרתנו“־געפיל.

אָבער ווען צוויי זאָגן דאָס זעלביקע, איז דאָס אָפט נ י ש ט דאָס זעל־

ביקע: עס ווענדט זיך וואָס פאַר אַן אינהאַלט יעדער פון די צוויי לייגט אַריין אינעם זעלבן וואָרט־ליבוש.

דער נירנבערגער „אתה־בחרתנו" איז אַ קינד פון טייוולאָניש־טעווטאָנישן שטאָלץ וואָס טרעט אויפן פרעמדן אין געפיל פון זיין עכטער אָדער כלומרשטער פיזישער העכערקייט; דער „אתה־בחרתנו" פון מעמד הר סיני איז אַ קינד פון הכנעה אונטערן עול פון אַ שטרענגן גאָט, וואָס האָט אויסדערוויילט אַ פאָלק, נישט כדי אים לייכט צו מאַכן דאָס לעבן דורך הפקרות, נאָר כדי עס שווער צו מאַכן דורך איבונג צו הייליקייט.

און טאָמער דראָעט די געפאַר אַז דער געוווּנענער מאַטעריעלער וווילטאָג זאָל נישט אַ שלאָג טאָן צום קאָפּ פון פאָלק מיט גאווה, פאַרהיט עס דער ספר „דברים" (ח׳, 17־18):

„און וועסטו זאָגן אין דיין האַרצן: מיין כוח און די מאַכט פון מיין האַנט האָט מיר פאַרשאַפט דעם דאָזיקן פאַרמעג; זאָלסטו געדענקען יהוה דיין גאָט, וואָרעם ער איז דער וואָס גיט דיר כוח אָנצושאַפן פאַרמעג, כדי מקיים צו זיין דעם בונד וואָס ער האָט געשוואָרן דיינע עלטערן..."

און דאָס איז נישט די איינציקע דערמאָנונג אַז דאָס פאָלק זאָל זיך נישט איבערנעמען מיטן „אתה־בחרתנו", ווייל דאָס איז נישט קיין ראַסן־ און בלוט־אתה־בחרתנו; דאָס איז אַן „אתה־בחרתנו" נישט קיין חיהש־מאַטעריעלער, נישט קיין פיזיש־עגאָיסטישער, נאָר אַ גייסטיק־מענטשלעכער, און יעדער אָפּנייג פון געטלעכן פאַרזאָג צו זיין הייליק און מענטשלעך, מאַכט צונישט דעם „אתה־בחרתנו".

געוויס, די קאַפּיטלען 9 און 10 אין ספר „עזרא" דעקן אָפּ פאַר אונדז אַ טראַגעדיע: עס האָבן זיך צונויפגעשטויסן מענטשלעכע געפילן צו אייגענע פרויען און קינדער, מיט געטלעכע געבאָטן פון אַן אייגענעם שטרענגן גאָט.

פאַר וואָס עזרא האָט צעריסן זיין בגד און „זיך געפליקט די האָר פון קאָפּ און פון באָרד, און... געזעסן אַ באַנומענער" איז קלאָר: ער האָט געפילט בלויז די פעלשונג אין גאָט פון ישראל און אין זיין תורה; אָבער ווען „דאָס פאָלק האָט געוויינט אַ גרויס געוויין" („מענער און ווייבער און קינדער") האָט עס זיכער געוויינט נישט נאָר אויף דער עוולה וואָס עס האָט געטאָן גאָט, נאָר אויך אויף דער עוולה, וואָס גאָט האָט געטאָן זיי, זייערע ווייבער און זייערע קינדער. (און אפשר נישט „אויך", נאָר דער עיקר אויף „ז יי ע ר" עוולה).

ווי אָפט אין דער ייִדישער געשיכטע, האָבן זיי אויך דאָן געשפּירט דעם יאָך פון זייער „אתה־בחרתנו", פון באַרג סיני, און נישט דעם שטאָלץ פון נירנ־בערג, להבדיל אלף הבדלות...

לעאָ קעניג מעג טאַקע, אין זיין „אָביעקטיוון" אויפברויז, סאַרקאַסטיש־גאַליק אַ זאָג טאָן: „ביי אונדז איז עס עפּעס אַנדערש — קיום העם". אָבער דערפון ווערט עס נישט ווייניקער אמתדיק: ביי אונדז איז עס ט אַ ק ע אַ נ־ ד ע ר ש.

ביי אונדז איז עס נישט קיין ראַסיסטישער שטאָלץ וואָס אונטערדריקט אַנ־דערש־גלייביקע און אַנדערש־שטאַמיקע; ביי אונדז איז עס אַ שווערער יאָך פאַרן קיום העם, כדי די קדושה, פאַר וועלכער מיר האָבן זיך במשך יאָרטויזנטערס מקריב געווען (מקריב געווען זיך — נישט אַ נ ד ע ר ע) זאָל האָבן אַ קיום.

## ל״א) די שאַנד־טאַט פון גבעה

אין תנ״ך קומען פאַר אַ סך גרויזאַמע זאַכן, מוראדיקע בלוט־פאַרגיסונגען. דער מענטש איז דאַן געווען דאָס זעלביקע וואָס היינט: אַ באַשעפעניש, וואָס איז נישט קיין מלאך און מיט אַ נייגונג פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ חזיר אָדער אַ טיגער.

און דאָך בענקט זיך אַ מאָל אַזוי נאָך די בלוט־פאַרגיסונגען פון תנ״ך, אין דער היינטיקער צייט פון „יונאַ״־ליבע־פּראַקטיק.

*

אין אַ ייִדישער שטאָט, אין נחלת־בנימין, אין גבעה, איז געשען די זעלביקע שאַנד־טאַט ווי אין סדום.

לוט נעמט אַריין צו זיך די מלאכים, פאַרשטעלטע פאַר מענטשן. און אַט:

„איידער נאָך זיי האָבן זיך געלייגט, האָבן די מענטשן פון שטאָט, די מענטשן פון סדום, אַרומגערינגלט דאָס הויז, פון יונג ביז אַלט, דאָס גאַנצע פאָלק פון עק צו עק. און זיי האָבן גערופן צו לוטן, און האָבן צו אים געזאָגט: ווו זיינען די מענער וואָס זיינען צו דיר געקומען די נאַכט? ברענג זיי אַרויס צו אונדז, מיר זאָלן זיי דערקענען״. (בראשית י״ט, 4־5).

אין דער שטאָט גבעה, אין נחלת־בנימין, נעמט אַ ייִד אַריין אויף נאַכטלעגער אַ וואַנדערער מיט זיין קעפּס־ווייב, און ער גיט זיי עסן און טרינקען. און אַט:

„זיי טוען אַזוי ווויל זייער האַרץ, ערשט די מענטשן פון שטאָט, מענטשן בידערטרעכטיקע יונגען, האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז קלאַפּנדיק אויף דער טיר, און זיי האָבן געזאָגט צו דעם אַלטן מאַן דעם באַלעבאָס, אַזוי צו זאָגן: ברענג אַרויס דעם מאַן, וואָס איז געקומען אין דיין הויז, כדי מיר זאָלן אים דערקענען״. (שופטים י״ט, 22).

איןביידע פאַלן, אין סדום און אין גבעה, באַנוצט דער תנ״ך (און דער אי־בערזעצער אַוודאי) אַ ריין וואָרט פאַר אַן אומריינער זאַך.

אין סדום האָבן די סדומער אָנגעטראָפן אויף מלאכים, האָבן זיך געראַטעוועט נישט נאָר לוט, נאָר אויך זיינע טעכטער, — וועלכע ער האָט פאַרגעלייגט אַנשטאָט די מענער, — איז גאָר נישט געשען. אָבער אין גבעה זיינען קיין מלאכים נישט געווען, און הגם דער מאַן איז געראַטעוועט געוואָרן, איז זיין קעפּס־ווייב געפּייניקט געוואָרן און זי האָט פאַרלוירן דאָס לעבן.

דאָס ייִדישע גערעכטיקייט־געפיל ווייס פון אַן אַבסאָלוטן כלל: דאָס שלעכטע מוז אויסגעראָטן ווערן, ווו דאָס זאָל נישט געשען, — אין סדום צי אין גבעה.

און עס הייבט זיך אָן די מאָראַליש־דערהייבנדיקע שחיטה איבער דעם שבט בנימין.

די וועלט־געשיכטע איז פול מיט בלוטיקע מילחמות, אָבער איך ספק, צי עס איז דאָ כאָטש איין שלאַכט אין דער וועלט־געשיכטע, וואָס זאָל האָבן פאַר אַ סיבה אַזאַ עטישן הינטערגרונט, ווי די פאַרניכטונג פונעם שבט בנימין.

דער מאַן צעשניידט דאָס געפּייניקטע קעפּס־ווייב אויף צוועלף טיילן און צעשיקט זיי צו אַלע שבטים. אַ פּאַטעטישער צאָרן־זשעסט, וואָס פּלאַמט אויף מער ווי טויזנט רעדעס. „און... איטלעכער, וואָס האָט עס געזען, האָט געזאָגט: אַזוינס איז נישט געשען און נישט געזען געוואָרן פון דעם טאָג, וואָס די קינדער פון ישראל זיינען אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד מצרים ביז אויף היינטיקן טאָג".

דאָס איז די שפּראַך פון העכסטן מאָראַלישן אויפבּרויז: דאָס איז נאָך נישט געזען און נישט געהערט געוואָרן.

„און אַלע מענער פון ישראל האָבן זיך איינגעזאַמלט אויף דער שטאָט, באַהעפט ווי איין מאַן. און די שבטים פון ישראל האָבן געשיקט מענטשן דורכן גאַנצן שבט בנימין, אַזוי צו זאָגן: וואָס פאַר אַ בייז איז דאָ געשען צווישן אייך? און אַצינד גיט אַרויס די מענטשן, די נידערטרעכטיקע יונגען, וואָס אין גבעה, און מיר וועלן זיי טויטן, און אויסראָמען דאָס בייז פון ישראל.

„אָבער די קינדער פון בנימין האָבן נישט געוואָלט זיך צוהערן צו דעם קול פון זייערע ברידער, די קינדער פון ישראל".

זיי האָבן געשיצט דאָס בייז, האָט מע זיי אויסגעראָמט צוזאַמען מיט אים.

אָט־אָ די בלוט־פאַרגיסונג איבער פּלגש בגבעה, וואָס איז עד־היום געבליבן אַ שאַנד־סימבאָל אין יידישן פאָלקס־מויל, איז אַן אומשטערבלעכער דענקמאָל פאַרן יידישן גייסט: א י ן ג ע ז ע ץ פאַרן פ ר ע מ ד ן סדום און פאַר דער א י י ג ע נ ע ר גבעה.

ווי אַנדערש האַנדלט די קריסטלעכע וועלט! ווען מע וואָלט גענומען ענגלישע פּרויען און אויסגעקריצט אויף זייערע שטערנס, ווו עס שיינט דער צלם אלקים, די מענטשהייט־שענדערישע ווערטער: „נאָר פאַר זעלנער", „נאָר פאַר אָפיצירן", ווי מע קריצט דאָס אויס אויף בעסערע און ערגערע בית־הכסאס; ווען מע נעמט ענגלישע אָדער אַמעריקאַנער פּרויען און מע ברענט אויס אויף זייערע ברוסטן (איבער די בריסט, וואָס דערנערן די מענטשהייט, וואָס עופּהלעך צערטלען אומשולדיק מיט די הענטלעך) „פעלד־זונה", — ווען דאָס וואָלט געשען, וואָלט זיך דער צאָרן פון די פעלקער אַראָפּגעגאָסן ווי אַ פאַרניכטנדיקע לאַווע אויפן מענטשהייט־שענדערישן פאָלק, ווי אויף אַ היפּער־סדום; מע האָט דאָס אָבער געטאָן מיט יידישע פּרויען, און די וועלט קאָן דאָס רויק פאַרטראָגן, — זי איז דאָך נישט דער אַלטער טעסטאַמענט, וואָס קאָן צוליב אַזאַ זאַך פאַרניכטן אַן אייגענעם שטאַם, זי רופט צו ליבע און מחילה, אָפּדעקנדיק דערמיט איר אייגענע מאָראַלישע ערווה.

„נאָר פאַר זעלנער", „נאָר פאַר אָפיצירן" אויף פרויען־שטערנס, געצווונגענע צו באַפרידיקן די שמוציקע תאווה פון מענטשהייט־שענדער, — אַזאַ פאָטאָגראַפיע, צעשיקט איבער אַלע וועלט־טיילן, וואָלט דאָך באַדאַרפט אין איין מאָמענט מאָביליזירן דעם פאַרניכטנדיקן האַס פון די פעלקער.

דער דאָזיקער האַס איז נישטאָ. די מענטשהייט איז מאָראַליש טויט.

מע שטעלט אַזוי אָפּט די פראַגע, ווי אַזוי דערקלערט מען די דערשיינונג פון די יידישע נביאים, פון וואַנען האָט זיך גענומען די דאָזיקע עטישע קראַפט, דער דאָזיקער עטישער צאָרן.

די דערקלערונג איז אַזאַ פּשוטע: אויפן באָדן פון פאַרניכטעטן גבעה זײַ־נען אויסגעוואַקסן די ייִדישע נביאים.

נאָר אַ פאָלק, וואָס האָט אַזוי רעאַגירט אויף דער „פּלגש בגבעה״, האָט גע־קאָנט אַרויסגעבן פון זיך די נביאים.

די קריסטלעכע מענטשהייט וועט קיין נביאים נישט אַרויסברענגען, — די „פּלגש באייראָפּע״ לאָזט זיי קאַלט, וועקט נישט אין זיי קיין צאָרן.

*

נישט פון פּשוטער שינאה האָבן די שבטים פאַרניכטעט דעם שבט בנימין. דאָס זעט מען פון זייער רעאַקציע.

„און די מענער פון ישראל האָבן געהאַט געשוווּירן אין מצפּה, אַזוי צו זאָגן: קיינער פון אונדז זאָל נישט געבן זײַן טאָכטער צו בנימין פאַר אַ ווײַב! און דאָס פאָלק איז געקומען קיין בית־אל, און זיי זײַנען דאָרטן געזעסן ביזן אָוונט פאַר גאָט, און זיי האָבן אויפגעהויבן זייער קול און געוויינט אַ גרויס גע־וויין. און זיי האָבן געזאָגט: פאַרוואָס, יהוה דו גאָט פון ישראל, איז דאָס געשען אין ישראל, עס זאָל הײַנט געמינערט ווערן פון ישראל איין שבט?״

און עס קומט דער רירנדיקער עפּיזאָד מיט זוכן אַן אויסוועג, מיטן יום־טוב אין שילה, ווו די קליינע רעשטלעך פון שבט בנימין באַקומען אַ געלעגנהייט צו־צוגנבענען ווײַבער פאַר זיך, כדי צוריק אויפצושטעלן דעם פאַרשניטענעם שבט.

אָט אַזוי איז ריכטיק: ווען דער עטישער צאָרן איז געזעטיקט, ווען דאָס בייז איז שוין אויסגעראָטן, מעג — און דאַרף — קומען דער רחמנות.

ווען דער צאָרן פון די פעלקער וואָלט זיך אויסגעבושעוועט אין דײַטשלאַנד — שוין פאַר דער בלויזער אויפשריפט „נאָר פאַר זעלנער״, „נאָר פאַר אָפי־צירן״! — און דער רחמנות וואָלט זיך דערוועקט אויף די קליינע רעשטלעך, וואָלט איך פאַרשטאַנען: דער געטלעכער צאָרן איז געזעטיקט, קומט דער מענטש־לעכער רחמנות. אָבער דער איצטיקער רחמנות, וועלכער קומט פאַרן געטלעכן צאָרן (וואָס קומט בכלל נישט!), איז אויך נישט מענטשלעך. דאָס איז בלוטי־קע מיטשולד ביים פאַרניכטן די מאָראַלישע פּאָטענצן פון דער מענטשהייט.

די הענט, וואָס האָבן געקריצט אויפן צלם אלקים „נאָר פאַר זעלנער״, „נאָר פאַר אָפיצירן״, זײַנען נישט אָפּגעהאַקט געוואָרן.

אַנשטאָט אויסצומעקן דעם דאָזיקן גאָט־שענדערישן, מענטש־שענדערישן שטאַם, האָט מען אויסגעמעקט פון דער מענטשהייטס האַרץ דעם לעצטן שפּור פון מאָראַל, פון עטישן צאָרן.

די מענטשהייט איז מאָראַליש קאַסטרירט געוואָרן.

אַ מענטשהייט, וואָס קאָן רויִק פאַרטראָגן „נאָר פאַר זעלנער״, „נאָר פאַר אָפיצירן״ אויף פרויען־שטערנס, האָט נישט נאָר קיין רעכט נישט צו לעבן, נאָר זי האָט קיין מעגלעכקייט נישט צו לעבן.

די הענט, וואָס האָבן אָן ציטער געקריצט אויף פרויען־בריסט און פרויען־שטערנס די לעסטערנדיקסטע ווערטער, וועלן סוף־כל־סוף דערשטיקן דער מענטש־הייטס נשמהלאָזן גוף.

## ל״ב) קאַמף פאַר ייִדיש בלוט

דעם אָנדענק פון פנחס גאָלדהאַר ע״ה.

„האָט יצחק גערופן יעקבן, און האָט אים געבענטשט, און האָט אים באַפוילן, און האָט צו אים געזאָגט: זאָלסט נישט נעמען אַ ווייב פון די טעכטער פון כנען" (בראשית, כ״ח, 1).

יצחקן האָט זיך גוט איינגעשניטן אין זכרון די געשיכטע פון זיין חתונה.

יצחק איז ביים חתונה האָבן מיט רבקהן אַלט געווען פערציק יאָר און ס'איז דעריבער שווער פאָרצושטעלן זיך, ער זאָל נישט האָבן געוווסט וועגן זיין פאָטער אברהמס ווערטער צום קנעכט, דעם עלטסטן פון זיין הויז:

„...דו זאָלסט נישט נעמען אַ ווייב פאַר מיין זון פון די טעכטער פון דעם כנעני, וואָס איך זיץ צווישן אים. נייערט צו מיין לאַנד און צו מיין אָפּשטאַם זאָלסטו גיין, און נעמען אַ ווייב פאַר מיין זון פאַר יצחקן" (בראשית, כ״ד, 3־4).

ער האָט מיסתמא אויך געוווסט וועגן אברהמס באַשלוס, אַז זיין זון זאָל בעסער פאַרבלייבן אַן אַלטער בחור איידער ער זאָל פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון זיין ירושה. ווען דער קנעכט פרעגט אברהמען: „טאָמער וועט די פרוי נישט וועלן גיין נאָך מיר אין דעם היגן לאַנד, זאָל איך נישט אָנדערש אומקערן דיין זון צו דעם לאַנד, וואָס דו ביסט פון דאָרטן אַרויסגעגאַנגען?" (בראשית, כ״ד, 5), ווערט אברהם אַן אויפגעציטערטער: „היט זיך, זאָלסט נישט אומקערן מיין זון אַהין און אויב די פרוי וועט נישט וועלן גיין נאָך דיר, וועסטו זיין פריי פון דער דאָזיקער שבועה מיינער; אָבער זאָלסט נישט אומקערן מיין זון אַהין" (בראשית, כ״ד, 6־8).

יצחק, ווי געזאָגט, איז געווען צו יענער צייט אַ פערציקער (און פאַרזעסן איז ער טאַקע צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט געקראָגן קיין פרוי פון זיין שטאַם), און ער האָט זיכער געוווסט, וואָס עס באַטייט פאַר אַן עברי צו האָבן קינדס־קינדער', בפרט פאַר אברהמען, וואָס האָט געהאַט צו פאַרגעבן אַזאַ ירושה — אַ צוגעזאָגט לאַנד און אַן אייביק לעבן! און אויב זיין פאָטער אברהם איז גרייט געווען צו לאָזן אָפּשטאַרבן זיין שטאַם מיט יצחקן, אויב ער קאָן נישט באַקומען פאַר אים אַ פרוי פון אייגן בלוט, איז אים דאָך ביז גאָר קלאָר געווען ס'אַראַ גרויסע זאַך עס ליגט אין דעם: אַז מען איז גרייט אויף אַזאַ קרבן!

און נאָר דאַן גייען קינדער אין די פוסטריט פון די עלטערן (אויב דער וועג איז אַ שווערער), ווען די עלטערן זיינען גרייט צו צאָלן פאַר זייער וועג מיט די גרעסטע קרבנות.

און יצחק האָט געדענקט די לערע פון זיין פאָטער (הגם נאָר אויף דער העלפט, ווייל ער האָט יאָ אַרויסגעשיקט יעקבן, זיין זון, אין פרעמדן לאַנד נאָך אַן אייגנשטאַמיקער פרוי, און אַזוי אַרום געעפנט דעם וועג פאַר יעקבס לאַנגן־לאַנגן גלות), ווען ער האָט יעקבן געשיקט צו זיין פרויס ברודער לבן.

דער אַלאַרם־סיגנאַל קעגן געמישטע חתונות האָט געווירקט אין אוראַלטן אָנהייב פון אונדזער שטאַם און ער ווירקט נאָך אויך היינט, נישט געקוקט אויף אַלע סטאַטיסטיקעס וואָס דערציילן וועגן אַ הויכן פּראָצענט געמישטע חתונות.

דער דאָזיקער פאַקטאָר, וואָס האָט געווירקט ביי אברהמען, קאָן ווירקן אויך ביי אַ היינטיקן יידישן פאַרמער אין אויסטראַליע.

אַ יידישער פאַרמער וואָס איז פאַרוואָרפן צווישן אַ מערהייט קריסטן, פאַר־קויפט פלוצלינג זיין פאַרם. דעם יידן ציט אין שטאָט אַריין! — ווען זאָגן איי־גענע און פרעמדע, וועלכע קוקן פון דרויסן אויף זיין טאַט, אָבער עס קאָן זיך גאָר אַרויסשטעלן אַז ביים פאַרמער איז אונטערגעוואָקסן אַ מיידל און דער פאָ־טער קאָן נישט שלאָפן אין די נעכט — טאָמער פאַרליבט זיך זיין טאָכטער אין אַ קריסטלעכן בחור. און ער ציט אין שטאָט אַריין ווו דער שאַנס צו באַקומען אַ יידישן חתן איז אַ סך גרעסער.

די דערציילונג פון פּנחס גאָלדהאַר „אויף אַ פאַרם״ („דערציילונגען פון אויסטראַליע״) וואַרפט אַ שטראַל טראַגיש ליכט אויף דעם דאָזיקן פּראָבלעם פון אונדזערע אבות.

אַן איינגעעקשנטער יידישער בחור וויל שאַפן אַ יידישן לאַנדווירטשאַפט־לעכן יישוב, אָבער ער איז נאָך נישט פאַרטיק מיטן קאַמף מיט דער נאַטור, מיט די יידן און ער האָט שוין צו קעמפן אַן אַנדער קאַמף — קעגן זיין נייגונג צו אַן איריש מיידל.

„וואָס טוט זיך מיט מיר, צו אַלדי רוחות! אַ פּיאָנער בין איך, מ׳שטיינס געזאָגט יויל בויען אַ יידישן „סעטלמענט״, און שפּיל גאָר ליבעס מיט אַן איירי־שער שיקסע״!...

און ער איז גרייט אַפילו חתונה צו האָבן מיט דער נישט שיינער יידישער טאָכטער ראָזע זעלמאַן, ווייל:

„אַ פאַרם מוז ביי אים זיין אַן אמת־יידישע, מיט אַ יידיש הויזגעזינד, נישט אַנדערש, אַזיסט דאַרף ער דאָס גאַנצע עסק אויף כפּרות...״

אָבער ראָזע זעלמאַן פאָרט אַוועק אין שטאָט אַריין, און ער, „דער יידישער פּיאָנער״ וואָס האָט אויף זיך גענומען אַ גרויסע וויכטיקע מיסיע״, בלייבט קעמפן איינער אַליין מיט דער ווילדער אויסטראַלישער סטיכיע און מיט זיין בלוט, וואָס טרייבט אים צו דזשינען און בונטעוועט זיך קעגן דעם בונד מיט איר.

די דאָזיקע טעמע פאָדערט פון אַ היינטיקן קינסטלער אַ ברייטערע, מאָנו־מענטאַלערע ראַם, ווי גאָלדהאַר האָט איר געגעבן; זי פאָדערט מען זאָל ווייטער ציען די מאָנומענטאַלע ליניע פון הומש; אָבער דער סוף פון פיין־סקיצירטן טראַ־גישן קאָנפליקט האָט אין זיך טראַגישע גרויסקייט אין זיין וואָרטלאָזן לעצטן אַקאָרד.

ווען דער יידישער פאַרמער קערט זיך אום פון זעלמאַנס שטוב אַן איינזאַ־מער אין זיין קאַמף פאַר יידישקייט, גיט אים אין דער פינצטער אַ רוף דאָס איירישע מיידל:

„סעם... — האָט זי קוים אַ ריר געטאָן מיט די ליפּן, און אירע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אַ זאַפטיקער פייכטקייט, ווי פול־אָנגעגאָסענע טרויבן״.

זיי זיינען געשטאַנען האַרט איינער ביים צווייטן, און זייערע שאָטנס האָבן זיך געשוואַרצט אין דער טונקלקייט, ווי אויסגעגאָסן פון איין שטיק".

צי וועט סעמס קאַמף, וועלכן אברהם אבינו האָט אָנגעהויבן, פאַרזינקען אין חושך? צי וועט דזשין, דאָס אַיירישע מיידל, ענדגילטיק זיגן?

אַלץ, אַלץ, וואָס האָט געפּלאָגט אונדזערע אבות, פּלאָגט נאָך אויך אונדז: קאַמף פאַר פרייהייט, פאַר אַן אייגן לאַנד, פאַרן קיום פונעם אייגענעם בלוט...

## ל״ג) די גרויסע וויזיע

די גרויסע וויזיע פון יידישן פאָלק איז די וויזיע פון אַ כהנים־פאָלק (ממלכת כהנים), פון אַן עם קודש וואָס האָט נישט קיין הייליקע יחידים, נאָר איז אין גאַנצן הייליק.

די חסידישע וויזיע פון צדיק וואָס אין זכות פון זיין צידקות לעבט דער גאַנצער דור, איז אַ וויזיע פון אַ מיד יידנטום, וואָס האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער הייך, צו וועלכער עס איז דערפלויגן אין זיין יוגנט, אין זיין ערשטן אַרויספלי, אין תנ״ך.

אַז די וועלט לעבט אין זכות פון צדיקים, איז אַ תורה אַ דעקאַדענטישע. דאָס יידנטום וואָס האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט אָננעמען דאָס קריסטנ־טום, האָט נישט געקאָנט און קאָן נישט גלייבן אין דער תורה, אַז עמעצער קאָן מוציא זיין אַנדערע, — יעדער איינער מוז זיך אַליין אויסלייזן, מיט אייגענע מעשים, מיט אייגענעם הייליקן זיך.

דאָס יידנטום האָט געוווּסט, אַז איין הייליקער איז וויניק, — אַלע דאַרפן זיין הייליק.

דערמאָנט זיך נאָר די וווּנדערלעכע סצענע אין „במדבר״, י״א (24־29):

„איז משה אַרויסגעגאַנגען... און ער האָט איינגעזאַמלט זיבעציק מאַן פון די עלטסטע פון פאָלק, און זיי געשטעלט רונד אַרום געצעלט. און גאָט האָט אַראָפּגע־נידערט אין דעם וואָלקן און האָט גערעדט צו אים, און האָט גענומען פון דעם גייסט וואָס אויף אים, און געגעבן אויף די זיבעציק מאַן, די עלטסטע, און עס איז געווען, ווי דער גייסט האָט אויף זיי גערוט, אַזוי האָבן זיי נביאות געזאָגט...

„און צוויי מענער זיינען איבערגעבליבן אין לאַגער, דער נאָמען פון איינעם אלדד, און דער נאָמען פון צווייטן מידד; האָט אויף זיי אויך גערוט דער גייסט... און זיי האָבן נביאות געזאָגט אין לאַגער. איז געלאָפן דער יונג, און האָט דערציילט משהן, און געזאָגט: אלדד און מידד זאָגן נביאות אין לאַגער. האָט זיך אָפּגערופן יהושע דער זון פון נון, משהס באַדינער פון זיין יוגנט אָן, און האָט געזאָגט: מיין האַר משה, האַלט זיי צוריק. האָט משה צו אים געזאָגט: „נעמסטו זיך אָן פאַר מיר? הלוואַי זאָל דאָס גאַנצע פאָלק פון גאָט זיין נביאים, אַז גאָט זאָל געבן זיין גייסט אויף זיי!״

דער קליינער יהושע בן־נון האָט נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס עס קומט פאָר אין דער נשמה פון זיין גרויסן האַר! ער איז משהן געווען געטריי, אָבער וואָס אים פעלט האָט ער נישט געוווּסט און נישט געקאָנט פאַרשטיין.

בעת ער, דער קליינער יהושע בן־נון, האָט געציטערט פאַר זיין האַרס אוי־טאָריטעט, פאַר זיין האַרס בבֿיאישער קאַריערע, האָט משהן דערדריקט די גרעס־טע לאַסט אין דער וועלט, — די לאַסט פון איינזאַמקייט, די לאַסט פון זיין אַ ריז צווישן ליליפּוטן.

יאָרן־לאַנג האָט מיך געפּייניקט די פראַגע — נאָכן איבערלייענען „גולי־

ווערס רייזעס״, — וואָס עס איז שווערער: זיין אַ ליליפּוט צווישן ריזן אָדער אַ ריז צווישן ליליפּוטן?

ערשט ווען איך האָב ווי געהעריק באַגריפן משהס ווערטער צו גאָט אין זעלביקן במידבר, י״א (11־15), האָב איך געלייזט פאַר מיר די דאָזיקע פראַגע. ביי משהן פּלאַצט אַרויס אין די דאָזיקע פּסוקים זיין גריזשנדיקער יאוש: „פאַר וואָס האָב איך געפונען אומחן אין דיינע אויגן, אַרויפצולייגן אויף מיר דעם לאַסט פון דעם דאָזיקן גאַנצן פאָלק? האָב איך דען געטראָגן דאָס דאָזיקע גאַנצע פאָלק, צי איך האָב עס געבוירן, וואָס דו זאָגסט צו מיר: טראָג עס אין דיין בוזעם, אַזוי ווי אַ דערציִער טראָגט אַ זויגעדיקן?... איך אַליין קאָן נישט טראָגן דאָס דאָזיקע גאַנצע פאָלק, וואָרעם עס איז צו שווער פאַר מיר. און אויב דו טוסט אַזוי צו מיר, הרגען הרגע מיך, איך בעט דיך, אויב איך האָב געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, און לאָמיר נישט זען מיין אומגליק״.

האָט דען ווען אַ הערשער געוואָלדיקער אויסגעדריקט די לאַסט פון הערשאַפט, וואָס וויל נישט מיסברויכן מיט איר מאַכט, נאָר זי וויל בלויז דינען? יעדע הערשאַפט, וואָס מע פילט נישט אין איר משהס דאָזיקן יאָמער, איז נישט ווערט צו הערשן, איז פּסול, ווייל זי מיינט נישט לשמה.

און פּונקט דאָ ווען משהן דאַכט זיך, אַז די לאַסט זיינע — די גרויסע איינזאַמקייט פון זיין גרויסקייט, פון זיין איינזאַמער גרויסקייט — ווערט לייכטער, שפּרינגט אונטער דער גוט־מיינענדיקער, אָבער דער באַגרענעצטער משרתיונג און ער וויל משהן ראַטעווען פון קאָנקורענץ: משהס נבואה וועט אַראָפּגיין פון פּרייז, אויב אַ ליאַדע אלדד און מידד וועט אויך קאָנען נביאות זאָגן...

און ווען איך לייען משהס ענטפער צו זיין אייפערדיקן משרת, פיל איך ווי משה האַלט קוים איין זיין געלעכטער: „נעמסטו זיך אָן פאַר מיר?״

ער, משה, איז אָבער געוווען צו־גליקלעך נאָכן אויסברוך פון זיין יאוש און נאָכן שטראַל האָפענונג אויף פאַרלייכטערונג („גאָטס גייסט רוט שוין אויך אויף זיבעציק זקנים, וואָס וועלן אים העלפן טראָגן דאָס דאָזיקע פאָלק! און אָן אלדד און אַ מידד הייבן שוין אַ מאָל אויך אָן נביאות זאָגן!), ער זאָל אויסלאַכן זיין געטרייען, באַגרענעצטן קנעכט. ער האָט איבער יענעמס קאָפּ אַריבערגערעדט ווי צו זיך אַליין (ווי אַן אַנצוהערעניש צו גאָט!): „הלוואַי זאָל דאָס גאַנצע פאָלק פון גאָט זיין נביאים, אַז גאָט זאָל געבן זיין גייסט אויף זיי!״

ווי לייכט משהן איז געוואָרן אויפן האַרצן פון דער דאָזיקער וויזיע, וואָס איז עד־היום געבליבן ד י וויזיע פון יידנטום: גאָטס גאַנצע פאָלק, גאָטס גאַנצע מענטשהייט זאָל ווערן אַ נביא, וואָס גאָטס גייסט רוט אויף אים.

די כוהנים פון די אַמאָליקע און היינטיקע מצרימס האָבן געהיט און היטן זייערע סודות און האָבן געהאַלטן און האַלטן דאָס פאָלק אויף אַ דיסטאַנץ, כדי נישט צו פאַרלירן די מאַכט איבער אים, — די מאַכט פון וועלכער זיי שעפּן פערזענלעכן נוצן פאַר זיך; די מאַכט, מיט וועלכער זיי מיסברויכן.

אַ משה אָבער וויל אויסגיסן זיין גייסט אויף יעדן אלדד און אויף יעדן מידד, כדי זיך צו באַפרייען פון דער מאַכט, וואָס דריקט מיט אַזאַ לאַסט אויף יעדן הערשנדיקן דינער פון פאָלק.

גוט איז אַ משהן נאָר דאַן, ווען ער איז אײנער פון אַלע, אָבער נישט ווען ער איז אײנער פאַר אַלע.

און דערפאַר טאַקע איז „דער מאַן משה געווען אַ שטאַרקער עניו, מער פון אַלע מענטשן אויף דער ערד״.

זײַן גליִענדיקער פאַרלאַנג זיך אויסצוגלײַכן מיט אַלעמען, נישט אויסצוטיילן זיך פון לעצטן פון זײַן פאָלק, האָט אויסגעפורעמט זײַן גײַסטיקע געשטאַלט.

## ל״ד) די געבורט פון יחיד

דער „הפך בה והפך בה דכולי בה״, וואָס אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט וועגן דער תורה, איז אָפּט בוכשטעבלעך ריכטיק: אין אונדזער תורה איז אַלץ דאָ — אַלערליי קעגנזאַצן.

און עס איז נישט קיין ווונדער: איז דאָך די תורה געגעבן געוואָרן דעם יידישן פאָלק נישט פאַר אַ מאָל, — די תורה, נביאים און כתובים זיינען אַ קולטור־אָרגאַניזם, וואָס האָט זיך אָרגאַניש אַנטוויקלט אין משך פון אַ יאָר־טויזנט; און אויך נאָך דער חתימה האָט זיך דער תנ״ך נישט אויפגעהערט צו אַנטוויקלען אין דער פאָרעם פון אַ גייסטיקן איבערבוי — דעם תלמוד, די גאונים און אַזוי ווייטער און ווייטער, ביזן היינטיקן טאָג, ווען דעם אָרט פון די אַמאָ־ליקע תנאים, אמוראים און גאונים האָבן פאַרנומען די ר׳ נחמן קראָכמאַלס, די אחד־העמס און די פּרצס. איז נישט קיין ווונדער, ווי געזאָגט, ווען מע געפינט אין איין אָרט (אין „דברים״, ה׳, 9) בפירוש געשריבן, אַז גאָט רעכנט זיך „פאַר דער זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער, און מיטן דריטן און מיטן פערטן דור פון די וואָס האָבן מיך פיינט״; און אויף אַ צווייט אָרט („דברים״, כ״ד, 16) שטייט אויך בפירוש: „פאָטערס זאָלן נישט געטויט ווערן פאַר קינדער, און קינ־דער זאָלן נישט געטויט ווערן פאַר פאָטערס; יעטוועדער פאַר זיין זינד זאָל גע־טויט ווערן״.

געשריבן שטייט אַלץ, אָבער וויכטיק איז, סוף־כל־סוף, נישט דאָס וואָס עס שטייט געשריבן, נאָר דאָס געשריבענע, וואָס דרינגט אַריין אין בלוט און איז לעבעדיק אינעם לעבן פון מענטשן, אין לעבן פון דער געזעלשאַפט.

און אין לעבן פון יחיד, און אין לעבן פון פאָלק איז אַריין נישט דער הומאַ־ניטאַרער בפירושדיקער פסוק פון „לא יומתו אבות על בנים, ובנים לא יומתו על אבות״ („פאָטערס זאָלן נישט געטויט ווערן פאַר קינדער, און קינדער זאָלן נישט געטויט ווערן פאַר פאָטערס״), נאָר דער נוקם־ונוטרדיקער „וואָס רעכנט זיך פאַר דער זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער און מיטן דריטן און מיטן פערטן דור״.

אמציהו בן יואש מלך יהודה איז געווען אַ פיינער מענטש און ער האָט זיך גערעכנט — ווען ער האָט זיך נוקם געווען אין זיין פאָטערס מערדער — מיט דעם „און קינדער זאָלן נישט געטויט ווערן פאַר פאָ־טערס״; אָבער דאָס פאָלק האָט געגלייבט אין דער תוכחה, וואָס האָט גע־דראָעט פאַר נישט פאָלגן גאָט, מיט רעפּרעסיעס קעגן די קינדער: „זין און טעכ־טער וועסטו געבוירן, און דו וועסט זיי נישט האָבן, ווייל זיי וועלן אַוועקגעפירט ווערן אין געפאַנגענשאַפט״ („דברים״ כ״ח, 41). און דאָס פאָלק האָט געדענקט דעם פסוק אין „ויקרא״ (בחוקותי): „און איר וועט אונטערגיין צווישן די פעל־קער, און דאָס לאַנד פון אייערע פיינד וועט אייך אויפעסן. און די געבליבענע פון אייך וועלן איינגיין פאַר זייערע זינד אין די לענדער פון אייערע פיינד; און אויך פאַר די זינד פון זייערע עלטערן וועלן זיי איינגיין אַזוי ווי יענע״.

דער „און קינדער זאָלן נישט געטויט ווערן פאַר פאָטערס" אַזאַ״ו איז געבליבן אין חומש; אָבער דער פּסוק וועגן גאָט, וואָס רעכנט זיך „פאַר דער זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער" האָט באַהערשט דאָס גאַנצע פאָלק, איז אַריין אין זיין בלוט און אין זיין כוח־הדימיון (אפשר דערפאַר, ווייל דער נוקם־ונוטרדיקער פּסוק איז געקומען פריִער און ער האָט זיך אַזוי איינגעוואָרצלט, אַז דעם מיל־דערן פּסוק פון שפּעטער איז שווער געווען צו שלאָגן וואָרצלען אויף אַ פּאַרנור־מענעם באָדן...).

די פולע עטישע רעוואָלוציע קעגן דאָזיקן אומעטישן נוקם־ונוטרדיקן פּסוק געפינען מיר ביי יחזקאל הנביא.

דאָס פאָלק האָט געזען, אַז דער שרעקלעכער פּסוק איז מקויים געוואָרן, און אַ יאוש, אַ געפערלעכע רעזיגנאַציע־שטימונג האָט אַרומגעכאַפּט דאָס פאָלק, סיי די פאַרטריבענע קיין בבל, סיי די פאַרבליבענע, נאָכן חורבן, אין יהודה: „פאַרלוירן איז אונדזער האָפענונג; פאַרשניטן זיינען מיר". אויב דער פּסוק איז מקויים געוואָרן לגבי די פאָטערס, וועט ער זיכער מקויים ווערן אויך לגבי די קינדער.

דער צוזאָג צו רעכענען זיך פאַר די פאָטערס זינד מיט די קינדער, אַ האַר־בער צוזאָג, וואָס האָט באַדאַרפט אָפּשרעקן פון זינד און במילא פירן צום לעבן, האָט גענומען דראָען מיט טויט, דורך אונטערגראָבן די האָפענונג אין לעבן. און גאָט — דורך זיין נביא יחזקאל — גייט אַרויס אין קאַמף קעגן זיין אייגענעם געזעץ, ווען ער דערזעט די געפערלעכע פאָרעם פונעם בונט, וואָס איז אויס־געבראָכן אין פאַרצווייפלטן פאָלק.

און דער בונט, די עטישע רעוואָלוציע קעגן דעם האָפענונג־צורויבנדיקן גע־זעץ, האָט טאַקע אָנגענומען די געפערלעכסטע פאָרעם פאַר אַן עטישער רעוואָ־לוציע — די פאָרעם פון אַ בייסיקן סאַרקאַזם: „די פאָטערס האָבן געגעסן זויערע וויינטרויבן, און די ציין פון די קינדער זיינען אַיליק?!"

ווען דאָס פאָלק כאַפּט זיך צום געוועער פון טויטלעכן סאַרקאַזם, איז דער אויס־ברוך פון דער רעוואָלוציע רייף, און מע דאַרף שאַפן פאַר איר אַ ווענטיל. און יחזקאל גייט אַרויס אין ליידנשאַפטלעכן קאַמף קעגן דעם געפערלעך־געוואָרענעם כלל פון „זיך רעכענען פאַר דער זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער"; ווייל אויב דער חורבן איז געקומען צוליב די זינד פון די עלטערן (צוליב זייער עסן זויערע וויינטרויבן, לויטן נביאס בילדלעכן אויסדרוק), איז דאָך נישטאָ קיין האָפענונג פאַר די קינדער, איבער וועלכע עס הענגט ווי אַ פאַטום די זינד פון פאָטערס, און זייערע, די קינדערס, ציין מוזן ווערן אַיליק!

גאָט איז אויסער זיך, ממש גערייצט פון דאָזיקן סאַרקאַסטיש־פאַרניכטנ־דיקן פאַרגלייך.

„און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן (יחזקאל, י״ח, 1־3): וואָס איז מיט אייך, וואָס איר זאָגט דאָס דאָזיקע ווערטל אין לאַנד פון ישראל, אַזוי צו זאָגן:

„די פאָטערס האָבן געגעסן זויערע וויינטרויבן,
„און די ציין פון די קינדער זיינען אַיליק?"

„אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר, אויב מען וועט מער ביי אייך זאָגן דאָס דאָזיקע ווערטל אין ישראל!"

און יחזקאל גייט אַרויס קעגן אָט דער פאַטאַליסטישער פּאַניק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס פאָלק, אין אַ גראַנדיעזן קאַמף, לויטן באַפעל פון גאָט, ווען ער האָט דערזען, אַז ער קען נאָך חלילה, בלייבן אָן זיין אויסדערוויילטן פאָלק.

און יחזקאלס אַטאַק קעגן דעם „פּקד עוון אבות על בנים", אינעם אימפּע־טיקן קאַפּיטל י״ח, איז אַ פאַרניכטנדיקער, ווי פאַרניכטנדיק עס איז דעם פאָלקס יאושדיקער סאַרקאַזם קעגן זעלביקן פּסוק: „דער נפש וואָס זינדיקט, ער זאָל שטאַרבן. און אַז אַ מאַן איז אַ צדיק, און ער טוט רעכט און גערעכטיקייט... וועט ער לעבן, זאָגט גאָט דער האַר.

„אָבער אַז ער האָט געבוירן אַ זון אַ רויבער, אַ בלוט־פאַרגיסער... זאָל ער בלייבן לעבן? ער וועט נישט לעבן; אַלע... אומווערדיקייטן האָט ער געטאָן, מוז ער געטויט ווערן, זיין בלוט זאָל זיין אויף אים.

„און אָט האָט ער געבוירן אַ זון וואָס האָט צוגעזען אַלע זינד פון זיין פאָ־טער, וואָס ער האָט געטאָן, און ער האָט איינגעזען, און ער טוט נישט אַזוינס, — — ער וועט נישט שטאַרבן פאַר די זינד פון זיין פאָטער; לעבן וועט ער לעבן. זיין פאָטער, ווייל דריקן האָט ער געדריקט, גזלה פון ברודער האָט ער געגזלט, און וואָס נישט גוט האָט ער געטאָן צווישן זיין פאָלק, איז אָט איז ער געשטאָרבן פאַר זיין זינד... דער נפש וואָס זינדיקט, ער זאָל שטאַרבן; אַ זון זאָל נישט ליידן פאַר דער זינד פון דעם פאָטער, און אַ פאָטער זאָל נישט ליידן פאַר דער זינד פון דעם זון; די גערעכטיקייט פון דעם גערעכטן זאָל זיין אויף אים, און די שלעכטיקייט פון דעם שלעכטן זאָל זיין אויף אים".

גאָט, וואָס איז געווען אַזוי לאַקאָניש ביים רעכענען זיך „פ אַ ר ד י ז י נ ד פ ו ן ד י פ אָ ט ע ר ס מ י ט ד י ק י נ ד ע ר", איז דאָ געוואָרן שטאַרק באַריידעוודיק. עס איז ווייזט אויס נישט לייכט געווען צו מאַכן פאַרגעסן דעם פאַטאַלן פּסוק, וואָס האָט גענומען ווירקן ווי סם. ער פּרוווט אַפילו, פון גרויס פאַרלעגנהייט, צו צעטומלען די בונטאַרן קעגן זיין „פ קד ע ו ן א ב ו ת ע ל ב נ י ם" און אין מיטן פלייץ פון זיין באַריידעוודיקייט, גיט ער אַ פרעג: א ו ן א י ר ז אָ ג ט: פ אַ ר ו ו אָ ס ל יי ד ט נ י ש ט ד ע ר ז ו ן פ אַ ר ד י ז י נ ד פ ו ן ד ע ם פ אָ ט ע ר?"

קיינער האָט דאָס גאָרנישט געפרעגט; פאַרקערט, אַלע האָבן גענומען פרעגן: פ אַ ר ו ו אָ ס ז אָ ל ד ע ר ז ו ן י אָ ל יי ד ן פאַר די זינד פון דעם פאָטער?

מע האָט זיך געבונטעוועט קעגן דעם, מע האָט דאָס געטראָגן, רעזיגנירט, ווי אַן אומפאַרמיידלעכע אומגערעכטע גזירה, — אָבער זיך נאָכפרעגן אויף איר? קיינעם איז דאָס נישט איינגעפאַלן...

אָט די עטישע רעוואָלוציע, דורכגעפירט דורך יחזקאלן, איז איינע פון די בולטסטע מאָראַל־איבערקערענישן אין תנ״ך. מע זעט דאָ כמעט אָפן, ווי דער באַוווסטזיין קומט אין צוזאַמענשטויס מיט אַ פּונקט פון גלויבן, און ער קאָן נישט שלום מאַכן מיט אים, ער פילט זיך דערנידעריקט צו דאַרפן גלייבן דעריין. און דער פרייער נביאישער גייסט, דער גייסט פון עמוס, ישעיה און ירמיה, וואָס האָט נאָך געפונען אַ יורש אין יחזקאלן, האָט אָפּגעוואָרפן די שטערונג, וואָס

האָט דעם באַוווּסטזיין נישט געלאָזט האַרמאָניש צוזאַמענגיסן זיך מיט דער אמונה, און אַ גאַנץ פֿאָלק, יעדער יחיד אין אים, איז געוואָרן גייסטיק בר־מיצווה, זעלבשטענדיק, מיט פּערזענלעכער אחריות און פּערזענלעכע פּריווילעגיעס. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז קיינער איז נישט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די זינד פֿון די עלטערן און נישט פֿאַר די אייגענע זינד, אויב ער ווערט אַ חוזר בתשובה.

„דו מענטשנקינד, — זאָגט גאָט לײַדנשאַפֿטלעך צו יחזקאלן, — זאָג צו די קינדער פֿון דײַן פֿאָלק: די גערעכטיקייט פֿון דעם גערעכטן וועט אים נישט מציל זײַן אין טאָג פֿון זײַן פֿאַרברעך, און די שלעכטיקייט פֿון דעם שלעכטן, דורך איר וועט ער נישט געשטרויכלט ווערן אין דעם טאָג וואָס ער קערט זיך אום פֿון זײַן שלעכטיקייט; און דער וואָס איז אַ גערעכטער, קאָן דערפֿאַר נישט בלײַבן לעבן אין דעם טאָג וואָס ער זינדיקט". און אין דאָזיקן טאָן און זין — אַן אומ־אויפֿהערלעכער שטראָם פֿון איבערחזרונגען, כּדי צו איבערצײַגן, כּדי אַרויסצו־רײַסן די געפֿערלעכע פֿאַרשטעכעניש פֿון פֿאַטאַליזם, וואָס מאַכט אַפּאַטיש, לײַמט דעם ווילן צום לעבן, ווײַל ער נעמט צו די האָפֿענונג אויפֿן לעבן.

נישט אומזיסט האָט קיין שום נביא נישט גענוצט אַזוי אָפֿט די „איך"־פֿאָר־מען, ווי יחזקאל. איז ער דאָך געווען דער נביא, וואָס האָט געהאָלפֿן געבוירן ווערן — פֿון קאָלעקטיוו אַרויס — די רײַף־געוואָרענע ייִדישע פּערזענלעכקייט...

## ל"ה) די שטים פון פאָלק

דאָס געפיל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט איז ביי ייִדן שטאַרק אַנטוויקלט.

די תורה האַלט אין איין פאָדערן סאָציאַלע גערעכטיקייט פאַרן אָרעמאַן, פאַרן גר, פאַרן יתום, פאַר דער אַלמנה, — מיט איין וואָרט, פאַר אַלע שוואַכע, וואָס נייטיקן זיך אין דעם; אַפילו פאַר לעבעדיקע באַשעפענישן, נישט קיין מענטשן.

„זאָלסט נישט פאַרבינדן אַן אָקס דאָס מויל ווען ער דרעשט (דברים, כ"ד, 4) איז אַ געבאָט וואָס שמעקט מיט סאָציאַלער גערעכטיקייט (נישט מיט סתם רחמנות!): דער אָקס דרעשט תבואה, איז זאָל ער נישט טאָרן געניסן פון די פרוכט פון זיין אַרבעט (און געאַקערט האָט ער דאָך אויך, מיסתמא)! דאָ ווירקט דאָס זעלבע געפיל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, ווי ביים געבאָט: „זאָלסט נישט לאָזן איבערנעכטיקן דעם לוין פון אַ געדונגענעם ביי דיר ביז אין דער פריִ" (ויקרא, י"ט, צו).

צי דאָס שטאַרקע געפיל פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט פון ייִדישן פאָלק האָט אַרויסגעבראַכט די סאָציאַלע געזעצגעבונג פון דער תורה, צי די סאָציאַלע געזעצגעבונג פון דער תורה האָט אויסגעשאַרפט דאָס סאָציאַלע געפיל פאַר גע־רעכטיקייט ביים ייִדישן פאָלק, איז אַ פראַגע וואָס וועט בלייבן נישט אויפגע־קלערט, פונקט ווי די פראַגע: וואָס איז געווען פריִער — דאָס איי צי די הון?

דערפאַר אָבער איז קלאָרער אַ צווייטע זאַך: די שפּירבאַרע סאָציאַלע גע־זעצגעבונג פון דער תורה איז אַ פּ ש ר אַ באַווייז פאַרן שפירבאַרן סאָציאַלן חוש פון ייִדישן פאָלק, אָבער זי איז ז י כ ע ר אַ באַווייז פאַר דעם, אַז אָרע־מעלייט, גרים, יתומים און אלמנות האָבן נישט געלעקט קיין האָניק אַפילו ביים ייִדישן פאָלק. די סאָציאַלע שפּירבאַרקייט פון ייִדישן פאָלק האָט געהאַט פון וואָס אַקטיוו צו ווערן.

דער ייִד פון אַ גאַנץ יאָר איז געווען אַ מענטש ווי אַלע מענטשן, און די סאָציאַלע געזעצגעבונג פון דער תורה איז ווייט נישט ביי יעדן פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ צווייטער נאַטור; און אָט די סאָציאַלע שפּאַנונג אין ייִדישן פאָלק — די שפּאַנונג צווישן זיין סאָציאַלער נשמה יתירה און זיין סאָציאַלן גוף, האָט אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגעבראַכט די דערשיינונג פון די נביאים.

ס'אַראַ ים נביאישן צאָרן מיר באַגעגענען אין תנ"ך קעגן דער אונטערדרי־קונג פון אָרעמעלייט! אָבער אַ מערקווירדיקע זאַך: דער תנ"ך, וואָס פאַרמאָגט אַזוי פיל סאָציאַל־מאָראַלישן אויפברויז, פאַרמאָגט נישט כמעט קיין סאָציאַלע בונטן פון פאָלק גופא.

די נביאים דונערן קעגן דער עוולה וואָס געשעט די אָרעמע, אָבער די אָרע־מע גופא זעט מען כמעט נישט אין רעוואָלט קעגן דער סאָציאַלער אונטער־דריקונג.

די רייכע קרחס זעט מען זיך בונטעווען אַ מאָל אין תנ"ך; אָבער נישט די אָרעמע אלמנות און יתומים וואָס אלישע העלפט זיי אַרויס פון נויט.

בלויז איין מאָל, אין נחמיה, קאַפּ' ה', זעט מען דאָס פאָלק כמעט ווי אין

אַ דירעקטן בונט קעגן דער סאָציאַלער עוולה וואָס מע באַגייט לגבי אים. מע פילט דאָרט שאַרף די אַטמאָספער פון סאָציאַלער פאַרצווייפלונג אין פאָלק נישט דורך די ווערטער פון נביאים, נאָר דורך די ווערטער פון די באַעוולטע גופא. נישט די נביאים פאָדערן דאָרט פאַרן פאָלק זיינע רעכט, נאָר דאָס פאָלק גופא פאָדערט דאָרט זיינע רעכט מיט נביאישע ווערטער.

ווען נישט דאָס קאַפּיטל ה׳ פון „נחמיה״ וואָלטן מיר געווען געוווסט וועגן די סאָציאַלע ליידן פון די ייִדישע מאַסן, דורך די העגט פון זייערע אייגענע ברי־דער, בלויז פון די גרויליקע בילדער וואָס די נביאים מאָלן פאַר אונדז:

„הערט דאָס דאָזיקע וואָרט,
„וואָס אויפן באַרג שומרון,
„די וואָס באַרויבן די אָרעמע,
„וואָס דריקן די אביונים,
„וואָס זאָגן צו זייערע האַרן:
„ ,ברענג, מיר זאָלן טרינקען׳ ״. (עמוס, ד׳, ו׳)

אָבער דאָס קאַפּיטל ה׳ פון „נחמיה״ ווייזט אונדז דאָס פאָלק גופא אין זיין פאַרצווייפלונג, אין זיין רעוואָלט, אין זיין געפיל פון דערנידעריקטן שטאָלץ און אין זיין געפיל פון באַרויבטן נאַטירלעכן אָדער ריכטיקער נאָך (פאַר ז יי ע ר וועלט־געפיל): געטלעכן רעכט.

אַ קליין קאַפּיטעלע, אָבער ווי מעכטיק אין דער ווירקונג! אין עכטן, בעסטן קורץ־תנ״כיקן סטיל.

„און עס איז געווען אַ גרויס געשריי פון דעם פאָלק און זייערע ווייבער אויף זייערע ייִדישע ברידער. און עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט: מיר מיט אונדזערע זין און אונדזערע טעכטער זיינען פיל; טאָ לאָמיר נעמען תבואה, כדי מיר זאָלן עסן און לעבן. און געווען אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט: אונדזערע פעלדער און אונדזערע וויינגערטנער און אונדזערע הייזער פאַרזעצן מיר; לאָמיר קריגן תבואה, — פון וועגן דעם הונגער. און געווען אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט: מיר האָבן געליִען געלט פאַר דעם מלכס אָפּצאָל אויף אונדזערע פעלדער און אונדזערע וויינגערטנער. און אַצינד, אונדזער פלייש איז דאָך אַזוי ווי דאָס פלייש פון אונדזערע ברידער, אונדזערע קינדער אַזוי ווי זייערע קינ־דער׳, און אָט מוזן מיר באַצווינגען אונדזערע זין און אונדזערע טעכטער פאַר קנעכט, און טייל פון אונדזערע טעכטער זיינען שוין באַצוווּנגען, און אונדזער האַנט איז אָן כוח, און אונדזערע פעלדער און אונדזערע וויינגערטנער געהערן צו אַנדערע״.

אַ צווייטשטימיקער כאָר פון פאַרצווייפלונג און בונט, פון רעזיגנאַציע און טראַציקייט.

און שטימען רופן זיך איבער נישט נאָר אין קאַפּיטל ה׳ פון „נחמיה״ גופא, — זיי רופן זיך איבער אויף אַ סך אַ ווייטערן שטח, אויף אַ סך אַ ווייטערער פלאַך. מלאכי׳ס וווּנדערבאַרע דיכטערישע ווערטער, דער קווינטעסענץ פון נבי־אישן וועלטגעפיל: „איז דען נישט איין פאָטער ביי אונדז אַלעמען? האָט אונדז נישט איין גאָט באַשאַפן? פאַר וואָס־זשע זאָלן מיר פעלשן איינער אָן אַנדערן?״ (מלאכי, ב׳, 10) באַקומען אויף זייער בענקשאַפט־וואָרקעריי פון אַ גייסטיקער

הויך אַן אַנגסט־ און צאָרן־אָפּרוף פון דער סאַמע נידער: „אונדזער פלייש איז דאָך אַזוי ווי דאָס פלייש פון אונדזערע ברידער, אונדזערע קינדער אַזוי ווי זייע־רע קינדער, און אָט מוזן מיר באַצווינגען אונדזערע זין און אונדזערע טעכטער פאַר קנעכט..."

קלינגט דאָס דען נישט ווי אַ געטרייע איבערזעצונג פון מלאָכי, פון דער שפּראַך פון גייסטיקער בענקשאַפט אויף דער שפּראַך פון ליידנדיקן בשר־ודם?

אין תנ״ך הערן מיר אָפט ווי דעם אָרעמאַנס סאָציאַלע ליידן באַקומען אַן אויסדרוק ביים נביא, ביי וועמען דער גייסט קאָרטשעט זיך פון מיטגעפיל צום געפייניקטן און פון שינאהדיקער פאַראַכטונג צום פייניקער; אין קאַפּיטל ה׳ פון „נחמיה״ הערן מיר דעם דירעקטן צאָרן־ און פּראָטעסט־געשריי פון געפייניקטן פאָלק גופא, וואָס מלאכי׳ס פאַרבענקטע ווערטער וועגן דעם איינעם פאָטער פון אַלע מענטשן האָבן אויפגעוועקט אין אים דאָס באַוווסטזיין, אַז זייערע קינדער, וועלכע זיי מוזן פאַרקויפן פאַר קנעכט, זיינען דאָס זעלבע פלייש און בלוט, ווי די זין פון זייערע ברידער, צו וועמען די זין פון זייערע ברידער, צו וועמען די זין און טעכטער זייערע פאַרקויפן זיך פאַר קנעכט און שקלאַפינס.

נישט אומזיסט האָט לוטער מורא געהאַט פאַרן אַלטן טעסטאַמענט: ער קאָן זיין ווי בוימל אויפן פייער.

בפרט אין אַ צייט פון רעוואָלוציאָנערן שטורעם...

## ל״ו) קול קורא במידבר...

דער מאָטיוו פון „קול־קורא במידבר״ (קאָן דאָס געשען אַפילו אין דער רוי־שיקסטער שטאָט, אין טומלדיקסטן מאַרק) איז אַן אָפטער מאָטיוו ביי די נביאים.

„ואנכי דברתי אליכם השכם ודבר ולא שמעתם אלי״ („און איך האָב גע־רעדט צו אייך, נאָך אַנאַנד און נאָך אַנאַנד גערעדט, און איר האָט נישט צוגעהערט צו מיר״).

אַ סך נביאישע צאָרן־אויסברוכן האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אָט דעם מאָטיוו; אָבער ביי יחזקאלן האָט ער אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער טאָן — אַ טאָן פון עלע־גישער רעזיגנאַציע:

„און זיי קומען צו דיר... און זיי זיצן פאַר דיר, ווי מכלומרשט מיין פאָלק, און זיי הערן צו דיינע ווערטער, אָבער זיי טוען זיי נישט... ביסט ביי זיי ווי אַ ליבע־לידל פון איינעם וואָס האָט אַ שיין קול, און שפּילט גוט; און זיי הערן צו דיינע ווערטער, אָבער זיי טוען זיי נישט״ (יחזקאל, ל״ג, 31־32).

דאָס רעדט גאָט צו יחזקאלן, אָבער דאָס רעדט אויך יחזקאל צו זיך. — דערויף איז ער דאָך אַ נביא, אַז די שטים פון גאָט זאָל צונויפפאַלן מיט זיינער.

דער נביא יחזקאל קלאָגט זיך אויף דעם, וואָס דאָס פאָלק ישראל, צו ווע־מען ער רעדט, נעמט אים נישט ערנסט, — זיי געניסן זיינע רייד עסטעטיש, ווי אַ שיין ליבע־ליד...

און נישט איין מאָל, מיסתמא, האָט יחזקאל געטראַכט וועגן אויפהערן ריידן, — צו וואָס זיין אומזיסטע מי? צו וואָס פאַרוואַנדלען גאָטס וואָרט אין פאַר־ווייַלונג?

אָבער דאָס פליכט־געפיל צווינגט אים צו ריידן, ווי דאָס באַווייזט דער אָנ־הייב פון זעלביקן קאַפּיטל ל״ג:

„און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר...: אַז איך ברענג אַ שווערד אויף אַ לאַנד, און דאָס פאָלק פון לאַנד נעמט אַ מאַן פון צווישן זיך, און זיי מאַכן אים פאַר זייער וועכטער, און ער זעט די שווערד קומען אויפן לאַנד, און ער בלאָזט אין שופר, און וואָרנט דאָס פאָלק, און דער הערער הערט דאָס קול פון שופר, און ער לאָזט זיך נישט וואָרענען, און די שווערד קומט, און נעמט אים צו, וועט זיין בלוט זיין אויף זיין קאָפּ... אָבער אַז דער וועכטער זעט דעם שווערד קומען, און ער בלאָזט נישט אין שופר, און דאָס פאָלק ווערט נישט גע־וואָרנט, און די שווערד קומט, און נעמט צו פון זיי אַ נפש, איז ער צוגענומען געוואָרן פאַר זיינע זינד, אָבער זיין בלוט וועל איך מאָנען פון דעם וועכטערס האַנט.

„און דו מענטשנקינד, אַ וועכטער האָב איך דיך געמאַכט פאַר דעם הויז פון ישראל, אַז ווען דו וועסט הערן פון מיין מויל אַ וואָרט, זאָלסטו זיי וואָרענען פון מיר. אַז איך זאָג צו דעם שלעכטן: דו שלעכטער, שטאַרבן מוזסטו שטאַרבן; און דו האָסט נישט גערעדט צו וואָרענען דעם שלעכטן פון זיין וועג, וועט ער,

דער שלעכטער, שטאַרבן פֿאַר זיינע זינד, און זיין בלוט וועל איך פון דיין האַנט מאָנען...״

ווי שרעקלעך עס איז צו וואָרענען אַ נאָענטן מיט בלוטיקע ווערטער וועגן אַ טויט־געפֿאַר, וויסנדיק און פילנדיק, אַז מע הערט זיך צו צו זיינע רייד ווי צו אַ שיין לידל, וואָס מע דאַרף עס אָבער נישט נעמען ערנסט...

ווי אָפּט ווערט דאָס וואָרעמע, דאָס הייס־גליִענדיקע וואָרט דערשטיקט אין דער קעל, אין שרעק פֿאַר דער קאַלטער לופט פונעם אַרום; אָבער דאָס פליכט־געפיל פון אַ וועכטער ווערט אַן אכזר און טרייבט אָן ווייטער צו ריידן, הגם די נשמה פונעם געהערטן אָבער נישט דערהערטן וועכטער קאָרטשעט זיך אין פיין; ער איז פאַר זיי אַ פאַרווײלער, וואָס די שאָלעכץ פון זיין וואָרט נעמען זיי אויף, און דעם קערן זיינעם וואַרפן זיי אַוועק...

דאָס איז דער גורל פון כמעט יעדן נביא, פון כמעט יעדן שטראָפער...

און אַפילו די איינציקע טרייסט פון אַזאַ נביא און שטראָפער איז אויך קיין טרייסט נישט: צי קען אַ יחזקאל באמת זיך טרייסטן מיטן געדאַנק און מיט דער זיכערקייט: „אָבער ווען עס קומט — זע, עס קומט — וועלן זיי וויסן אַז אַ נביא איז געווען צווישן זיי״.

זיי וועלן וויסן, אָבער עס וועט דאַך שוין זיין צו שפּעט... צו שפּעט!

עס איז שרעקלעך צו וויסן, אַז מען איז גערעכט, ווען קיינער הערט נישט דאַן, ווען עס איז נאָך צייט צו הערן די וואָרענונג; און עס איז נאָך שרעקלע־כער, ווען אַלע וויסן, — דאַן ווען עס איז שוין צו שפּעט, — אַז די וואָרענונג איז געווען אַ ריכטיקע...

דער עכטער נביא און שטראָפער קען קיין מאָל נישט געניסן פון זיין גע־רעכט זיין. ווייל עס גייט אים דאַך נישט אינעם געפיל פון פערזענלעכן ניצחון, — דעם שטראָפער גייט אין דער רעטונג פון די געשטראָפטע.

נישט אַ יחזקאל קאָן זיך קוויקן דערמיט, וואָס די געשטראָפטע באַוווּנדערן זיין „שיין קול״, זיין „גוט שפּילן״, וואָס זיי הערן זיך צו צו אים ווי צו אַ שיין „ליבע־לידל״...

אָט דאָס באַוווּנדערן זייערס ברעכט זיין האַרץ...

דאָס וואָס איז גענוג פאַר בלויז אַ דיכטערל, איז נישט גענוג פאַר אַ דיכ־טער־נביא.

## ל״ז) די עטישע רעוואָלוציע

אין תנ״ך האָט מע נישט נאָר געפּריידיקט יושר און גערעכטיקייט; אין תנ״ך האָט מע נישט נאָר געשטראָפט פאַר נישט אָפּהיטן די געזעצן פון יושר און גערעכטיקייט, — אין תנ״ך האָט מען אויך געמאַכט פּרווון איינצופירן אין לעבן יושר און גערעכטיקייט דורך רעפאָרמען אָדער דורך אַן עטישער רעוואָלוציע, ד״ה, אַ רעוואָלוציע נישט מיט געוואַלד, דורך אַראָפּזעצן די אומגערעכטע הער־שערס, נאָר דורך אויפרודערן זייער געוויסן, דורך פאַרשעמען זיי.

וועגן צוויי עטישע פרידלעכע רעוואָלוציעס, וואָס זיינען באַשטאַנען נישט אין רעליגיעזע רעפאָרמען (אין צעשטערן די געצנדינערישע בימות און ענל׳), נאָר אין סאָציאַלע, לוינט צו דערמאָנען אין היינטיקער צייט, ווען די וועלט ניי־טיקט זיך אַזוי אין אַן עטישער רעוואָלוציע, ווי אין לופט צו אָטעמען.

*

אינעם זעלביקן קאַפּיטל ה׳ פון ספר „נחמיה״, ווו מיר זעען דעם בונט פון באַעוולהטן פאָלק, זעען מיר אויך אַ דערפאָלגרייכן פּרווו פון אַ סאָציאַלער רע־וואָלוציע אונטערן דרוק פון אויפגעוועקטן געוויסן.

דערשיטערט פון דעם פאָלקס געשריי: „אונדזער פלייש איז דאָך אַזוי ווי דאָס פלייש פון אונדזערע קינדער (ווי טיף עס פאַרכאַפּןביים האַרצן די דאָזיקע אומשטערבלעכע ווערטער, די ריינסטע און הייליקסטע, די מענטשלעכסטע און געטלעכסטע — י. ר.), אונדזערע קינדער אַזוי ווי זייערע קינדער, און אָט מוזן מיר באַצווינגען אונדזערע זין און אונדזערע טעכטער פאַר קנעכט״, האָט נחמיהן, אָט דעם אַדלמאַן אין טאָפּלטן זינען (אין קאָנווענציאָנעלן, ווי אין מענטשלעכן), „זייער פאַרדראָסן״. האָט ער „זיך געקריגט מיט די אַדללייט (בלויז אין קאָנווענ־ציאָנעלן זין) און מיט די פאַרשטייערס״ און צו זיי געזאָגט:

„אויף וואָכער לייט איר איטלעכער זיין ברודער?״ און ער האָט אַנטקעגן זיי געמאַכט „אַ גרויסע איינזאַמלונג״. און ער האָט פאַר זיי געהאַלטן די פאָלגנ־דיקע רעדע:

„מיר האָבן אויסגעקויפט אונדזערע יידישע ברידער וואָס זיינען פאַרקויפט געוואָרן צו גוים, ווי ווייט מיר האָבן געקאָנט, און איר ווילט נאָך פאַרקויפן אייע־רע ברידער, און זיי זאָלן זיך פאַרקויפן צו אונדז?... נישט גוט איז די זאַך וואָס איר טוט: דאַרפט איר נישט גיין אין מורא פאַר אונדזער גאָט, אויס חרפּה פאַר די גוים אונדזערע פיינד? איך אויך, מיינע ברידער און מיינע יונגען, האָבן זיי געליען געלט און תבואה. לאָמיר, איך בעט אייך, אָפּלאָזן דעם דאָזיקן חוב. גיט זיי אָפּ, איך בעט אייך, היינט זייערע פעלדער, זייערע וויינגערטנער, זייערע איילבירט־גערטנער, און זייערע הייזער, און די הונדערטער זילבערשטיק, און די תבואה, דעם ווייַן, און דאָס אייל, וואָס איר מאָנט פון זיי״.

און די אַדללייט? „זיי (האָבן) געשוויגן און נישט געפונען קיין ווערטער״ (ווען דאָס געוויסן נעמט ריידן, ווערט שטום דאָס מויל) און ענדלעך האָבן זיי

געזאָגט: „מיר וועלן אָפּגעבן און מיר וועלן פון זיי נישט פאַרלאַנגען; מיר וועלן אַזוי טאָן ווי דו זאָגסט".

„און נחמיה האָט אויסגעטרייסלט זיין שויס" און געזאָגט: „אַזוי זאָל גאָט אויסטרייסלען יעטוועדער מאַן וואָס וועט נישט מקיים זיין דעם דאָזיקן צוזאָג, פון זיין הויז, און פון זיין מי, און אַזוי זאָל ער זיין אויסגעטרייסלט און ליידיק".

און דער קורצער באַריכט פון דער גרויסער עטישער רעוואָלוציע פאַרענדיקט זיך אַזוי לאַקאָניש און פשוט:

„און די גאַנצע איינזאַמלונג האָט געזאָגט: אָמן! און זיי האָבן געלויבט גאָט. און דאָס פאָלק האָט געטאָן אַזוי ווי דער דאָזיקער צוזאָג".

זיי האָבן געלויבט גאָט, וואָס ער האָט זיי געגעבן די מאָראַלישע קראַפט גובר צו זיין דעם געפערלעכסטן שונא פון יעדן מענטשן — דעם קעשענע־עגאָיזם; זיי האָבן געלויבט גאָט, ווייל אַ באמת גוטע טאַט עפנט אויף אין מענטשנס האַרץ אַ קוואַל פון התלהבות, פון יובל, און ווען דער מענטש יובלט אין זיין מענטשלעכקייט, איז דאָס אַ לויב צו גאָט, וואָס האָט אים באַשאַפן מיט דער פעיקייט אַריבערצושטייגן זיך גופא, דעם חומר אין זיך, און צו געניסן אַ מאָראַלישע טאַט.

*

און וועגן אַ פּרווו פון אַ צווייטער עטישער רעוואָלוציע דערציילט ירמיה, אין קאַפּיטל ל"ד, פסוק 8 און ווייטער.

אויב אין נחמיה ווערט דערציילט בלויז וועגן דעם אָנהייב פון דער געלונגענער עטישער רעוואָלוציע (ווען דאָס פאָלק לויבט גאָט פאַר זייער ווידערגעבורט ווי מ ע נ ט ש ן), דערציילט ירמיה אויך איר טרויעריקן סוף, — (יעדע רעוואָלוציע האָט איר טרויעריקן סוף, — יעדנפאַלס האָבן אַלע ביז־איצטיקע רעוואָלוציעס ד אָ ס געהאַט, צי זיי זיינען געווען געוואַלד־רעוואָלוציעס, צי פרידלעך־עטישע).

אין דער צייט פון צדקיהו מלך יהודה, בעת דער באַלאַגערונג פון ירושלים דורך נבוכדנצר מלך בבל, האָט צדקיהו געשלאָסן אַ בונד מיטן פאָלק אין ירושלים, אַז אַלע וועלן פריילאָזן זייערע יידישע קנעכט און דינסטן.

אָבער מיט צדקיהון און זיינע האַרן איז געשען דאָס זעלביקע ווי מיט פּרעהן, — זיי האָבן באַשלאָסן פרייצולאָזן די קנעכט בעת דער באַלאַגערונג, אָבער תיכף ווי די באַלאַגערונג איז אַראָפּגענומען געוואָרן, האָבן זיי חרטה געהאַט, און די פרייגעלאָזענע צוריק פאַרשקלאַפט.

זייער געוויסן האָט זיך געהאַט אויפגעכאַפּט, אָבער ס'געוויסן איז צוריק אַוועקגעפאַלן אין הינערפלעט, — ווי דאָס טרעפט אָפט מיטן געוויסן.

און ירמיה רייסט זיך אָפּ ווי אַ שטורעם קעגן די האַרן און דעם גאַנצן פאָלק; ער פליט אָן ווי אַ הוראַגאַן מיט גאָטס וואָרט:

„...איר האָט היינט תשובה געטאָן, און האָט געטאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין מיינע אויגן, אויסצורופן אַ פריילאָזונג איטלעכער צו זיין חבר" (אין הסכם מיט גאָטס געבאָט, אַז „צום סוף פון זיבן יאָר זאָלט איר אַרויסלאָזן איטלעכער זיין יידישן ברודער, וואָס האָט זיך פאַרקויפט צו דיר, און האָט דיר געדינט זעקס יאָר". — י. ר.), „אָבער איר האָט חרטה געקריגן, און איר האָט פאַר־

שוועכט מיין נאָמען, און האָט צוריקגענומען איטלעכער זיין קנעכט, און איט־לעכער זיין דינסט, וואָס איר האָט אַרויסגעלאָזן פריי... דערום האָט גאָט אַזוי געזאָגט: „...אָט רוף איך... אויס אַ פריילאָזונג... פאַר דער שווערד, פאַר דער פּעסט, און פאַר דעם הונגער, און איך וועל אייך מאַכן פאַר אַ שוידער ביי אַלע קיניגרייכן פון דער ערד...״

די אַלע, וועלכע מאַכן נאָך דעם מלך צדקיהו און זיינע האַרן, דורך אָננע־מען טשאַרטערס און שליסן בונדן פון מענטשלעכקייט, וואָס זיי פירן זיי נישט אויס און צעטרעטן זיי מיט די פיס, וואָלטן געמעגט יעדע נאַכט, פאַרן שלאָף (דער געוויסן איז וואַכער אין דער שטילקייט פון דער נאַכט), איבערלייענען ירמיהס שטורעמדיקע ווערטער. אפשר וועלן זיי דערהערן, אין דער שטילקייט פון די נעכט, ווי דער שטורעם פון קאַפּיטל ל״ד דערנענטערט זיך אויך צו זיי פאַר אויסרופן כסדר פרייהייט פאַרן ברודער־קנעכט און פאַרן פאַרשקלאַפן אים כסדר ווידער און ווידער...

פאַר וואָס מיינען זיי עפּעס, אַז דאָס וואָס עס איז געשען מיט צדקיהון, וועט זיי מיידן?

„און צדקיהו דעם מלך פון יהודה און זיינע האַרן וועל איך געבן אין דער האַנט פון זייערע פיינד, און אין דער האַנט פון די, וואָס זוכן זייער לעבן, און אין דער האַנט פון דעם חייל פון דעם מלך פון בבל, וואָס האָט אָפּגעצויגן פון אייך. זע, איך באַפעל, זאָגט גאָט, און וועל זיי אומקערן צו דער דאָזיקער שטאָט, און זיי וועלן מילחמה האַלטן אויף איר, און וועלן זי באַצווינגען, און וועלן זי פאַרברענען אין פייער, און די שטעט פון יהודה וועל איך מאַכן אַ וויסטעניש אָן אַ באַוווינער״.

# ל״ח) דער הומאַניטאַרער פּאַטאָס אין תורת־משה

ווען יידן ווילן אויסדריקן זייער שטאָלץ מיט זייער תורת־משה, גיבן זיי אַ העגג אַרויס, ווי אַ שילד, דעם „לא תרצח״.

איך געפין אָבער אַ סך מער הומאַניטאַרן פּאַטאָס אין די שטילערע און באַשיידענערע געבאָטן פון תורת־משה:

„זאָלסט נישט אַרויסלאָזן אַ פאַלשן קלאַנג; זאָלסט נישט מאַכן יד־אחת מיט דעם רשע צו זיין אַן עדות אויף אומרעכט; זאָלסט נישט נאָכגיין נאָך אַ רבים צום בייזן; און אין אַ קריג זאָלסטו נישט עדות זאָגן כדי זיך צו נייגן נאָך אַ רבים צו פאַרדרייען, און אַן אָרעמאַן זאָלסטו נישט שאַנעווען אין זיין קריג״; „און אַ פרעמדן זאָלסטו נישט דריקן, וואָרעם איר ווייסט דאָס געמיט פון דעם פרעמדן, ווייל פרעמדע זייט איר געווען אין לאַנד מצרים״.

עס איז לייכטער פאַרן מענטשן זיך אָפּצוהאַלטן פון דירעקטן מאָרד, ווי פון אומדירעקטן דורך „אַרויסלאָזן אַ פאַלשן קלאַנג״, אָדער דורך „מאַכן איין האַנט מיט דעם רשע צו זיין אַן עדות אויף אומרעכט״.

אויף איין דירעקטן מאָרד, וואָלט מען געוועז געקאָנט אָנציילן טויזנט אומדירעקטע מאָרדן אין יעדער געזעלשאַפט (ווען עס וואָלט מעגלעך געווען צו מאַכן אַזאַ סטאַטיסטיק).

אַ מערדער — אין מאָמענט פון עמאָציאָנעלן אויפברויז — קאָן שפּעטער ווערן אַן אָנשטענדיקער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט: אַ מענטש וואָס לאָזט קאַלטבלוטיק אַרויס פאַלשע קלאַנגען (כדי צו טויטן מאָראַליש זיין מיטמענטשן), וועט קיין מאָל קיין אַנשטענדיקער מענטש נישט ווערן — ער איז פאַרדאָרבן אין וואָרצל.

עס איז פאַר מיר קיין ברעקל ספק נישטאָ, אַז דעם עכטן הומאַניטאַרן פּאַטאָס פון תורת־משה דאַרף מען זוכן נישט אינעם דונערדיקן „לא תרצח!״, נאָר אין די שטילע, פּסיכאָלאָגיש־טיפע געבאָטן און פאַרבאָטן, וואָס האָבן באַצוועקט און באַצוועקן אויסצורייסן דעם וואָרצל פון מענטשנס שלעכטיקייט — די קליינלעכע און אָפט־אומבאַמערקטע רשעות, וואָס פאַרגיסט נישט אָפן קיין בלוט, אָבער וואָס טריפט אַריין כסדר, אומאויפהערלעך אינעם טאָגטעגלעכן לעבן פון דער געזעלשאַפט אַ צעפרעסנדיקן גיפט. דער „זאָלסט נישט אַרויסלאָזן אַ פאַלשן קלאַנג״ כאַפּט אָן טיפער דעם וואָרצל פון שלעכטס, ווי דער „לא תרצח!״.

וויפל מאָל איך זאָל נישט לייענען אָט די שטילע, באַשיידענע געבאָטן און פאַרבאָטן וועגן „קליינינקע״ זאַכן, ווערט מיר ענג אין דער ברוסט און עס פאַרכאַפּט מיר דעם אָטעם פונעם הומאַניטאַרן פּאַטאָס וואָס איך דערשפּיר אין זיי.

אָט אין דעם באַמערקן די קליינקייטן, ליגט די גרויסקייט פון תורת־משה. איר דערציִערישער ווערט.

דאָס באַווייזט, אַז תורת־משה איז נישט קיין סטאַלין־קאָנסטיטוציע אָדער אַפילו אַ יו־ען־טשאַרטער, וואָס פּראָקלאַמירן אידעאַל־אַבסטראַקטע געזעצן, וואָס זיי בלייבן אויף דרויסן פון לעבן; תורת־משה וויל ערנסט מאָדעלירן אַ האַרטן מאַ־

טעריאַל, און ער דלובעט אין אים מיט געדולד צו ביסלעך, צו האַרעלעך. משה האָט געוווּסט, אַז עס איז לייכט אַרויסצודונערן אַ „לא תרצח!״, אַז עס איז אַפילו לייכט אָפּצושרעקן פון מאָרד דורך גרויסע שטראָפן, — אָבער עס איז שווער צו ענדערן די מענטשלעכע טבע, וואָס טריפט סם דורך פאַלשע קלאַנגען, דורך פאַלש עדות זאָגן, דורך דריקן — אין טאָגטעגלעכע קליינינקייטן — אַ פּרעמדן, ד״ה אַ שוואַכן, און מע מוז דורך אַ כסדרדיקן קאַמף מיט די־אַ קליינינקייטן בהדרגה אויסאיידלען דעם גראָבן מענטשן־חומר.

און די גרויסקייט פון ייִדנטום באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס זיין לערע און זיין פּראַקטיק — פון תורת־משה איבער די נביאים, ביז די לעצטע מוסר־ספרים און דעם חסידישן פאָלקלאָר — איז אַ כסדרדיקער, לאַנגזאַמער ראַנגלען זיך מיט די גרויסע מענטשהייט־שונאים, וואָס ליגן אין מענטשנס קליינלעכע שוואַכקייטן און חסרונות.

די גרויסקייט פון ייִדנטום באַשטייט אין דעם, וואָס עס האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט אַ שיינעם, גרויסן זאָג, און עס האָט זיך געהיט, אַז דער שיינער, גרויסער זאָג זאָל נישט בלייבן סתם־ווערטער.

אויב ביי ייִדן איז דער פּראָצענט רציחה אַ סך קלענער ווי ביי אַנדערע פעלקער, איז דאָס נישט אַ דאַנק דעם שיינעם, גרויסן זאָג פון „לא תרצח״, נאָר דערפאַר, ווייל דורך קליינינקע געבאָטן און פאַרבאָטן האָט מען ביים ייִדן איינגעוואָרצלט אַן עקל צו בלוט, אַ מורא פאַר בלוט, אַ מיסטישן דרך־ארץ פאַר בלוט.

דאָס זעלבע איז מיט רחמנות, מיט צדקה, מיט צניעות, מיט אַכטונג פאַר דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, ווער דאָס זאָל נישט זיין. — נישט די עשרת הדיברות האָבן דאָס באַוויזן, נאָר די קליינלעכע טאָגטעגלעכע אַרבעט איינצופלאַנצן זיי (און אויסצוואָרצלען זייערע קעגנזאַצן) דורך קליינינקע, שטילע געבאָטן און פאַרבאָטן, וואָס אָטעמען מיט אַזוי פיל שטילן הומאַניטאַרן פּאַטאָס פאַר די, וועלכע האָבן אַן אויער אים אַרויסצוהערן, — ד״ה פאַר די, וועלכע פאַרשטייען די נשמה פון ייִדנטום, זיין מענטש־דערציִערישע גרויסקייט.

אָט דעם הומאַניטאַרן פּאַטאָס געפינט מען אַפילו אין די האַרבע געזעצן פון תורת־משה. גראָד אין זיי זעט מען בפירוש אַז דער הומאַניטאַריזם אין תורת־משה איז נישט געווען סתם „לנוי״, צוליב מליצה־שיינקייט, — עס איז געגאַנגען אין פּראַקטישער דערציִונג! מע האָט זיך גערעכנט מיט דער פּראַקטישער מעגלעכקייט אויסצוואָרצלען די קלעפּיקע שלעכטע אייגנשאַפטן (אין קליינינקייטן!) פון דער מענטשלעכער טבע.

אויב תורת־משה (און שפּעטער די גאַנצע תורת היהדות) האָט זיך באַמיט אויסצוואָרצלען אַזאַ טיף־איינגעוואָרצלטע געוווינהייט אין מענטשן, ווי זנות, האָט מע דען געקאָנט גלייכצייטיק אָנהייבן מיט דער לערע, אַז אַ ממזר אַ תלמיד־חכם איז חשובער פאַר אַ כהן־גדול אַן עם־הארץ? מע האָט פריִער געמוזט איינוואָרצלען אַן עקל־געפיל צו אַ ממזר, עס זאָל ווערן אַ וואָרט, וואָס קאָן גאָר ווי געהעריק (מיט אַלע זיינע געפיל־ניואַנסן!) נישט איבערגעזעצט ווערן אויף קיין שום אַנדער שפּראַך.

געוויס איז דער משה־געזעץ וועגן ממזרים אַ שווערער, אַ האַרטער, אַפילו אַן אכזריותדיקער (און די חכמים אונדזערע האָבן טאַקע שפּעטער רעבעלירט

קעגן אים): „אַ ממזר זאָל נישט קומען אין דער עדה פון גאָט, צומאָל דער צענ־טער דור פון אים זאָל נישט קומען אין דער עדה פון גאָט“.

אָבער צי דען וואָלט די טהרת המישפחה ביי יידן געוועז אָנגענומען אַזאַ געהויבענע פאָרעם, ווען נישט אָט די קאָנקרעטע דערציערישע אַרבעט (אָפט מיט שטרענגע מיטלען) פון תורת־משה, וואָס האָט זיך באַמיט צו נייטראַליזירן די אינסטינקטן פון אויסגעלאַסנקייט דורך איינפלאַנצן סיסטעמאַטיש אינעם מענטשן אַ נייעם אינסטינקט פון עקל צו אויסגעלאַסנקייט?

צי וואָלט דען די יידישע טהרת המישפחה (וואָס ברעקלט זיך און צעפאַלט ממש אין אונדזער צייט, ווי אַ דורכגעלעכערטע דאַמבע, עפּענענדיק אַ פרייען וועג פאַר די לאַנג געצוימטע ווילדע אינסטינקטן) געוועזן דערגרייכט איר הויכע מדרגה, ווען תורת־משה (און דאָס שפּעטערדיקע יידנטום) וואָלט זיך געוועזן באַ־נוגנט מיטן אַבסטראַקטן „לא תנאף!“? און מיטן אַבסטראַקטן „לא תחמד אשת רעך“?

נאָכן אַבסטראַקטן געבאָט (ווי אַ טעזיס־נאָטיץ פאַרן געזעצגעבער!), איז געקומען אַ פּראַקטישער קורס פון דערציונג, אַ בוי־אַרבעט פון אויפשטעלן מאַכ־טיקע דאַמבעס, וואָס זאָלן קאָנעןביישטיין די מאַכטיקע, רייסנדיקע שטראָמען פון די חיהשע אינסטינקטן.

און די פונדאַמענטן פון די דאָזיקע דאַמבעס זיינען געלייגט געוואָרן אין תורת־משה מיט טיפער פּסיכאָלאָגישער דורכדרינגלעכקייט, מיט סאָציאַלער קלאָר־זעעוודיקייט.

און ווער עס זעט די דאָזיקע פונדאַמענטן (און וואָס עס איז אויף זיי אויס־געבויט געוואָרן) פילט ווי ס׳ווערט אים ענג אין ברוסט סיי פונעם דערפילן דעם הומאַניטאַרן פּאַטאָס וואָס ליגט אין זיי, סיי פונעם שרעק־געפיל, ס׳אָראַ גרויס, הייליק ווערק עס הייבט זיך אָן צו קרישלען, אָנשטאָט ווייטער געשאַפן צו ווערן...

## ל״ט) אַן באַוואָרענישן

אין קאַפּיטל ג׳ פון „דניאל" געפינט מען אַ געשפּענסטהאַפּטיקע סצענע, ווי אַזוי דניאלס פריינד ווערן געוואָרפן אין און גערעטעוועט פון קאַלכ־אויוון.

ווען זיי ווילן זיך נישט בוקן צו דער גאָלדענער געשטאַלט, וואָס מלך נבוכדנצר האָט אויפגעשטעלט אין טאָל דורא, ווערן זיי אַריינגעוואָרפן „אין אַן אויוון מיט ברענענדיקן פייער".

„נבוכדנצר... האָט באַפוילן אָנצוהייצן דעם אויוון זיבן מאָל אַזוי פיל ווי מע דאַרף אים אָנהייצן. און עטלעכע שטאַרקע גיבורים... האָט ער באַפוילן צו בינדן שדרכן, מישכן און עבר־נגון, און אַריינצוואַרפן אין דעם אויוון מיטן ברע־נענדיקן פייער...

„דענסטמאָל האָט דער מלך נבוכדנצר זיך דערשראָקן, און ער איז אויפגע־שטאַנען אויף גיך, און ער האָט זיך אָפּגערופן צו זיינע מיניסטאָרן...: האָבן מיר נישט דריי מענער אַריינגעוואָרפן געבונדענערהייט אין פייער? האָבן זיי געענט־פערט און געזאָגט צום מלך: געוויס, מלך. האָט ער זיך אָפּגערופן און געזאָגט: אָט זע איך פיר מענער לויזע אַרומגיין אין מיטן פייער, און קיין שעדיקונג איז אויף זיי נישטאָ; און דער אָנבליק פון דעם פערטן איז געגליכן צו אַ זון פון די געטער".

„דענסטמאָל האָט נבוכדנצר גענענט צו דער טיר פון דעם אויוון... און גע־זאָגט: שדרך, מישך און עבר־נגו, קנעכט פון העכסטן גאָט, גייט אַרויס און קומט אַהער. און די סאַטראַפּן, די הערשער, און די פירשטן, און די מיניסטאָרן פון דעם מלך, האָבן... באַקוקט די דאָזיקע מענער, וואָס דער פייער האָט נישט געהאַט קיין שליטה אויף זייערע לייבער, און די האָר פון זייערע קעפּ זיינען נישט אָנגעברענט געוואָרן, און זייערע הויזן האָבן זיך נישט פאַרענדערט, און קיין ריח פון פייער איז נישט אַריבער אויף זיי. האָט אויסגערופן נבוכדנצר און האָט געזאָגט: געלויבט איז דער גאָט פון שדרכן, מישכן און עבד־נגון, וואָס ער האָט געשיקט זיין מלאך, און האָט מציל געווען זיינע קנעכט וואָס האָבן זיך פאַרלאָזט אויף אים, און האָבן געטאָן אַנדערש ווי דעם מלכס וואָרט, און אָפּגעגעבן זייערע לייבער, כדי זיי זאָלן נישט דינען און זיך נישט בוקן צו קיין גאָט אַ חוץ צו זייער גאָט".

זייער אַן איינדרוקפולע באַשרייבונג, פול מיט פאַרב און טראַגישער שפּאַ־נונג (נישט ווייניקער ווי די באַשרייבונג פון דניאלס רעטונג פונעם לייבנגרוב). און רעאַליסטיש איז זי! דער שרייבער פאַרגעסט נישט צו דערציילן וועגן דער אומבאַרירטקייט פון די הויזן אַפילו, וועגן דעם פעלן פון ריח פון אָפּגעסמאַליעט ווערן.

אָט די איינדרוקפולע געשיכטע וואָס ווערט דערציילט (ווי אַ סך טיילן פון די כתובים אחרונים און פון ספר יחזקאל) שוין נישט אין בליצאַרטיקן קלאַסישן תנ״ך־סטיל, נאָר גיכער אין אַ סטיל פון אַ מאָדערנעם דערציילער (און דער סטיל

איז אַ מאָל שלעכט: „שטאַרקע גיבורים"), איז אָבער בלויז רעאַליסטיש אין איר פֿאַנטאַסטישקייט פֿון אויבן־אויף; קוקט מען אין איר אַריין טיפֿער, איז זי פֿאַנטאַסטיש אין איר רעאַלקייט.

נעמט מען אָן, אַז שדרך, מישך און עבד־נגו זיינען רעאַלע פּערזאָנען, קאָן מע בלויז באַוווּנדערן די קינסטלערישע רעאַליסטישקייט פֿון דער פֿאַנטאַסטי־שער מעשׂהלע, — גלייבן אין איר איז שווער; עס וואָלט שוין לייכטער געווען צו גלייבן אין דער רעטונג פֿון אַ קאַלכאויוון אַרויס ווען די מעשׂה וואָלט געווען דערציילט געוואָרן פֿאַרבלאָז, אָן קינסטלעריש־רעאַליסטישע דעטאַלן...

נעמען מיר אָבער אויף שדרכן, מישכן און עבד־נגון ווי סימבאָל־געשטאַלטן פֿון יידישן פֿאָלק, פֿאַרוואַנדלט זיך תּיכף דאָס מעשׂהלע פֿון רעאַליסטישער פֿאַנ־טאַסטיק אין פֿאַנטאַסטישער רעאַלקייט.

וואָלטן דען „די סאַטראַפּן, די הערשער, און די פּירשטן, און די מיניסטאָרן" פֿון די היינטיקע פֿעלקער נישט געווען באַדאַרפֿט באַקוקן די שארית הפּליטה פֿון יידישן פֿאָלק (און איז דען נישט דאָס גאַנצע יידישע פֿאָלק די שארית הפּליטה?) און באַוווּנדערן וואָס זי איז אַרויס לעבעדיק פֿון די קאַלכאויוונס פֿון דער געשיכטע?

אויב די געשיכטע מיטן קאַלכאויוון אין „דניאל" איז סימבאָליש (און אַנ־דערש קאָנען מיר זי דאָך נישט אויפֿנעמען), איז זי דאָך געשיכטלעך־רעאַל ביז די לעצטע פּרטים.

און ווי רעאַליסטיש־טיף עס איז דער ענטפֿער פֿון שדרכן, מישכן און עבד־נגון, ווען נבוכדנצר הייסט זיי אויסוויילן: אָדער בוקן זיך צום גאָלדענעם געץ, אָדער — אין קאַלכאויוון אַריין!

אָט איז דער שטאָלץ־באַשיידענער און פּסיכאָלאָגיש־טיפֿער ענטפֿער:

„אויב אונדזער גאָט צו וועמען מיר דינען, קאָן אונדז מציל זיין, וועט ער פֿון דעם אויוון מיט ברענענדיקן פֿייער, און פֿון דיין האַנט, מלך, מציל זיין. און אַפֿילו אַז נישט, זיי וויסן, מלך, אַז צו דיין גאָט וועלן מיר נישט דינען, און צו דער גאָלדענער געשטאַלט וואָס דו האָסט אויפֿגעשטעלט, וועלן מיר זיך נישט בוקן" („דניאל", ג', 27־28).

אויב דאָס יידישע פֿאָלק איז געראַטעוועט געוואָרן פֿון אַזוי פֿיל קאַלכ־אויוונס, איז דאָס געשען בלויז דערפֿאַר, ווייל עס איז געגאַנגען אין קאַלכאויוונס פֿאַר זיין גאָט נישט בלויז מיטן תּנאי געראַטעוועט צו ווערן; עס איז אין זיי גע־גאַנגען אָן באַוואָרענישן און נישט על תּנאי.

וואָלט דאָס יידישע פֿאָלק זיך געווען געלאָזט וואַרפֿן אין די קאַלכאויוונס מיט דער זיכערקייט אַז עס וועט געראַטעוועט ווערן דורך אַ מלאך, וואָלט עס שוין לאַנג געווען פֿאַרלוירן זיין גלויבן און עס וואָלט שוין לאַנג פֿאַרלוירן זיין לעבן אין איינעם פֿון די קאַלכאויוונס, ווי נאָר דער דערוואַרטער מלאך וואָלט נישט דערשינען.

ווען מע גייט אין אַ קאַלכאויוון נאָר על תּנאי, איז אָדער מע קומט שוין נישט אַרויס פֿון אים אַ לעבעדיקער, אָדער מ'בלייבט שטיין אויף זיין שוועל און מע גיט זיך אונטער, ווען דער פֿלאַם צעשמעלצט דעם נישט תּמיד פֿעלדזנ־פֿעסטן ביטחון אין אַ וווּנדערלעכער רעטונג, אין דער דערפֿילונג פֿונעם „על־תּנאי".

דער סוד פונעם ניצול ווערן פון אַ קאַלכאויוון באַשטייט אין דעם, צו גיין אין אים פאַר אַן עפּעס, אַפילו אויף אומצוקומען, אָן שום „על־תנאי׳ס״, ווייל אַזאַ טריישאַפט איז שטאַרקער, אין לעצטן סך־הכל, פאַרן גרעסטן פייער.

דער וואָס וואַרט אויף אַ באַלדיקן נס פאַר זיך פּערזענלעך, קאָן קיין פייער־נסיון נישט בײַשטײן; נאָר דער וואָס גייט פאַר אַ גלויבן אין פייער אַריין, נישט זוכנדיק קיין גאַראַנטיע פון אַ באַלדיקן פּערזענלעכן נס — נאָר דער קאָן אַרויס־גיין גאַנץ פון קאַלכאויוון.

און אויב ער גופא גייט אַפילו נישט אַרויס פון קאַלכאויוון גאַנץ, גייט אָבער אַרויס גאַנץ פון קאַלכאויוון זיין גלויבן און אויך די, וועלכע טראָגן ווייטער זיין גלויבן.

און „די סאַטראַפּן, די הערשער, און די פירשטן, און די מיניסטאָרן״ שטייען און באַוווּנדערן אויב נישט שדרכן, מישכן און עבד־נגון גופא — איז שדרכס, מישכס און עבד־נגוס אייניקלעך, די יורשים און טרעגערס פון זייער גאָט, וואָס זיי זיינען אַנטשלאָסן געווען צו בלייבן אים טריי פון אייגענעם פרייען ווילן, אויב אַפילו ער וועט זיי פּערזענלעך פאַרראַטן אין די פלאַמען פון אַ קאָנקרעטן קאַלכאויוון.

## מ) טאַקע מיט גאָטס הילף

„גאָט העלפט דעם ווער עס העלפט זיך אַליין", האַלט מען פאַר אַ זייער קלוג ווערטל; אָבער דאָס ווערטל „גאָט העלפט דעם, ווער עס גלייבט אין אים", פאַרמאָגט אין זיך אַ סך מער חכמה.

מען קאָן אַפילו זאָגן, אַז ווי אַ באַלוינונג פאַרן גלייבן אין אים, באַצאָלט גאָט מיט זיין הילף.

אומעטום ווו דער תנ"ך רעדט וועגן מילחמות (און עס רעדט זיך דאָרט וועגן זיי זייער אָפט), רעדט זיך אויך וועגן דעם, אַז „יהוה האַלט מילחמה פאַר זיי"; אַז גאָט האָט איבערגעענטפערט די שונאים אין די ייִדישע הענט; אַז דער גלויבן אין יהוה וועט פירן צו ניצחון און דאָס פעלשן אין אים — צו מפלה.

און איך גלייב באמונה שלימה, אַז גאָט האָט באמת געהאָלפן די אַמאָליקע ייִדן צו געווינען זייערע מילחמות.

ווען מע לייענט אין קאַפּיטל ד' פון „נחמיה", ווי אַזוי די ייִדן האָבן באַזיגט די אַראַבער, און די עמונים, און די אשדודים, וועלכע האָבן נישט פאַרגונען די ייִדן דעם אָפּבוי פון ירושלים, און האָבן געפירט מילחמה קעגן די אָפּבויערס פון ירושלים, — ווען מע לייענט דעם דאָזיקן עפּאָס פון ירושלימס אָפּבוי דורך די עולי־בבל, קאָן מען, דאַכט זיך, אויף אַן אמת זאָגן: „גאָט העלפט דעם, ווער עס העלפט זיך אַליין".

„און עס איז געווען, — זאָגט דער עפּאָסדיקער קאַפּיטל ד', — ווי סנבלט, און טוביה, און די אַראַבער, און די עמונים, און די אשדודים, האָבן געהערט אַז די מויערן פון ירושלים ווערן פאַרריכט, אַז די בראָכן האָבן אָנגעהויבן פאַרשטאָפּט צו ווערן, האָט זיי זייער געברענט. און זיי האָבן געמאַכט אַ בונט אַלע אינאיינעם, צו קומען מילחמה האַלטן אויף ירושלים..."

איז וואָס טוען די ייִדן?

„האָבן מיר מתפלל געווען צו אונדזער גאָט, און מיר האָבן געשטעלט אַ וואַך אַקעגן זיי בייטאָג און ביינאַכט, זיך צו שיצן פאַר זיי".

נאָכן בעטן הילף ביי גאָט, האָבן זיי זיך צוגעגרייט אַליין צו באַשיצן. און געשיצט האָבן זיי זיך!

„און... פון יענעם טאָג אָן האָבן אַ העלפט פון מיינע יונגען געטאָן די אַרבעט און אַ העלפט פון זיי האָבן געהאַלטן די שפּיזן, די שילדן און די בויגנס, און די פּאַנצערס... און די לאַסט־טרעגער לאָדנדיק האָבן מיט איין האַנט זייערע געטאָן די אַרבעט, און איינע האָט געהאַלטן דאָס וואָפן. און די בויער זיינען געווען אָנגעגורט מיט זייערע שווערדן אויף זייערע לענדן, און אַזוי האָבן זיי געבויט. און איך האָב געזאָגט... צו דעם פאָלק: די אַרבעט איז גרויס און אויסגעברייט, און מיר זיינען אָפּגעזונדערט אויף דער מויער, ווייט איינער פון אַנדערן. איז, אין דעם אָרט וואָס איר וועט הערן דעם קול פון שופר, אַהין זאָלט איר זיך איינזאַמלען צו אונדז... און נישט איך, אָדער מיינע ברידער און מיינע יונגען און די

וואַכלייט וואָס הינטער מיר, קיינער האָבן מיר נישט אויסגעטאָן אונדזערע קליי־דער; אַפילו צום וואַסער איז איטלעכער געגאַנגען מיט זיין וואָפן״.

איז דען מעגלעך מער צו טאָן פאַרן אייגענעם שונא? און דאָך איז ריכטיק נחמיהס פאַרזיכערונג צום פאָלק, אַז „גאָט וועט מילחמה האַלטן פאַר אונדז״.

ריכטיק, נחמיה האָט גוט אָרגאַניזירט דאָס פאָלק, און עס גוט באַוואָפנט; אָבער וואָס קאָן העלפן וואָפן, ווען דאָס פאָלק זאָגט: „דער כוח פון די לאַסט־טרעגער איז אָפּגעשוואַכט, און ערד אָפּצורוימען איז דאָ אַ סך, און מיר קאָנען נישט בויען די מויער?״

אויב ס'איז נישטאָ קיין כוח און קיין מוט צו בויען, טאָ ווו־זשע זאָל מע נעמען כוח און מוט אי צו בויען, אי צו קעמפן מיטן שונא?!

און נחמיה פאַרלאָזט זיך טאַקע נישט נישט אויף זיין וואָפן, נישט אויף זיין אָרגאַניזיר־פעיִקייט, — ער וועקט אין פאָלק, ווי אַ מיטל צום זיג, דעם גלויבן און די זיכערקייט, אַז גאָט וועט מילחמה האַלטן פאַר זיי.

נאָכן אויסשטעלן דאָס פאָלק אין שלאַכט־גרייטקייט, גיט ער זיי דעם זי־כערסטן וואָפן, דורך זאָגן צום פאָלק: „איר זאָלט נישט מורא האָבן פאַר זיי; דערמאָנט אייך אָן גאָט, דעם גרויסן און דעם פאָרכטיקן, און האַלט מילחמה פאַר אייערע ברידער, אייערע זין און אייערע טעכטער, אייערע ווייבער און אייערע הייזער״.

כדי וואָפן זאָל קאָנען באַזיגן אַ שונא, מוז די האַנט וואָס האַלט דעם וואָפן זיין פעסט, נישט מורא האָבן. און די דאָזיקע פעסטקייט האָט די אַמאָליקע ייִדן צוגעגעבן דער גלויבן אַז גאָט וועט מילחמה האַלטן פאַר זיי.

גאָט, דער ייִדישער גאָט, האָט געוווּנען פאַר די ייִדן אַ סך, אַ סך מילחמות, און אויך די פאַרצווייפלטע מילחמה אונטער נחמיהס אָנפירונג; גאָט האָט גע־וווּנען יענע מילחמה, ווייל די ייִדן האָבן געגלייבט, אַז ער וועט זי פירן פאַר זיי און זי געווינען.

די לײמענדיקע ווירקונג פון מורא איז פאַרביטן געוואָרן אויף דעם אויפ־מונטערנדיקן גלויבן אין גאָטס הילף.

פאַר זייער גלויבן איז גאָט געווען רעאַלער פון זייער וואָפן, און ער איז זיי געגאַנגען פאָרויס און ער — בוכשטעבלעך ער! — האָט איבערגעענטפערט אין זייערע הענט זייערע שונאים.

גאָט האָט געוווּנען פאַר די אַמאָליקע ייִדן זייערע מילחמות.

און אויך פאַר אונדז האָט ער יענע מילחמות געוווּנען.

צי גאָט (ווי מיר שטעלן זיך אים פאָר) איז רעאַל צי נישט — דער גלויבן אין אים מאַכט אים רעאַל פאַר די גלייביקע, מאַכט אים פאַר אַ ווירקעוודיקע קראַפט, וואָס באַווייזט וווּנדער, וואָס געווינט פאַר די גלייביקע זייערע מילחמות.

דאָס מוזן מיט קינאה איינזען אויך די אומגלייביקע, וועלכע האָבן נישט ווער עס זאָל פירן פאַר זיי ז ייע ר ע מילחמות...

## מ״א) ס׳איז אַזוי פּשוט...

וויפל ביכער און אַרטיקלען מ׳האָט שוין געשריבן וועגן די סיבות פונעם אַנטיסעמיטיזם! אָבער קיינער האָט נאָך נישט איבערגעשטיגן אין קלאָרקייט די סיבה וואָס ווערט אָנגעגעבן אין אונדזער תנ״ך.

אין בראשית (אין „תולדות״, כ״ו, 11־16) ווערט דערציילט די אור־גע־שיכטע פונעם אַנטיסעמיטיזם:

„און עס איז געווען אַ הונגער אין לאַנד..., און יצחק איז געגאַנגען צו אבימלך דעם מלך פון די פלשתים, קיין גדר...״ „און אבימלך האָט באַפוילן דעם גאַנצן פאָלק, אַזוי צו זאָגן: דער וואָס רירט אָן דעם דאָזיקן מאַן אָדער זיין ווייב, וועט געטויט ווערן״. (שפּעטער האָט מען דאָס גערופן „אַן אייזערנער בריוו״, אַ „שוץ־יודע״, אַ „כאַרטיע פון פרייהייט״.).

„און יצחק האָט געזייט אין יענעם לאַנד, און האָט געקריגן אין יענעם יאָר הונדערט מאָל אַזוי פיל; און גאָט האָט אים געבענטשט. און דער מאַן איז געוואָרן רייך, און איז נאָך אַנאַנד רייכער געוואָרן, ביז ער איז געוואָרן זייער רייך. און ער האָט געהאַט סטאַדעס שאָף, און סטאַדעס רינדער, און פיל קנעכט; און די פלשתים האָבן אים מקנא געווען. און אַלע ברונעמער, וואָס די קנעכט פון זיין פאָטער האָבן געגראָבן אין די טעג פון זיין פאָטער אברהם, האָבן די פלשתים זיי פאַרשטאָפּט, און זיי אָנגעפילט מיט ערד. און אבימלך האָט געזאָגט צו יצחקן: גיי אַוועק פון אונדז, וואָרעם ביסט פיל מאַכטיקער פון אונדז״.

אָט דאָס איז די אייביקע, אומשטערבלעכע סכעמע פונעם אַנטיסעמיטיזם.

אין לאַנד פון די פלשתים זיינען זיכער געווען נאָך מענטשן — אַ חוץ יצחקן, — וואָס האָבן געהאַט סטאַדעס שאָף, און רינדער, און קנעכט, און זיי־נען געווען זייער רייך, — אָבער די קינאה האָט זיך געוואָרפן אויפן פרעמדן, אויף יצחקן. און מע האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטאָפּן די ברונעמער פון זיין פרנסה (אַמאָל, אין צייטן פון שאָף־צוכט זיינען דאָס געווען ברונעמער ממש, היינט זיי־נען דאָס אַנדערע פרנסה־קוואַלן) און מע האָט אים געהייסן נעמען דעם וועג.

דאָס איז געשען מיט יצחקן, ווען ער איז נאָך געווען אַ יחיד, און דאָס איז געשען מיט יצחקס קינדער, ווען זיי זיינען געוואָרן אַ רבים אין לאַנד מצרים.

צו ערשט האָט מען זיי דאָרט אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס — מ׳האָט זיי באַזעצט אין לאַנד גושן, וואָס האָט באַדאַרפט האָבן פי־ציכטלער (ווי שפּע־טער פוילן — אַ מיטלשטאַנד). יוסף — אַ ייד, נאַטירלעך, טאַקע פון די גישנער — האָט זיי אַרויסגעפירט פון גרויסע צרות, געמאַכט בליִען דאָס לאַנד (וויפל יוספס האָבן מיר געגעבן דער וועלט? שווער איבערצוציילן!). אָבער לאָמיר לאָזן ריידן דעם אומפאַרגלייכלעכן חומש, וואָס מאַכט עס קירצער און גריגטלעכער:

„און די קינדער פון ישראל האָבן זיך געפרוכפּערט, און זיך געווידמעט און געמערט, און זיי זיינען געוואָרן זייער שטאַרק, און דאָס גאַנצע לאַנד איז פול געוואָרן מיט זיי.

„איז אויפגעשטאַנען אַ נייער מלך איבער מצרים, וואָס האָט נישט געקאָנט

יוספֿן (דאָ איז אַ שטיקל גרייז: וואָס האָט נישט געוואָלט געדענקען יוספֿן — י. ר.) און ער האָט געזאָגט צו זיין פֿאָלק: זעט, דאָס פֿאָלק פֿון די קינדער פֿון ישראל איז מערער און שטאַרקער פֿאַר אונדז (אַ בולטער ליגן: וואָלט טאַקע אַזוי געווען, וואָלט דער מלך פֿון מצרים געווען געשוויגן ווי יורקעס הונט און ער וואָלט גאָר נישט געווען געקאָנט מאַכן — י. ר.): „קומט, לאָמיר זיך קליגן קעגן אים״.

אַ וויי־טערער באַווייז אַז שוין אין אַלטן מצרים האָט מע געקאָנט די קונסט פֿון פּראָפּאַגאַנדע: וואָלטן די בני־ישראל געווען שטאַרקער פֿאַר זיי, וואָלטן זיי פֿאַר דער חכמה פֿון די מצרים זיכער קיין שרעק נישט געהאַט; נאָר ווען זיי זייַנען שטאַרק קאָנען זיי זיין חכמים קעגן אונדז.

און דאָס איבעריקע איז באַקאַנט פֿון דער געשיכטע פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט: די אַלטע מצרים האָבן שוין וועגן אַלץ געוווּסט: פֿון צוואַנג־אַרבעט אָן עסן ביז טויטן קליינע קינדער.

## מ״ב) יעקב און עשיו

„און די יינגלעך זיינען אויפגעוואַקסן; און עשיו איז געווען אַ מענטש געניט אין געיעג, אַ פעלד־מענטש, און יעקב איז געווען אַ שטילער מענטש, וואָס זיצט אין געצעלטן". (בראשית, תולדות, כ״ה, 27).

דאָס איז זיכער פאַרשריבן געוואָרן אַ סך שפּעטער ווי יעקבס און עשיוס געבורט. אָבער ערשטנס, זיינען דאָך די פּרטים זיכער גענומען געוואָרן פון אַן אור־אַלטער כאַראַקטעריסטיק פון יעקבן און עשיון, און צווייטנס, ווען די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק איז פאַרשריבן געוואָרן, איז דאָך נאָך יעקב אויך נישט געווען אַזאַ איש תם, אַ געצעלטן־זיצער — איז אויב אַזוי, שטעלט זיך טאַקע די אומהיימלעכע פראַגע: ווי אַזוי איז דאָס חומש־מעשהלע אַזוי פרי (און אַזוי טיף!) אַריינגעדרונגען אין שפּעטערדיקן גורל פון יעקבן? איז די פּאָעטישע וויזיע געווען אַזוי שטאַרק אַז זי האָט ווי היפּנאָטיזירט יעקבן און אים געצוואונגען ווי אַ נאַכט־וואַנדלער צו פאַרווירקלעכן די וויזיע? „און יעקב איז געווען אַ שטילער מענטש, וואָס זיצט אין געצעלטן"; „און עשיו איז געווען אַ מענטש געניט אין געיעג, אַ פעלד־מענטש", — ער, עשיו, איז געבליבן נאַטירלעך, ער האָט וועגן זיך קיין שום וויזיע נישט געהאַט, ווייל די וויזיע מוז דאָך זיין אַנדערש פאַר דער ווירקלעכקייט, אַנישט איז דאָך דאָס קיין וויזיע נישט.

און הערט נאָר די ווייטערדיקע כאַראַקטעריסטיק פון די ביידע: „דער קול איז דער קול פון יעקבן, אָבער די הענט זיינען די הענט פון עשיון". ווען מיר לייענען דעם דאָזיקן זאַץ אין בראשית, תולדות, כ״ז, פּסוק 22, דאַכט זיך אונדז אַ מאָל, אַז ער איז ווי אַריינגעשטעלט אַהין פון אונדזערע מאמרים, וואָרעם ער געהערט דאָך צו די פּסוקים אין תנ״ך, וואָס זיינען אַממיינסטן פאַריידישט, פאַרגלותט געוואָרן. „הקול קול יעקב והידים ידי עשיו", — אוי, ווי מיר ווייסן דאָס! ווי אַזוי האָט דאָס אָבער געוווּסט דער אַמאָליקער דיכטער פון דער יעקב־עשיו־מעשה?!

אָבער באַגלייך מיט אומהיימלעכע וואָרהייטן זיינען אין דער יעקב־עשיו־מעשה דאָ אויך אומהיימלעכע נישט־וואָרהייטן, — די מעשה מיט דער ברכה.

דער טאָפּ לינדזן, וואָס עשיו האָט באַקומען פון יעקבן, איז טאַקע געווען אַ ממשות, אָבער די בכורה, וואָס ער האָט באַקומען, איז אַפילו דעם טאָפּ לינדזן נישט ווערט געווען.

און די ברכה, וואָס יעקב האָט אויסגענאַרט, איז נישט ווערט געווען נישט די אָנשטרענגונג, נישט די שינאה, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן ביי עשיון. ווי אַ חוזק קלינגט יצחקס ברכה:

„און גאָט זאָל דיר געבן פון דעם טוי פון הימל,<br>
„און פון די פעטקייטן פון דער ערד,<br>
„און פיל תבואה און וויין.<br>
„פעלקער זאָלן דיר דינען,<br>
„און אומות זאָלן זיך בוקן צו דיר.

„זײ אַ האַר איבער דײַנע ברידער,
„און די זין פֿון דײַן מוטער זאָלן זיך בוקן צו דיר.
„פֿאַרשאָלטן די וואָס שילטן דיך,
„און געבענטשט די וואָס בענטשן דיך!"

און ווי כדי נאָך שאַרפֿער צו אַקצענטירן דעם חוזק, — הערט נאָר די אויס־געבעטענע כמו־ברכה, וואָס יצחק בענטשט עשׂיון:

„ווײַט פֿון די פֿעטקייטן פֿון דער ערד וועט זײַן דײַן וווינונג,
„און אָן דעם הימלס טוי פֿון אויבן,
„און אויף דײַן שווערד וועסטו לעבן.
„און דײַן ברודער וועסטו דינען;
„און עס וועט זײַן, אַז דו וועסט זיך אָפּרײַסן,
„וועסטו אַראָפּוואַרפֿן זײַן יאָך פֿון דײַן האַלדז".

בלויז אין איין פּרט האָט זיך יצחקס ברכה אַרויסגעוויזן פֿאַר ריכטיק: דאָס איז אַ פּרט אין עשׂיוס כמו־ברכה:

„און אויף דײַן שווערד וועסטו לעבן".

אָבער די דאָזיקע ברכה פֿאַר עשׂיון, איז יעקבֿס גרעסטע קללה.

און קיינער פֿילט נישט אַזוי די ריכטיקייט פֿון דאָזיקן ברכה־פּערז, ווי יעקבֿס האַלדז...

„און דײַן ברודער וועסטו דינען"!

אַזוי האָט געמוזט טרוימען יעקבֿ, ווען ער האָט געטראַכט וועגן עשׂיון, כדי זיך צו קאָמפּענסירן פֿאַר דער שרעק, וואָס ער האָט פֿאַר זײַן כלומרשטן דינער.

גלײַך נאָך דער ברכה — הייבט דער ברודער־האַר אָן צו אַנטלויפֿן פֿאַר זײַן ברודער דעם קנעכט. און ער לויפֿט אַזוי פֿאַר אים פֿון איין לאַנד אין צווייטן, און דער טוי פֿון הימל פֿאַלט אויף די פֿעלדער פֿונעם ברודער־קנעכט און די פֿעטקייטן פֿון דער ערד פֿליסן צום ברודער־קנעכט.

אמת, עס טרעפֿט, אַז יעקבֿ ווערט רײַך, און ער האָט „אָקסן און אייזלען, שאָף, און קנעכט, און דינסטן", אָבער ער איז מיט דעם נישט זיכער. ער האַלט דאָס אין איין טיילן אויף טיילן, כדי „אויב עשׂיו וועט קומען אויף איין מחנה, און וועט זי שלאָגן, וועט די איבעריקע מחנה אַנטרונען ווערן".

ער לעבט, יעקבֿ, און ווערט אַ מאָל אויך רײַך, אָבער בלויז אַ דאַנק דעם, וואָס עס געלינגט אים אַנטרונען צו ווערן. און איינער פֿון די מיטלען, איז חנפֿהנען ז ײ ַ ן ק נ ע כ ט פ ֿ ו ן ד ע ר ב ר כ ה א ו ן ז ײ ַ ן ה אַ ר א י ן ד ע ר ו ו י ר ק ל ע כ ק ײ ט. עס איז גענוג ער זאָל הערן אַז עשׂיו גייט אויף אים, שיקט ער אים שוין שלוחים אַנטקעגן און זאָגט זיי אָן: „אַזוי זאָלט איר זאָגן צו מײַן האַר, צו עשׂיון... האָב איך געשיקט אָנזאָגן מײַן האַר, כדי צו געפֿינען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן". און ער שיקט כּסדר מתּנות צו זײַן ברודער דעם קנעכט... און ער איז גליקלעך, אַז יענער באַוויליקט אָנצונעמען די מתּנות: „אויב... איך האָב געפֿונען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן, זאָלסטו אָננעמען מײַן מתּנה פֿון מײַן האַנט, וואָרעם איך האָב געזען דײַן פּנים, אַזוי ווי מע זעט דעם פּנים פֿון גאָט, און דו האָסט מיך באַוויליקט".

תּמיד, ווען עשׂיו לעבט אויף זײַן שווערד אויפֿן חשבון פֿון זײַן ברודער,

גייט די מוטער רחל אַרויס פון איר קבר, — זי קאָן נישט רוען, ווי די אַנדערע אמהות.

שרה און רבקה האָבן געהאַט קליינינקע יעקבשע איבערלעבונגען: די מע־נער האָבן זיי פאַרלייקנט. אברהם האָט פאַרלייקנט שרהן אין מצרים און יצחק רבקהן אין פלשתים־לאַנד — אין גרר. אָבער דאָס איז געווען אין זייער לעבן אַ קליינינקער עפּיזאָד, מיט אַ שנעלן העפּי־ענד. אָבער מיט רחלען איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש. זי האָט דאָך אַליין איבערגעלעבט די ערשטע באַגעגעניש מיט עשיון, מיטן גאַנצן שרעק, וואָס איז פאַרבונדן דערמיט, מיט אַלע דערני־דעריקונגען — זי, די געליבטע פרוי פונעם ברודער־האַר, האָט זיך געמוזט בוקן פאַרן ברודער־קנעכט, — וואָס זייַנען פאַרבונדן דערמיט, מיט אַלע חניפות און ליגנס, און תירוצים, וואָס איר געליבטער מאַן האָט אָנגעווענדט, כדי פטור צו ווערן וואָס שנעלער פון עשיון, כל־זמן ער איז נאָך געווען לייטזעליק צו יעקבן... אמת, לאה האָט דאָס אויך איבערגעלעבט, אָבער זי האָט נאָך אפשר הנאה גע־האַט זעענדיק די דערנידעריקונג פון איר מאַן יעקב, וואָס האָט זי נישט ליב געהאַט. זי האָט אפשר דערין געזען אַ באַצאָלונג פאַר אירע אייגענע דערנידע־ריקונגען, פאַרשאַפט דורך אים, דורך איר געליבטן מאַן.

דער גלות האָט זיך אָנגעהויבן נישט דאַן, ווען די ייִדן זייַנען געגאַנגען קיין בבל; ווען די ייִדן זייַנען געגאַנגען קיין בבל איז זיי רחל אַרויס אַנטקעגן פון איר קבר, ווייל זי האָט שוין געוווּסט דעם טעם פון ייִדישן גלות, וועלכן זי האָט פאַרזוכט נאָך דאַן, ווען יעקב האָט אָנגעהויבן זיין זעלבשטענדיקן וועג אין דער־וועלט אַריין...

פאַר וואָס האָט יצחק אבינו יעקבן געבענטשט און עשיון פאַרשאָלטן?

## מ"ג) די מענטשלעכע געשיכטע — 1

## אַ געשיכטע פון פייגנבלעטער

דער גרויסער פרייזער, דער מחבר פונעם באַרימטן בוך „דער גאָלדענער צווייג", האָט אויך אַ גרויס בוך וועגן די לעגענדעס אין חומש. ער ווייזט דאָרט אויף מיט הונדערטער ביישפּילן אַז יעדע לעגענדע פון חומש האָט ענלעכע לעגענדעס ביי די פּרימיטיוועסטע פעלקער. ער מוז אָבער אַליין מסכים זיין אַז די ענלעכקייט איז אָפט — כמעט תמיד — ווי די ענלעכקייט פון אַ ליימענער געטשקע פון אַ פּרימיטיוון מענטשן צו פידיוסעס אַ פיגור.

אָבער די אויסערלעכע קינסטלערישע שיינקייט פון די מערסטע חומש־לעגענדעס אין פאַרגלייך מיט דער רויקייט פון ענלעכע לעגענדעס ביי אַנדערע פעלקער, איז נאָך נישט דאָס וויכטיקסטע. וויכטיקער נאָך פאַר דעם קינסטלערישן חן איז די סימבאָלישע אויסשטראַלונג פון די חומש־לעגענדעס, — אַן אויסשטראַלונג, וואָס די בלויז חומרדיקע שוועסטער־לעגענדעס, וועלכע פרייזער ברענגט, פאַרמאָגן נישט.

אָט די גייסטיקע סימבאָלישקייט פון די חומש־לעגענדעס, וואָס פאַרוואַנדלט אים אין אַ סימבאָלן־בוך פון דער מענטשהייט, — אַ בוך, פון וועלכן די מענטשהייט לייענט אַרויס, פילט אַרויס איר היסטאָרישן גורל, — אָט די סימבאָלישקייט איז דער גרעסטער אוצר, וואָס דער חומש און דער ב"ך האָבן אַריינגעבראַכט אין דער מענטשלעכער קולטור.

די סימבאָלישקייט פון דעם טורעם פון בבל, פון עץ הדעת און אַזוי ווייטער און ווייטער איז און וועט בלייבן דער גרעסטער וווּנדער פון ספּאָנטאַנעם ליטעראַרישן שאַפן.

*

„און גאָט דער האַר האָט אָנגעזאָגט דעם מענטשן, אַזוי צו זאָגן: פון אַלע ביימער פון גאָרטן מעגסטו עסן; אָבער פון דעם בוים פון וויסן גוטס און שלעכטס, פון אים זאָלסטו נישט עסן, וואָרעם אין דעם טאָג וואָס דו עסט פון אים, וועסטו זיכער שטאַרבן" (בראשית, ב׳, ט"ז—י"ז).

איך ווייס נישט, צי די שלאַנג איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר אָדער איינער פון יענע היינטיקע פאַרשווינדלער, וואָס האַלטן בלויז פון דעם, וואָס דאָס אויג קאָן זען און די פינגער קאָנען אָנטאַפּן, — אָבער אַ פאַקט איז, אַז ער האָט געהאַלטן, אַז ער ווייס בעסער פאַר גאָט. דעם פאַרזאָג וואָס גאָט האָט פאַרזאָגט אין זיין געטלעכער גוטסקייט, דער מענטש זאָל נישט עסן פונעם „עץ הדעת טוב ורע", האָט ער אויסגעטייטשט ווי אַ שלאַנג: „גאָט ווייס, אַז אין דעם טאָג, וואָס איר עסט דערפון, וועלן זיך עפענען אייערע אויגן, און איר וועט זיין אַזוי ווי גאָט צו וויסן גוטס און שלעכטס". און ער האָט געגעבן די גאַראַנטיע: „שטאַרבן וועט איר נישט שטאַרבן" (בראשית ג׳, 3—4).

איך מיין אַז קריכנדיק אויפן בויך, אין הסכם מיט גאָטס קללה, טריומפירט

נאָך די שלאַנג עד־היום, וואָס גאָט האָט זי נישט געקאָנט אָפּנאַרן; והא ראיה, ווי נאָר זי טרעפט אַ מענטשן און זי וויל אים ווידער אַ ביס טאָן, הייבט זי אויף שטאָלץ דעם קאָפּ, ווי אַ זייל, ווי איינער זאָגט: „נו, ביסט געשטאָרבן פון עסן פון עץ הדעת? אָט פון מיין גיפט שטאַרבט מען!"

אָבער גערעכט איז געווען גאָט: דער מענטש האָט נאָך נישט באַוויזן גוט צו פאַרדייען די פרוכט פון עץ הדעת, און ער האָט שוין אָנגעהויבן פּסיכיש אָפּ־צושטאַרבן יעדע מינוט: פון שרעק, פון חרפּה, פון קלעמעניש, פון בלויזן וויסן וואָס גוט און שלעכט איז.

מיטן מאָמענט, וואָס אדמס און חוהס אויגן האָבן זיך געעפנט, — האָבן זיי פאַרלוירן די רו. זיי האָבן גלייך איינגעזען, אַז זיי זיינען נאַקעט און געמוזט נעמען נייען פייגנבלעטער, מיט וועלכע די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטש־הייט איז פול. אַ מאָל דאַכט זיך אַז דער מענטש טוט גאָר נישט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר ער נייט פייגנבלעטער צו פאַרדעקן זיין אומפאַרטיליקבאַרע ערווה, אויף וועלכער עס האָבן זיך געעפנט זיינע אויגן און ער קאָן זי נישט באַזייטיקן.

נישט גאָט האָט אַרויסגעטריבן דעם מענטשן פון גן־עדן, — אדם און חוה האָבן זיך אַליין פון דאָרט אַרויסגעטריבן: וואָס פאַר אַ גן־עדן איז שוין דאָס געווען, אויב זיי האָבן זיך באַדאַרפט נעמען אויסבאַהאַלטן פאַר גאָט וואָס איז אין יעדן ווינקעלע, אין יעדן ווינט־הויך, פאַר וועלכן זיי האָבן זיך גענומען שעמען?

גאָט האָט רחמנות געהאַט אויפן מענטשן און ער האָט אים געוואָלט פאַר־שפּאָרן די גרעסטע פּיין, דעם טויזנטמאָליקן טויט פון וויסן וואָס גוטס און שלעכטס איז און נישט קאָנען זיך העלפן, סיידן מיטן אייביקן נייען פייגנבלעטער.

נישט פון נישט פאַרגינען אַז דער מענטש זאָל זיין ווי ער, האָט געשטאַמט גאָטס פאַרבאָט צו עסן פון עץ־הדעת, — דער פאַרבאָט האָט געשטאַמט פון רחמנות צום מענטשן: האָט דאָך גאָט געוווּסט ס'אַרא גיפט עס פאַרמאָגט די זיסע פרוכט פון וויסן וועגן גוטס און שלעכטס, אָן דער קראַפט צו באַזייטיקן דאָס לעצטע, וואָס אַפילו גאָט קאָן דאָס נישט...

און אויב דער מענטש האָלט, אַז גאָט האָט אים צוליב נקמה אַרויסגעיאָגט פון גן־עדן, איז דאָס פּונקט אַזוי אויבערפלעכלעך, ווי דער שלאַנגס זיכערקייט, אַז „שטאַרבן וועט איר נישט שטאַרבן". אדרבא: גאָט האָט אדם מיט חוהן, וועל־כע זיינען שוין פּסיכיש געווען אַרויסגעיאָגט פון גן־עדן, אַרויסגעטריבן פון דאָרט אויך פיזיש, כדי עס זאָל נישט געשען מיט זיי דער צווייטער אומגליק: דאָס פאַרזוכן די פרוכט פון עץ החיים.

און גאָט דער האַר האָט געזאָגט: „זע, דער מענטש איז געוואָרן ווי איינער פון אונדז צו וויסן גוטס און שלעכטס, און אַצינד קאָן ער נאָך אויסשטרעקן זיין האַנט און נעמען אויך פון דעם בוים פון לעבן, און ער וועט עסן, און וועט לעבן אייביק".

דעם גאָט, וואָס קאָן אַזוי פיל צוזען, האָט גענומען גרוילן פאַר דער פּערס־פּעקטיוו פון אַ מענטשהייט, וואָס ווייסט טעאָרעטיש וועגן גוטס און שלעכטס און לעבט אייביק.

וואָס קאָן זיין אַן אייביק לעבן פאַר אַ מענטשהייט, וואָס האָט באַקומען

דעם באַוווּסטזיין וועגן איר ערווה און קאָן זי נישט באַזייטיקן און האַלט אין איין נייען פֿייגנבלעטער אין אומזיסטער אָנשטרענגונג זי צוצודעקן (פֿון גן־עדן ביז דעם יונאָ־פּאַלאַץ), — אויב נישט קיין אייביקער גיהנום?

אָבער דער מענטש, די דאָזיקע אומדאַנקבאַרע חיה, האָט זיך איינגערעדט, אַז גאָט האָט געהאַנדלט נישט פֿון רחמנות, נאָר פֿון קינאה, פֿון שרעק פֿאַר קאָנקורענץ...

## מ״ד) אהיה אשר אהיה...

„האָט גאָט געזאָגט צו משהן: איך וועל זיין דער וואָס איך וועל זיין״. (שמות ג׳, 14).

דאָס איז איינער פון יענע פסוקים, וואָס וועלן אייביק בלייבן טונקל, אומ־פאַרשטענדלעך, אויב מיר וועלן זייער זין זוכן א י ן ז יי, און נישט א י ן ז י ך.

פאַר מיר איז דער פסוק היינט קלאָר, אַ סך קלאָרער, ווי ווען איך האָב געזוכט ז יי ן זין ביי פאַרשיידענע מפרשים, אַלטע און נייע. איך האָב ז יי ן זין געפונען ביי ז י ך.

„אהיה״ האָט מיך געשיקט צו אייך, — „איך וועל זיין״ האָט מיך גע־שיקט צו אייך. דאָס איז דער זעלביקער טונקעלער אָבער קאַטעגאָרישער אימ־פעראַטיוו, וואָס ווערט נאָך אַלץ געשיקט פון די טיפעניש פון אונדזער בלוט אין פאַרשיידענע בויגונגען: „איך וועל זיין״, „איך וויל זיין״, „איך מוז זיין״, „מיר מוזן זיין״.

„אהיה שלחני אליכם״, — „איך וועל זיין״ האָט מיך געשיקט צו אייך. דער פאַרלאַנג צו זיין, צו עקסיסטירן האָט געשיקט משהן, געטריבן ירמיהן, אַ כאַפּ געטאָן מולכון, הערצלען און טויזנטער אַנדערע יחידים און די מיליאָניקע מאַסן פון אונדזער פאָלק.

דער גרעסטער ווי דער קלענסטער פון אונדז איז אַ שליח פון זעלביקן ו ע ל ן ז יי ן, וואָס אַמאָל.

איך געדענק נישט די היסטאָריש־פילאָלאָגישע קוועטשעניש פון די ביבל־קריטיקערס, אָבער איך וויל גאָר נישט גיין צו זיי קאָנטראָלירן מ יי ן טייטש. חזר איך איבער זייער טייטש — איז דאָך אַוודאי גוט; אלא נישט — בין איך דאָך סיי ווי גערעכט. איך פיל, אַז דאָס איז דער איינציקער ריכטיקער טייטש; נישט אומזיסט זינגט ער אין מיר אַזוי האַרמאָניש: „איך וועל זיין״. „איך וועל זיין״ האָט געשיקט משהן און ער שיקט אויך מיך. ווייל דער גאָט פון אונדזערע אבות, „איך וועל זיין״, איז דער זעלבער פאַרן גרעסטן און קלענסטן פון אונדז, פאַרן ערשטן דור און פאַרן לעצטן.

„אהיה אשר אהיה״ — „איך וועל זיין דער, וואָס איך וועל זיין״, — מיט אַנדערע ווערטער: איך, אייער גאָט, וועל זיין דער, וואָס איר וועט מאַכן פון מיר: איך וועל זיין דער גאָט פון משהס „אז ישיר״, וואָס טריומפירט: „מרכבות פרעה וחילו ירה בים... ירדו במצולות כמו אבן״; איך וועל זיין דער גאָט פון „מדרש״, וואָס מאַכט גאָט טרויערן אויף פרעהן: „מיינע באַשעפענישן טרינקען זיך אין ים און איר זאָגט שירה?״; איך וועל זיין דער גאָט פון ווילנער גאון, פון בעש״ט, פון פרץ, פון א. ד. גאָרדאָן, א י ך וו ע ל ז יי ן, ווייל איך וועל זיין דער זעלביקער גאָט פון אייערע עלטערן אויך אין אַלע געשטאַלטן, וואָס איר וועט מיר געבן, ווייל מיין עכטער נאָמען איז „דער, וואָס וועט זיין״.

## מ״ה) דער דור הפלגה

„און די גאַנצע ערד איז געווען איין שפּראַך און איינע ווערטער... און זיי האָבן געזאָגט: קומט, לאָמיר אונדז בויען אַ שטאָט און אַ טורעם מיט זיין שפּיץ אין הימל, און לאָמיר אונדז מאַכן אַ נאָמען, כדי מיר זאָלן נישט צעשפּרייט ווערן אויפן געזיכט פון דער גאַנצער ערד. האָט גאָט אַראָפּגענידערט צו זען די שטאָט און דעם טורעם, וואָס די מענטשן־קינדער האָבן געבויט. און גאָט האָט געזאָגט: זע, זיי זיינען איין פאָלק, און איין שפּראַך איז ביי זיי אַלעמען, און דאָס איז ערשט אַן אָנהייב פון זייער טאָן, און אַצינד וועט פון זיי נישט פאַר־מיטן ווערן אַלץ, וואָס זיי טראַכטן צו טאָן. קומט לאָמיר אַראָפּנידערן און צע־מישן זייער שפּראַך, אַז זיי זאָלן נישט פאַרשטיין איינער דעם אַנדערנס שפּראַך, און גאָט האָט זיי צעשפּרייט פון דאָרטן אויפן געזיכט פון דער גאַנצער ערד, און זיי האָבן אויפגעהערט בויען די שטאָט...״

ווען מע וועט אין אַ „תנ״ך־ענציקלאָפּעדיע״, אין דער אָפּטיילונג „דער תנ״ך און די ליטעראַטור״, געמען אויסרעכענען אַלע ווערק, וואָס האָבן זייערע אידייען אָדער סימבאָלן געשעפּט פון תנ״ך, וועט מע מוזן צורעכענען צו זיי אויך הענריק איבסענס „בוימייסטער סאָלנעס״. מער נישט, דער תנ״ך, לויט זיין טבע, האָט דאָס געמאַכט קירצער פאַרן מייסטער־אַרכיטעקט פון דער מאָ־דערנער דראַמע: „קומט, לאָמיר אונדז בויען אַ שטאָט און אַ טורעם מיט זיין שפּיץ אין הימל״...

און אויב מע רעדט שוין וועגן אַרכיטעקטור על־פּי־דרש, טאָ לאָמיר דער־מאָנען אויך די אַרכיטעקטור ממש: אין דעם זאַץ „און אַ טורעם מיט זיין שפּיץ אין הימל״ איז איינגעוויקלט, ווי אין אַ קנאָספּ, די גאַנצע גאָטישע אַרכיטעקטור.

אָבער אין דער מעשה מיטן טורעם פון בבל ליגט, ווי אין אַ נאַר וואָס צע־בליטער קנאָספּ, מער ווי איבסענס דראַמע און מער ווי די גאָטישע דאָמען: עס ליגט אין איר אָפּן, אין איר גאַנצן זיס־ביטערן אַראָמאַט, די בענקשאַפט פון דער מענטשהייט נאָך אַ פעסטן פּונקט, פון וועלכן זי זאָל קאָנען דערלאַנגען צום הימל מיט אַ שפּיץ, קאָנצענטרירט אויף איין שמאָלסטן פּונקט, אין אַ מאַקסי־מאַלער איינהייט.

שוין אין יענער אוראַלטער צייט האָבן מענטשן געטרוימט וועגן אַן אַמאָל, ווען די גאַנצע וועלט האָט געהאַט איין שפּראַך און איינע געדאַנקען: די צע־ריסנקייט פון דער מענטשהייט האָט זיי שוין דאַן געפּייניקט, און די פּיין האָט געבוירן די בענקשאַפט און די בענקשאַפט — דעם פיבערדיקן טרוים, און אָפּגע־קילטער טרוים איז לעגענדע וועגן אַ צייט, ווען אַלע מענטשן האָבן געהאַט איין שפּראַך און איינע געדאַנקען, און זיי האָבן געמיינזאַם געבויט אַ שטאָט מיט אַ טורעם, וואָס זיין שפּיץ גרייכט אין הימל אַריין...

און דער דאָזיקער טרוים הערט נישט אויף צו טרייסטן און פּייניקן די מענטשהייט. ער טרייסט זי, ווען זי טרוימט אים, און ער פּייניקט זי, ווען זי דערוואַכט פון אים...

און ווי דאַן אַזוי היינט, זוכט די מענטשהייט אַן אויסערלעכע סיבה, וואָס האָט צעמישט זייער שפּראַך און פונאַנדערגעריסן זייערע געדאַנקען און צע־שטערט דעם סימבאָל פון זייער אייניקייט — דעם טורעם, וואָס צוזאַמען מיט זיין שפּיץ גרייכט דעם מענטשנס נשמה אין הימל אַריין.

אין חומש איז דאָס געווען גאָט, וואָס האָט זיי נישט פאַרגונען דאָס גליק פון איינהייט; היינט זוכן זיי אַנדערע סיבות. אָבער קיין מאָל פאַלט זיי נישט איין צו זוכן די סיבה אין זיך.

זיי פילן ווי שלעכט און נישט נאָרמאַל עס איז דער דור הפלגה, אָבער דעם רו־שטערער זוכן זיי נישט דאָרט, וווּ ער געפינט זיך.

## מ״ו) דער ערשטער געבראָכענער אָפּמאַך

איך האָב קיין מאָל נישט געגלייבט די געשיכטע פון דיפּלאָמאַטיע (איך קאָן, ליידער, די דיפּלאָמאַטיע פון דערווירקלעכקייט, נישט פון געשיכטע): איך ווייס נישט דעריבער, ווען זי הייבט אָן די געשיכטע מיט די געבראָכענע אָפּמאַכן; אָבער איך וואָלט די דאָזיקע געשיכטע געוועז אָנגעהויבן מיטן בונד, וואָס גאָט האָט אַזוי פייערלעך פאַרשניטן מיט אברהם אבינו און — אים געבראָכן אומצאָליקע מאָל.

איר געדענקט?

„אין יענעם טאָג האָט גאָט פאַרשניטן אַ בונד מיט אַברמען, אַזוי צו זאָגן: צו דיין זאָמען האָב איך געגעבן דאָס דאָזיקע לאַנד, פון דעם טייך פון מצרים ביז דעם גרויסן טייך, דעם טייך פּרת״.

די צערעמאָניע ביים פאַרשניידן דעם בונד איז געווען אַ פייערלעכע, הגם אַ סך אַ פּרימיטיוועדע ווי היינט.

„נעם מיר אַ דריי־יאָריקע קו, און אַ דריי־יאָריקע ציג, און אַ דריי־יאָריקן ווידער... האָט ער אים גענומען די אַלע, און האָט זיי איבערגעשניטן אין מיטן... האָבן די רויב־פייגל אַראָפּגענידערט אויף די פּגרים...״

דער פּאַן איז דער זעלביקער, ווי ביי אַלע פאַרשניטענע בונדן: רויב־פייגל אויף פּגרים. מער נישט, היינט נעמט מען נישט קיין עטלעכע בהמות, נאָר מע נעמט אַ פּאָר מיליאָן מענטשן (צווישן זיי אויך דריי־יאָריקע און קלענערע נאָך) און מע צעפּערטלט זיי און מע לאָזט זיי פאַר אַ רויב פאַר אַלע צוויי־פיסיקע רויב־פייגל... אָבער די סכעמע איז די זעלביקע: צוערשט צעשניידט מע לעבעדיקס אויף פּגרים פאַר רויב־פייגל, און דאַן פאַרשניידט מען דעם בונד.

היינט איז די פייערלעכקייט אַן אַנדערע ווי אַמאָל: היינט איז זי מער אויס־געערכנט פאַרן פילם־פאָטאָגראַף (מע ווייס דאָך שוין איר ווערט); אַמאָל איז זי געווען מער אַ פאַראינערלעכטע. נאָך היינט, אין פיר צי פינף טויזנט יאָר אַרום, גייט אונדז דורך אַ שוידער איבערן גאַנצן לייב, ביים לייענען די אימה־דיקע ווערטער מיט זייער אימהדיקער שטימונג.

„און ווי די זון איז געווען ביים אונטערגיין, אַזוי איז אַ טיפער שלאָף גע־פאַלן אויף אברמען; ערשט אַן אימה, אַ גרויס פינצטערניש פאַלט אָן אויף אים. און ער האָט געזאָגט צו אברמען: וויסן זאָלסטו וויסן זיין, אַז דיינע קינדער וועלן זיין פרעמדע אין אַ לאַנד, וואָס נישט זייערס, און מע וועט זיי פאַרקנעכטן, און מע וועט זיי פּייניקן פיר הונדערט יאָר״...

אַלץ איז מקוים געוואָרן: די אימה, די גרויסע פינצטערניש, די פאַרקנעכ־טונג, די פּייניקונג, — בלויז דער בונד אויפן צוגעזאָגטן לאַנד איז געבראָכן געוואָרן.

גאָט, אונדזער גאָט, קאָן אַזוי אַרום גילטן ווי דער אַנהייב פונעם פעל־קער־בונד, וואָס האָט אויך פאַרשניטן מיט אברהמס זאָמען אַן אָפּמאַך און אים

געבראָכן. דער פעלקער־בונד איז געגאַנגען אין די טריט פון גאָט: אויב ער האָט געמעגט ברעכן דעם בונד, פאַר וואָס זאָלן זיי נישט טאָרן?

און וויפל מאָל דער בונד איז באַנייט געוואָרן!

האָט טאַקע גאָט פון אָנהייב אָן געטראַכט אים צו ברעכן, וואָס ער האָט אַזוי פיל מאָל באַטאָנט און געחתמעט דעם דאָזיקן בונד? האָט ער גלייך פון אָנהייב געהאַט אַ שלעכט געוויסן?

„...בענטשן וועל איך דיך בענטשן, און מערן וועל איך מערן דיין זאָמען אַזוי ווי די שטערן פון הימל, און אַזוי ווי דעם זאַמד אויפן ברעג פון ים; און דיין זאָמען וועט אַרבן דעם טויער פון זיינע פיינד. און בענטשן וועלן זיך מיט דיין זאָמען אַלע פעלקער פון דער ערד...״

און אַזוי צענדלינגער מאָל צו אברמען, צו יצחקן, צו יעקבן, און צו וועמען נישט?

אַנדערע האַלטן דעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב פאַר אַן אל רחום וחנון, אַנדערע פאַר אַן אל נוקם ונוטר, אָבער דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב איז דער ראָל פון אַ קאַריקאַטוריסט?

„און בענטשן וועלן זיך מיט דיין זאָמען אַלע פעלקער פון דער ערד...״

איין האָפענונג האָב איך: אַ נאַר ווייזט מע נישט אַ האַלבע אַרבעט...

## מ״ז) גאָט פון אברהם...

„און גאָט האָט געזאָגט צו אברהמען, נאָך דעם ווי לוט האָט זיך אָפּגעשיידט פון אים: הייב אָקאָרשט אויף דיינע אויגן, און קוק פון דעם אָרט ווו דו ביסט, קיין צפון און קיין דרום און קיין מיזרח און קיין מערב. וואָרעם דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס דו זעסט, וועל איך געבן צו דיר און צו דיין זאָמען אויף אייביק". (בראשית, י״ג, 14־15).

מע האָט אַ סך געשריבן וועגן יהוה דעם „אל קנא ונוקם", דעם „אל רחום וחנון", אָבער יהוה דעם מייסטער פון דעמאָנישן סאַרקאַזם, דעם מייסטער פון דער טייוולאָנישער פּאַראַדיע האָט מע נאָך ווייניק אָפּגעשאַצט.

איך שטעל זיך פאָר מיט וואָסער אַנטציקונג אברהם האָט גענומען קוקן אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט, טרייבנדיק מיט דער פאַנטאַזיע דעם בליק אַלץ ווייטער אין אַלע ריכטונגען, כדי וואָס פולער צו זען דעם ריזיקן שטח פון זיין זאָמענס באַזיץ.

און גאָט האָט געקוקט אויף זיין געטרייען קנעכט און אַ דעמאָניש שמייכעלע (מעפיסטאָפעל האָט אים אָפּגעקוקט און פאַראייגנט, ווי עס טרעפט אָפט מיט ווידערשפעניקע דינערס וואָס מאַכן־נאָך דעם האַר, וועלכן זיי פאַרגעטערן אויך אין זייער רעוואָלט) האָט זיך געשלענגלט אויף גאָטס פרומע ליפּן. און דאָס שמייכעלע האָט באַדייט:

— קוק, קוק, מיין געטרייער אברהם, וועסט סיי־ווי אַזוי ווייט נישט זען. נישט נאָר דאָס גאַנצע לאַנד — די גאַנצע ערד וועל איך אָפּגעבן דיינע קינדער; ס'וועט נישט זיין קיין איין פלעק אויף דער ערד, נישט אויף דרום און נישט אויף צפון, נישט אויף מיזרח און נישט אויף מערב, ווו זיי וועלן זיך נישט געפינען. די גאַנצע ערד וועט געהערן צו זיי, מיט אַלע אירע פיר טיילן, אָבער זי וועט געהערן צו זיי, ווי די גאַנצע שטאָט הייזער געהער דעם אביון. יעדער באַלעבאַטישער מענטש האָט איין הויז אין איין שטאָט, נאָר דעם קבצן שבקבצנים געהער די גאַנצע שטאָט הייזער, און אַלע שטעט אין דער מדינה, איבער וועלכע ער גייט. דיינע קינדער וועט געהערן די גאַנצע וועלט, ווייל קיין איין פונקט וועט נישט זיין זייערער.

נאָך היינט, ווען דער אַלטער גאָט פון אברהמען דערמאָנט זיך אין יענער סצענע, ווי אברהם האָט זיך צעריסן קוקנדיק מיט צוויי אויגן אין פיר זייטן פון דער וועלט, לויפט דורך אַ גיפטיקער שמייכל איבער זיינע פאַרעלטערטע ליפּן:

— איז דאָס געווען אַ שפּאַס! אמת, ער דויערט שוין צו פיל אַפילו פאַר מיר, וואָס טויזנט יאָר איז ביי מיר ווי איין טאָג, אָבער אַ שפּאַס איז דאָס געווען אַ געטלעכער! איך האָב אים נישט אָפּגענאַרט, אברהמען; זיינע קינדער געהערט טאַקע די גאַנצע וועלט, זיי זיינען פול אין אַלע אירע פיר עקן, ער האָט זיך אָבער נישט געכאַפּט (פאַרט דעם אַלטן תרחס אַ זון!) אויף דעם דינעם דריי און ער האָט נישט געפרעגט:

— אָבער ווי אַזוי, גאָט, וועט עס געהערן צו זיי: ווי צו אַ באַלעבאָס, אָדער ווי צו אַ קבצן?

אברהם האָט זיך נישט געכאַפּט (האָט ער דאָך גערעדט מיט גאָט פּנים אל פּנים, ווי די בעסטע פריינד, ווי־זשע האָט אים געקאָנט איינפאַלן אַזוינס) אין זיין תמימותדיקן צוטרוי, און גאָט איז געלונגען דער דריי: אי ער האָט געהאלטן וואָרט, אי ער האָט אויסגעלאַכט. אַך, ווי בלוטיק אויסגעלאַכט!

פון אַלע זיינע צוזאָגן צו אברהמען און צו זיינע קינדער, איז דאָס דער איינציקער צוזאָג, וואָס איז מקויים געוואָרן.

נישט שוין־זשע וועט ער מקויים ווערן ביזן לעצטן אות? און די גאַנצע ערד וועט געהערן צו אברהמס זאָמען „אויף אייביק״?

## מ"ח) די תוכחה

נישט אומזיסט האָבן ייִדן אַזוי מורא פאַר אַ קללה: קיין איין נבואה וועגן זיי האָט זיך נישט פאַרווירקלעכט אין אַזאַ מאָס, ווי די קללות פון דער תוכחה. עס ווערט אומהיימלעך, ווען מע לייענט די תוכחה און עס דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ רעאַליסטישע באַשרייבונג פון דער היינטיקער צייט.

„...וועסט זיין צו שוידער ביי אַלע קיניגרייכן פון דער ערד. און דיינע טויטע לייבער וועלן זיין צו שפייז פאַר יעטוועדער פויגל פון הימל, און פאַר דער חיה פון דער ערד, און קיינער וועט נישט אָפּטרייבן... גאָט וועט דיך שלאָגן מיט משוגעת, און מיט בלינדקייט, און מיט צעדולדקייט פון האַרצן... וועסט רק זיין באַרויבט און באַגזלט אַלע טעג, און קיינער וועט נישט העלפן... דיינע זין און דיינע טעכטער וועלן אָפּגעגעבן ווערן צו אַן אַנדער פאָלק, און דיינע אויגן וועלן זען, און אויסגיין נאָך זיי אַ גאַנצן טאָג, און דיין האַנט וועט זיין אָן מאַכט... און וועסט ווערן משוגע פון דער זעונג פון דיינע אויגן וואָס דו וועסט זען... גאָט וועט אָפּפירן דיך, און דיין מלך וואָס וועסט אויפשטעלן איבער דיר, צו אַ פאָלק וואָס דו און דיינע עלטערן האָבן נישט געקענט; און וועסט דאָרטן דינען פרעמדע געטער, האָלץ און שטיין. און וועסט זיין פאַר אַ שרעק, פאַר אַ שפּריכוואָרט, און פאַר אַ שפּאָט צווישן אַלע פעלקער, וואָס גאָט וועט דיך אַהין אָפּפירן".

געוויס, דאָס איז געזאָגט געוואָרן נאָך אַ געוויסער דערפאַרונג, ווי מע קאָן דאָס בולט זען פון אַזעלכע זאַצן, ווי: „גאָט וועט אָפּפירן דיך, און דיין מלך וואָס דו וועסט אויפשטעלן איבער דיר, צו אַ פאָלק, וואָס דו און דיינע עלטערן האָבן נישט געקענט", — אָבער דאָך איז אין דער תוכחה דאָ עכטע נבואה מער, ווי אין די טרייסט־נבואהס.

נישט אומזיסט האָבן ייִדן מורא פאַר קללות. די געוואַלדיקע קללות, וואָס זייערע נביאים האָבן אויף זיי אויסגעגאָסן אין דער פּולקייט פון זייער האַס־ליבע, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַזויווירקזאַם!...

## מ״ט) לויט זיין געשטאַלט

„און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן לויט זיין געשטאַלט״ (בראשית א׳, 27).

קוקט מע זיך צו צום מענטשן, איז שווער אין דעם צו גלייבן. דערפאַר איז אָבער אַ סך לייכטער צוצולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער דאָזיקער פערז פון חומש דאַרף געלייענט ווערן אַנדערש, נעמלעך: „און דער מענטש האָט געשאַפן גאָט לויט זיין געשטאַלט״.

אין תנ״ך זיינען דאָ זייער אַ סך באַווייזן פאַר דעם, אַז מיין השערה איז ריכטיק. און דער בולטסטער באַוויז דערפאַר איז די געשיכטע פונעם מבול.

אונדזערע חכמים, וואָס פלעגן צוגעבן אַ זין (זייער אייגענעם זין) יעדן וואָרט, יעדן תג פון דער תורהס אותיות, וואָס פלעגן צוגעבן אַ זין סיי דעם, וואָס געפינט זיך אין דער תורה, סיי דעם, וואָס דאָרט געפינט זיך נישט — די דאָזיקע חכמים האָבן זיך געשטעלט די פראַגע: פאַר וואָס האָט גאָט ביים באַשאַפן דעם מענטשן נישט געזאָגט: „און גאָט האָט געזען, אַז דאָס איז גוט״, ווי ביים באַשאַפן די ערד און דעם הימל, ווי ביים באַשאַפן די לעבעדיקע און די טויטע נאַטור?

און אונדזערע חכמים גיבן דערויף אַ טיפזיניקן ענטפער: דעם מענטשן האָט גאָט געשאַפן נישט קיין שלימותדיקן; ערשט מיט דער הילף פון דער תורה וועט דער מענטש ווערן שלימותדיק.

אָבער דער מענטש, ווען ער וואָלט געשאַפן געוואָרן לויט גאָטס געשטאַלט, וואָלט דאָך געוועזן זיין פולקום, ווי זיין פּראָטאָטיפּ.

גאָט, דער אַלוויסנדיקער גאָט, האָט נישט געזאָגט ביים שאַפן דעם מענטשן: „און גאָט האָט געזען, אַז דאָס איז גוט״, ווייל אין ערשטן קאַפּיטל פון „בראשית״ האָט ער שוין געוווסט, אַז אין זעקסטן קאַפּיטל פון זעלבן „בראשית״ וועט אים אויסקומען צו זאָגן די ביטערע ווערטער:

„און גאָט האָט געזען, אַז דאָס בייז פון דעם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד, און די גאַנצע טראַכטונג פון די מחשבות פון זיין האַרצן איז רק צום בייזן אַ גאַנצן טאָג. און גאָט האָט חרטה געהאַט וואָס ער האָט געמאַכט דעם מענטשן אויף דער ערד, און ער איז געווען באַ׳צערט אין זיין האַרצן. און גאָט האָט געזאָגט: איך וועל אָפּמעקן דעם מענטשן, וואָס איך האָב באַשאַפן, פון דעם געזיכט פון דער ערד; פון אַ מענטשן ביז אַ בהמה, ביז אַ שרץ, און ביז אַ פויגל פון הימל; וואָרעם איך האָב חרטה וואָס איך האָב זיי געמאַכט״ (בראשית ו, 6־7).

ווי נאָר גאָט אַ קוק געטאָן אויפן מענטשן וואָס ער האָט געשאַפן, האָט ער חרטה געהאַט וואָס ער האָט אים באַשאַפן. און עס איז מעגלעך אַז גלייך אין ערשטן מאָמענט פון מענטשנס באַווייזן זיך אויף דער וועלט האָט גאָט געוווסט דעם ביטערסטן אמת וועגן דאָזיקן סאַמע דעגענערירטן פון זיינע באַשעפענישן: ער האָט געוווסט, אַז דער דאָזיקער, דורך אים געשאַפענער מענטש, וועט זיך שאַפן אַ גאָט לויט זיין — דעם מענטשנס — אייגענער געשטאַלט.

*

צי געדענקט איר די געשיכטע פון מבול?

גאָט האָט אַרויסגעוויזן זיין באמת געטלעכן מוט, ווען ער האָט מודה געווען פאַר זיך אַליין, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פעלער מיטן שאַפן דעם מענטשן: אַז די דאָזיקע שאַפונג, וואָס דאַרף זיין די קרוין פון באַשאַף, איז אים נישט געלונגען.

און גאָט, ווי יעדער גרויסער שעפער, — וואָס איז נישט צופרידן מיט זיין שאַפונג — האָט דעם מענטשן געוואָלט פאַרניכטן. אָבער אין זיין גרויס רחמנות צו זיין נישט געראָטענעם באַשעפעניש, האָט גאָט נישט אויסגעפירט זיין סאַמע בעסטע כוונה — אָפּמעקן פון דער ערד דעם מענטשן; און ער האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסצומיידן דעם גערעכטן צאָרן...

אָבער מיט וואָס האָט דער מענטש אָפּגעצאָלט גאָט פאַר זיין גרענעצלאָזער גוטסקייט? אדרבא, לייענט אַדורך די סאַמע נידערטרעכטיקסטע רכילות אויף גאָט אין אַכטן קאַפּיטל פון ב ר א ש י ת:

„און גאָט האָט געשמעקט דעם געשמאַקן ריח, און גאָט האָט געזאָגט אין זיין האַרצן: איך וועל מער ווידער נישט פאַרשעלטן די ערד פון וועגן דעם מענטשן; וואָרעם די טראַכטונג פון דעם מענטשנס האַרצן איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן. און איך וועל מער ווידער נישט דערשלאָגן אַלץ וואָס לעבט, אַזוי ווי איך האָב געטאָן״ (בראשית ח׳, 21).

ווי נאָר גאָט האָט דערשמעקט דעם ווילגערוך פון קרבן, וואָס נח האָט מקריב געווען פאַר אים, איז זיין האַרץ ווייכער געוואָרן און ער איז געגאַנגען אויף קאָמפּראָמיסן: וואָס זאָל מען טאָן, אַזוי איז שוין דער מענטש; ער איז שלעכט פון געבורט אָן, נו, טאָ זאָל ער זיך לעבן אַזאַ, ווי ער איז...

און דער מענטש האָט באַקומען אַן אייזערנעם בריוו, אַז ער וועט מער נישט אויסגעשטעלט זיין אויף דער געפאַר פון העכסטער שטראָף, וואָס ער האָט זי כשר פאַרדינט.

און אַלץ צוליב אַ ביסל ווילגערוך...

אַנדערש קאָן זיך דער מענטש נישט פאָרשטעלן נישט נאָר זיין מיטמענטשן, נאָר אויך נישט זיין גאָט.

ער האָט געשאַפן דעם גאָט זיינעם לויט זיין אייגענער, מענטשלעכער, געשטאַלט טאַקע דערפאַר, ווייל גאָט האָט אים, דעם מענטשן, נ י ש ט געשאַפן לויט זיין, גאָטס, געשטאַלט.

אָבער דער מענטש, וועלכער איז די איינציקע חיה וואָס האָט זיך איינגערעדט, אַז זי איז אַ מענטש, האָט זיך אויך איינגערעדט, אַז ער איז געשאַפן געוואָרן לויט גאָטס געשטאַלט.

די סאַמע נידערטרעכטיקסטע גאָט־לעסטערונג אין דער גאָט־לעסטערנדיקער געשיכטע פונעם מענטשן, פון דער מענטשהייט.

## ג) אברהם אבינו האָט זיך דערשראָקן

די דערציילונג פון בראשית י״ח וועגן אברהמס שמועס מיט גאָט וועגן סדום, איז מערקווערדיק לויטן געמיש פון איר פרימיטיווער אוראַלטקייט — און — איר העכסטן הומאַניזם.

אין תנ״ך איז דאָס נישט קיין זעלטנקייט, אָבער אָט דער קאַפּיטל י״ח איז איינער פון די שטעלן, וווּ דער דאָזיקער געמיש איז באַזונדערס שאַרף קאַנטיק.

מיט וואָסער פּרימיטיווער אוראַלטקייט עס שמעקט גאָטס אַראָפּנידערן אויף דער ערד כדי צו זען, צי די זינד פון סדום און עמורה זיינען טאַקע אַזוי גרויס „ווי דאָס געשריי וואָס איז געקומען צו מיר״; ווי פּרימיטיוו אוראַלט עס איז אַ גאָט, וואָס פרעגט אברהמען „פאַר וואָס האָט שרה געלאַכט?״, און ווען שרה לייקנט אָפּ איר געלעכטער, באַשטייט ער אויף זיינס: „ניין, האָסט יאָ געלאַכט״; ווי פּרימיטיוו עס איז אַ גאָט, וואָס קומט און גייט אַוועק: „און גאָט איז אַוועקגעגאַנגען, ווען ער האָט געענדיקט ריידן צו אברהמען און אברהם האָט זיך אומגעקערט צו זיין אָרט״.

אָבער גלייכצייטיק מיט דער דאָזיקער פּרימיטיווער אוראַלטקייט, ווען גאָט קומט און גייט אַוועק און עסט ווי אַ מענטש (זעט נאָר ווי די דערציילונג פלאָנטערט זיך אין דער נעץ פון אוראַלטקייט: „און גאָט האָט זיך באַוויזן צו אים, ביי די אייכנביימער פון ממרא... און ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און האָט דערזען — ערשט דריי מענער שטייען פאַר אים; און ווי ער האָט זיי דערזען, אַזוי איז ער זיי געלאָפן אַנטקעגן... און ער האָט געזאָגט: מיין האַר... לאָז געבראַכט ווערן אַ ביסל וואַסער, און וואַשט אייערע פיס״...), פאַרמאָגט דאָס דאָזיקע קאַפּיטל אַ פאַרגעשריטענעם הומאַניזם וואָס איז נאָך אַ צוקונפט־טרוים אויך פאַר אונדזער צייט, טויזנטער יאָרן פון פראָגרעס זינט יענער אוראַלטקייט.

די פּרימיטיווע פאָרעם פונעם קאַפּיטל פאַרמאָגט אַ פאַרגעשריטענעם אינהאַלט. פונקט ווי אונדזער צייט האָט באַוויזן, אַז פאַרגעשריטענע פאָרעם קאָן זיך פאָרן מיט אורוואַלדישן אינהאַלט, מיט פּרימיטיווסטן קאַניבאַליזם, אַזוי באַווייזט קאַפּיטל י״ח פון „בראשית״, אַז אורוואַלד־פאָרעם קאָן גיין האַנט אין האַנט מיט טיפסטן הומאַניזם.

אין דער פּרימיטיווער ראַם פון גאָטס מענטש־אַרטיקייט (פון גאָטס אורוואַלד־מענטשישקייט) איז ווי אַ זעלטן־ריינער ברילייאַנט אַריינגעפּאַסט דעם מענטשנס דערהויבענע, פאַרגעשריטנסטע גאָט־אַרטיקייט. איך מיין דאָ אברהמס שמועס מיט גאָט וועגן סדום און עמורה.

אויך די אויסערלעכע שאָל פון דעם דאָזיקן שמועס איז פּרימיטיוו אין איר באַזוּוקייט; אָבער דער הומאַניטאַרער פּאַטאָס פון זיין קערן!

אָט נאָר־וואָס האָט אברהם פאַרגעלייגט גאָט ער זאָל עסן, ווי ער וואָלט געווען אַן אורוואַלד־גאָט, און אָט רעדט ער שוין צו אים ווי צו אַ גאָט פון די נביאים:

„נישט שוין זשע וועסטו אומברענגען דעם אומשולדיקן מיט דעם שולדיקן?

טאָמער זיינען דאָ פופציק אומשולדיקע אין דער שטאָט, נישט שוין־זשע וועסטו זיי אומברענגען, און וועסט נישט פאַרגעבן דעם אָרט פון וועגן די פופציק אומ־שולדיקע וואָס אין איר?... זאָל דער ריכטער פון דער גאַנצער ערד נישט טאָן גערעכטיקייט?״...

ווי פּרימיטיוו־אויסערלעך און ראַפינירט־הומאַניסטיש אינערלעך עס איז די גאַנצע דינגעניש פון אברהמען מיט גאָט פאַרן לעבן פון דער זינדיקער סדום.

ווען גאָט איז מסכים צו שענקען סדום דאָס לעבן, אויב זי פאַרמאָגט פופ־ציק צדיקים, זאָגט אברהם: „טאָמער וועלן פעלן פון די פופציק אומשולדיקע פינף, וועסטו פון וועגן די פינף צעשטערן די גאַנצע שטאָט?״

אברהמען אינטערעסירן שוין נישט סדומס שולדיקע, — וויפל זיי זאָלן נישט זיין; פאַר פופציק צדיקים איז גאָט גרייט צו לאָזן לעבן די שטאָט, איז צוליב פינף ווייניקער — צוליב פינף! — וועט ער זי אומברענגען?!

און אַברהם ווערט נישט מיד צו פאָדערן ביי גאָט אַלץ אַ קלענערן פּרייז פאַר לאָזן לעבן סדום. ווייזט אויס, אַז קיין צו גרויסן קרעדיט אויף צידקות האָט סדום ביי אברהמען נישט געהאַט. ער האָט כסדר געשניטן גאָטס פּרייז, כדי סדום זאָל אים קאָנען צאָלן.

פאַר וואָס אָבער רייסט אברהם איבער דאָס דינגעניש, ווען גאָט איז מסכים צו לאָזן לעבן סדום פאַרן פּרייז פון צען צדיקים? צי האַלט אברהם אַז ער האָט שוין אויסגעדונגען דעם לעצטן פּרייז? אַז ער קאָן שוין ביי גאָט נישט פאָדערן, ער זאָל ווייטער אַראָפּלאָזן?

גאָט וואַרפט אַזוי לייכט דעם פּרייז, וואָס אברהם גופא האָט אים אָנגע־באָטן פאַרן לעבן פון סדום, אַז קיין איין לייענער פון בראשית י״ח, וואָס פילט זיך אַריין אין דער דאָזיקער פּרימיטיוו־דערהויבענער דערציילונג, קאָן נישט ניט זיין זיכער אַז גאָט איז גרייט צו לאָזן ביליקער, אַז גאָט וויל נישט האַלטן אברהמען ביים וואָרט: — זאָל נאָר אברהם פאָרלייגן פינף און דריי, און גאָט וועט באַלד איינגיין אויך אויפן דאָזיקן שפּאָט־ביליקן פּרייז.

און אברהם, ווייזט אויס, האָט דאָס אויך דערשפּירט אין גאָטס שנעלן אַרונ־טערלאָזן פון פּרייז און דערפאַר טאַקע האָט ער זיך דערשראָקן און איבערגע־ריסן זיין דינגעניש: ער האָט זיך דערשראָקן פאַרן מאָמענט, ווען גאָט וועט אים לאָזן ראַטעווען סדום פאַרן פּרייז פון איין צדיק און דאָך וועט סדום נישט גע־ראַטעוועט ווערן, ווייל עס וועט זיך דאָרט נישט געפינען קיין איין צדיק אַפילו.

און דערפאַר ווערט דער שמועס פלוצלונג איבערגעריסן, אָן איין אָפּשלוס־וואָרט.

אברהם איז דערשראָקן פון זיין אַנונג וואָס באַהערשט אים פלוצלונג, אַז אין סדום איז נישטאָ קיין איין צדיק.

און נישט נאָר ער איז דערשראָקן — ער איז אויך פאַרשעמט: ער דערפילט פלוצלונג ווי קינדיש — און אויך אָראָגאַנטיש — עס איז פון זיין זייט צו וועלן ווייזן גאָט אַז ער, אברהם, איז רחמימדיקער פאַר זיין באַשאַפער, דעם „ריכטער פון דער גאַנצער וועלט״. ווי אַזוי האָט ער דאָס גלייך נישט פאַרשטאַנען אַז ווען עס וואָלטן אין סדום זיך געוווען געפונען פופציק, צוואַנציק, צען און אַפילו נאָך ווייניקער צדיקים, וואָלט ער, אברהם, נישט געוווען באַדאַרפט אויסדינגען ביי גאָט סדומס לעבן. אויב גאָט האָט באַשלאָסן אומצוברענגען סדום און עמורה,

האָט ער ביים אַראָפּנידערן אויף דער ערד זיך איבערגעצייגט אַז „זיי האָבן אין גאַנצן געטאָן אַזוי ווי דאָס געשריי וואָס איז געקומען צו אים".

אברהם האָט זיך פּלוצלונג דערשראָקן פאַר גאָטס געדולדיקייט צו זיין, אברהמס, דינגעניש — ער האָט זיך דערשראָקן פאַר גאָטס ווייטערדיקן אומבאַגרענעצטן אַראָפּלאָזן פון פּרייז: ער האָט פאַרמאַכט די אויגן פאַר דער גרויזאַמער ווירקלעכקייט און ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר דער אַראָגאַנטישקייט זיינער, וואָס גאָט האָט זי באַהאַנדלט מיט גרענעצלאָזער געדולד ווי מע באַציט זיך צו אַ גוט־מיינענדיק אָבער נאַיִוו קינד.

און ביידע האָבן מער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט: אברהם, ווייל זיינע אויגן האָבן זיך פּלוצלונג געעפנט, און גאָט, ווייל ער האָט געזען אַז אברהמס אויגן האָבן זיך געעפנט.

און ביידע זיינען זיך צעגאַנגען, פאַרבונדן אין געמיינזאַמען טרויער פאַר סדום וואָס דער ברענענדיקער רחמנות פון גאָט און מענטש קאָן זי מער נישט ראַטעווען.

זי איז אַזוי אָרעם אין צידקות, אַז דער קלענסטער סימבאָלישער פּרייז פאַר איר אויסלייזונג איז צו גרויס פאַר איר, זי זאָל אים קאָנען באַצאָלן...

## נ״א) אַ פּריסטאַוו, וואָס נעמט נישט...

ספר שמואל (א׳ און ב׳) האָט אַ סך רירנדיקע, דעפּרימירנדיקע און דער־הייבנדיקע מאָמענטן. צו די רירנדיקסטע געהער דער אָנהייב פון קאַפּיטל י״ב.

דער אַלטער שמואל הנביא, וועלכער האָט מיט אַזוי פיל מוט און מיט נאָך מער גייסט געקעמפט קעגן דער בענקשאַפט פון פאָלק ישראל נאָך אַ קיניג, האָט נאָך זיין פאַרשפּילטן קאַמף דערפילט די זיקנה. און ער געזעגנט זיך מיט זיין פאָלק. ער טרעט אָפּ פון זיין פירערשאַפט.

„און שמואל האָט געזאָגט צו גאַנץ ישראל: זעט, איך האָב צוגעהערט צו אייער קול און אַלץ וואָס איר האָט צו מיר געזאָגט, און איך האָב געמאַכט איי־בער אייך אַ מלך. און אַצינד, אָט גייט דער מלך פאַר אייך; איך אָבער בין אַלט און גראָ, און אָט זיינען מיינע זין מיט אייך; און איך בין געגאַנגען פאַר אייך פון מיין יוגנט אָן ביז היינטיקן טאָג. דאָ בין איך, זאָגט עדות אַקעגן מיר פאַר גאָט און פאַר זיין געזאַלבטן: וועמענס אָקס האָב איך צוגענומען? און וועמענס אייזל האָב איך צוגענומען? און וועמען האָב איך באַרויבט? וועמען האָב איך געדריקט? אָדער פון וועמענס האַנט האָב איך גענומען אויסלייז אַז איך זאָל פאַרהוילן מיינע אויגן פון אים? און איך וועל עס אייך אומקערן.

„האָבן זיי געזאָגט: — האָסט אונדז נישט באַרויבט און האָסט אונדז נישט געדריקט, און האָסט פון קיינעמס האַנט גאָר נישט גענומען״.

רירנדיק — ביז טרערן! — איז אָט דער קורצער דיאַלאָג צווישן דעם אַלטן פירער און זיין יונג פאָלק.

צי איז אָבער דערגאַנגען צו אונדז דער גאַנצער אמת וועגן דער דאָזיקער געשעעניש? צי איז דאָ עפּעס נישט אויסרעדאַקטירט געוואָרן?

אַז דער קאַפּיטל י״ב דערציילט נישט דעם ריינעם אמת, באַווייזט מיר אין זעלביקן ספר שמואל א׳ דאָס קאַפּיטל ח׳.

ווען שמואל טיילט מיט דעם פאָלק, אין קאַפּיטל י״ב, אַז ער וויל פאַרלאָזן זיין פירער־אַמט, זאָגט ער צו זיי: „איך... בין אַלט און גראָ״. און ער גיט זיי אָן אין נדן: „און אָט זיינען מיינע זין מיט אייך״.

שטעלט זיך די קשיא: פאַר וואָס פּראָטעסטירט נישט דאָס פאָלק קעגן אָט דער לעצטער מציאה, וואָס ער טרייסט זיי מיט איר: „אָט זיינען מיינע זין מיט אייך״? מיר ווייסן דאָך שוין פונעם קאַפּיטל ח׳ וועגן די דאָזיקע תכשיטים זיי־נען: „אַז שמואל איז אַלט געוואָרן, האָט ער געמאַכט זיינע זין פאַר שופטים אויף ישראל. און זיינע זין זיינען נישט געגאַנגען אין זיינע וועגן, און זיי האָבן זיך אָפּגענייגט נאָך געווין, און האָבן גענומען שוחד, און פאַרדרייט דעם מישפּט״.

אָט די זין גיט זיי שמואל אָן אין נדן, כדי דאָס פאָלק זאָל רויִק אויפנעמען שמואלס רייד: „גיין פאַר זיי״?

דער תירוץ איז אָבער אַז דער גאַנצער אמת וועגן דעם ריס צווישן שמואלן און זיין פאָלק ליגט אין די טונקעלע פאַלדן פון קאַפּיטל ח׳ און נישט אינעם קאַפּיטל י״ב.

ווען שמואל איז אַלט געוואָרן און באַשטימט זיינע זין פאַר שופטים, זיי זאָלן אים העלפן אין דער שווערער אויפגאַבע צו פירן און מישפטן דאָס פאָלק, האָבן די רעדל־פירערס, קורחס אייניקלעך, געעפנט די אויגן: ז יי נעמען דאָך! מ׳קאָן זיי געבן אויסלייז, כדי זיי זאָלן פאַרהוילן זייערע אויגן פון די מעשים פון קורחס אייניקלעך!

זיינען זיי געקומען צו שמואלן און דיפּלאָמאַטיש געזאָגט צו אים: „זע, דו ביסט אַלט און דיינע זין גייען שוין פאַר אונדז, און עס געפעלט אונדז דער אופן ווי זיי גייען פאַר אונדז. ד ו האָסט טאַקע נישט גענומען, אָבער דו האָסט אויך נישט פאַרהוילן דיינע אויגן פון אונדזערע מעשים; ווען דו וואָלסט געווען ווי דיינע זין, וואָלטן מיר נישט געווען באַדאַרפט פאַרניכטן די פעטע סטאַדעס פונעם פאַרטיליקטן עמלק, — דו וואָלסט געהאַט און מיר וואָלטן געהאַט: עס וואָלט געסטאַיעט פאַר אונדז אַלע; עס איז אמת אַז דו האָסט נישט גענומען, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין מעלה, נאָר אַ חסרון; איז גיי זיך געזונטערהייט".

נישט שמואל איז געקומען צום פאָלק מיטן פאַרלייג צו דעמיסיאָנירן; דאָס פאָלק, דערשפּירנדיק דעם טעם פון ר י כ ט ע ר ס וואָס נ ע מ ע ן, זיינען געקומען צו אים און העפלעך געוויזן דעם פאַרעלטערטן פירער דעם וועג.

שמואל האָט זיי געפּרוּווט אָפּריידן, ער האָט זיי געוואָלט אָפּשרעקן, דורך געבן אָנצוהערן וועגן די „מעלות" פון זיינע זין — „און אָט זיינען מיינע זין מיט אייך" (ווי איינער זאָגט: איך דאַרף אייך דאָך נישט דערציילן ווער זיי זיינען, — איר קענט זיי דאָך שוין...), — אָבער נישט נאָר דאָס האָט זיי נישט אָפּגעשראָקן, נאָר אדרבא: דאָס איז ווויל געפעלן אין זייערע אויגן.

הגם די ייִדן אין שמואלס צייטן האָבן נישט געקענט די מעשה מיטן פּריסטאַוו אין אַ ייִדיש שטעטעלע אין רוסלאַנד, איז דאַן דאָך פאַרגעקומען די זעלביקע מעשה.

אין אַ רוסיש שטעטל איז געשטאָרבן דער אַלטער פּריסטאַוו. האָט דער צאַר אַריינגעשיקט אַ נייעם. איז געוואָרן אַ מהומה אין שטעטל, ווי בעת אַ גזירה פון מלכות.

איז געקומען אַ ייִד פון אַ צווייט שטעטל און דערזען די מהומה ביי זיינע ברידער־ייִדן, האָט ער זיי מיט זאָרג געפרעגט: „וואָס איז געשען? עפּעס אַ פרישע גזירה?" האָבן אים די ייִדן געענטפערט: „אַלץ הייסט אַ גזירה! דער נייער אדון — דער פּריסטאַוו, הייסט עס — נעמט נישט".

— איז דאָך גוט, — האָט דער פרעמדער ייִד געענטפערט.

— ניין, ר׳ ייִד, — האָבן די שטעטלשע ייִדן זיך אָפּגערופן, — אַז אַ פּריסטאַוו נעמט נישט איז נישט גוט. עס איז שלעכט!

די ייִדן פון שמואלס צייטן האָבן נישט געקאָנט דערציילן די דאָזיקע מעשה, אָבער זיי האָבן אים געקאָנט זאָגן מיט אַנדערע ווערטער, אַז ווען אַ האַנט נעמט נישט, איז דאָס אויג שאַרף און עס זעט אַ סך זאַכן, וואָס זיי, די דעמאָלטיקע ייִדן אַפילו, האָבן נישט געוואָלט מ׳זאָל דאָס זען און מאַכן אַ געוואַלד.

דעם פאָלקס ווערטער „און דיינע זין גייען נישט אין דיינע וועגן", איז נישט געווען קיין פאָרוואורף פאַר די זין, נאָר פאַר שמואלן...

*

יאָ, די לעצטע מעשה מיט שמואלן און זיין פאָלק איז שטאַרק פאַרדרייט געוואָרן — מען האָט דאָס דערציילט מיט קיצורים און צוגאָבן אין צוויי באַזונדערע קאַפּיטלען, כדי צו פאַרטונקלען די מיאוסע מעשה. אָבער עס זיינען פאָרט געבליבן אָנצוהערענישן, וואָס האָבן מיר דערמעגלעכט צו דערקלייבן זיך צום אמת.

און דער אמת באַווייזט ווידער אַ מאָל אַז מיר שטאַמען אָפּ אין אַ דירעקטער ליניע פון אַמאָליקן פאָלק ישראל, — מיר זיינען כשרע אור־אור־אייניקלעך פון אונדזערע אור־אור־אבות, אין גוטן ווי אין שלעכטן...

## נ״ב) דאָס יובל־יאָר

צווישן די געזעצן פון דער תורה איז דאָ אַ מערקווערדיקער געזעץ, וואָס טיילט זיך אויס מיט זיין טיפקייט און מענטשלעכקייט אַפילו צווישן דער הומאַניטאַרער און טיפער סאָציאַלער געזעצגעבונג פון דער תורה.

דאָס איז דער געזעץ וועגן יובל־יאָר.

„און איר זאָלט הייליקן דאָס פופציקסטע יאָר, און אויסרופן אַ פריילאָזונג אין לאַנד פאַר אַלע אירע באַוווינער; יובל זאָל עס אייך זיין; און איר זאָלט אייך אומקערן איטלעכער צו זיין אייגנטום, און איטלעכער צו זיין מישפּחה זאָלט איר אייך אומקערן" („ויקרא", כ״ה, 10).

יעדע פופציק יאָר דאַרפן אַלע אַלטע רעכענונגען איבערגעשטראָכן און אַנו־לירט ווערן; עס ווערט געעפנט אַ ניי בלאַט: דאָס לאַנדווירטשאַפטלעכע יידישע פאָלק טיילט איבער די ערד פון ס'ניי, עס הייבט אָן פון אָנהייב, אָן דער פלאָנ־טער־לאַסט פון פופציק יאָר מענטשלעכע פאַרדרייעניש און פאַרקריפּלונגען.

„און איר זאָלט אייך אומקערן איטלעכער צו זיין אייגנטום, און איטלעכער צו זיין מישפּחה זאָלט איר אייך אומקערן". דאָס יובל־געזעץ וויל צעהאַקן דעם גאָרדיען־קנופּ וואָס די מענטשן באַמיִען זיך כסדר אויפצוקניפּן און פאַרציִען אים נאָך שטייפער.

אין דעם דאָזיקן געזעץ איז צו זען דעם קאָנסעקווענטן אויספיר פון יענעם פעסימיזם, וואָס האָט באַקומען אַ קלאַסישן אויסדרוק אינעם „כי יצר לב האדם רע מנעוריו" („וואָרעם די טראַכטונג פון דעם מענטשנס האַרצן איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן"); מע טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויפן מענטשן, אַז ער וועט איין מאָל פאַר אַלע מאָל גוט איינאָרדענען זיין געזעלשאַפטלעך לעבן; מ'מוז שטיין אויף דער וואַך און פון צייט צו צייט אויספּלאָנטערן דעם מענטשן פון דער נעץ, אין וועלכער עס פאַרפּלאָנטערט אים זיין נאַטור, זיין קאַטעגאָרישסטער אימפּע־ראַטיוו — צו לעבן פאַר יעדן פּרייז (אויפן חשבון פון אַנדערע). — מ'דאַרף אים געבן די פרייהייט אָנצוהייבן פון ס'ניי, אַן אָטעם־פּויזע, ביז ער וועט זיך ווידער פאַרפּלאָנטערן.

דער, וואָס האָט באַשטימט דאָס יובל־געזעץ האָט באַגריפן דאָס וואָס מיר אַלע וואָלטן באַדאַרפט באַגרייפן: עס איז נישט מעגלעך אויסצוחשבונען מיטן אַקוראַט דעם פאַרוויקלטן חשבון פון אַ מענטשלעכער געזעלשאַפט און מע מוז אַריינפירן אין איר אַ רעגולירנדיקן פאַקטאָר פון דרויסן: פאַרגעסט די אַלטע חשבונות און הייבט אָן ווי נייגעבוירענע קינדער. זאָל זיך איטלעכער אומקערן צו זיין אייגנטום און צו זיין מישפּחה, — ווירטשאַפטלעך גערעדט; אָבער סימבאָליש באַטייט עס — אָנהייבן פונעם מקור: איטלעכער האָט זיין אָרט און זיין סביבה, צו וועלכער מע דאַרף אים אומקערן ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד.

אָט דאָס דאָזיקע יובל־געזעץ איז דאָס וויכטיקסטע, אין וואָס די וועלט ניי־טיקט זיך; מ'דאַרף אויסרופן אַ יובל איבער דער גאַנצער וועלט: פאַרגעסט די

אַלטע פאַרפּלאָנטערטע חשבונות, פאַרוואָרפט די אילוזיע אַז מען קאָן ביים פרידנס־טיש, ביים „אונאָ"־טיש זיך פונאַנדערקלייבן אין אַלע רעכענונגען, וואָס יעדער איינער טראָגט ביי זיך זינט דורות און דורות. עס איז דאָ איין אויסוועג: צערייסן די קליינעכקע חשבונות, אַלטע עוולות, פּרעטענזיעס פון קאָנטאָ־ביכער און אָנהייבן פון אַ ריין זייטל, געשריבן מיט פאַרשטאַנד און געפיל, דיקטירט פון אַ געטלעך געזעץ אַז יעדער דאַרף אומגעקערט ווערן צו זיין אייגנטום און צו זיין מישפּחה, אויף וואָסער אופן ער זאָל נישט האָבן פאַרלוירן זיין אייגנטום, אויף וואָסער אופן ער איז נישט פאַרטריבן געוואָרן פון זיין מישפּחה.

אין וואָס, אייגנטלעך, באַשטייט דער קערן פונעם יובל־געזעץ?

אין צוויי פּשוטע ווערטער: פ אַ ר ג ע ס ן און ג ע ד ע נ ק ע ן.

מע דאַרף קאָנען פאַרגעסן דאָס קליינלעכע, דאָס צופעליקע; און מען דאַרף קאָנען געדענקען דאָס אייביקע, דאָס געטלעכע.

*

דאָס פאַרגעסן איז פונקט אַזאַ פּאָזיטיווער כוח, ווי דאָס געדענקען. און מע קאָן אפשר זאָגן, אַז דאָס פאַרגעסן און דאָס געדענקען זיינען צוויי זייטן פון דער זעלביקער מטבע: דער פּסיכישער אַקט פון געדענקען איז בלויז מעגלעך דערפאַר, ווייל ער איז גלייכצייטיק אַן אַקט פון פאַרגעסן דאָס איבעריקע, וואָס איז אינעם מאָמענט פון געדענקען נישט נייטיק. אַ געזונטער מענטש מוז קאָנען פאַרגעסן, — דאָס איז איינע פון די געזונטע פונקציעס פון מענטשלעכן מאַרך. דאָס גע־דענקען תמיד אַלץ איז אַ קראַנקייט וואָס שטערט צו לעבן, צו האַנדלען, צו געניסן דאָס לעבן און צו מייסטערן דאָס לעבן, ווייל דאָס געדענקען תמיד אַלץ פירט צו גריבלענישן; ווי שרעקלעך עס וואָלט אויסגעזען אין דער ממשלה פון מענטשלעכן גייסט, ווען זי וואָלט נישט רעגולירט געוואָרן דורך דעם פאַרגעסן! דער מענטש וואָלט דערדריקט געוואָרן אונטער דער אומדערטרעגלעכער לאַסט פונעם אַבסאָלוטן געדענקען. ער וואָלט געוועזן געלעבט אין אַ כאַאָס, ווו דאָס גיין פאָרויס וואָלט אוממעגלעך געוואָרן צוליבן כסדרדיקן קוקן אויף צוריק.

עס איז זיך גענוג פאָרצושטעלן, ווי עס וואָלט אויסגעזען אונדזער ייִדיש לעבן, ווען עס וואָלט זיך געוועזן געפונען אונטערן אויסשליסלעכן צייכן פונעם בלויזן געדענקען, כדי איינצוזען די באַגליקנדיקע, שעפערישע קראַפט פונעם פאַרגעסן. ווען נישט דאָס פאַרגעסן, וואָלט פאַר אונדז געווען פאַרשפּאַרט יעדער וועג צו דער צוקונפט, יעדע מעגלעכקייט פון שעפערישן אויסלעבן זיך; מיר וואָלטן געווען פאַרמישפּט אויף אַן אומפּרוכטבאַר לעבן פון אייביקן פאַר־זונקען זיין אינעם שווידערלעכן אָפּגרונט פון געדענקען, וואָס עס איז געשען מיט אונדז פון בראשית אָן.

אָבער אויך דאָס צו פיל פאַרגעסן קאָן פאַרשפּאַרן דעם וועג צו דער צו־קונפט. דער מענטש מוז אויך קאָנען געדענקען! מ'מוז קאָנען געדענקען די גרוי־סע, ביטערע, נייע דערפאַרונגען און דעם אומפאַסנדיקן געזעץ פונעם יובל־יאָר.

אויב מיר און די וועלט וועלן איצט, נאָך דעם אַלעם וואָס איז געשען, אַוועק־זעצן די קליינקעפּלדיקע בוכהאַלטאָרן, וואָס זיינען ביז איבערן פּליך פאַרזונקען אין די פּערטל גראָשנס, כדי צו מאַכן דער מענטשהייטס (און יעדן פאָלקס) בילאַנס ביז אויף אַ גראָשן און מע וועט פאַרגעסן, ווי פּרעה נאָכן איבערקומען אַ מכה,

די גרויסע לערע פון דער היינטיקער צייט, אַז מ׳טאָר נישט מאָנען קיין גראָשנס, ווען דאָס גאַנצע פאַרמעגן שטייט אין קאָן, — אויב דאָס וועט ווידער אַזוי געשען, ווי ס׳איז געשען נאָך יענער מילחמה, איז ווי צום קומענדיקן דור און שאַנד צו אונדזערן.

פאַרגעסן און געדענקען — אָט וואָס עס דאַרף די וועלט ווי אַ גאַנצע און יעדעס פאָלק באַזונדער: פאַרגעסן דאָס קליינלעכע און געדענקען דאָס גרויסע; פאַרגעסן די אַלטע חשבונותלעך און געדענקען די גרויסע אָפּרעכענונג; פאַרגעסן אַלע טענות און טענהלעך און געדענקען דאָס געזעץ פונעם יובל־יאָר: אַנולירן דעם גאַנצן פלאָנטער, נישט מאַכן קיין בילאַנסן אויף יעדנס פערטל גראָשן, נאָר איטלעכן אומקערן צו זיין אייגנטום און צו זיין מישפּחה — צו זיין ערד און צו זיין פאָלק.

דאָס יובל־געזעץ אָדער פאַרגעסן און געדענקען, — אָט וואָס עס דאַרף זיין דער לאָזונג.

אָבער כדיביידע כוחות זאָלן ווירקן האַרמאָניש, באמת שעפעריש, מוזן זיי פונקציאָנירן ווי געהעריק: מ׳דאַרף ווי געהעריק פאַרגעסן און מע דאַרף ווי געהעריק געדענקען. מ׳דאַרף פאַרגעסן אַלץ וואָס עס שטערט דער אַרבעט פאַר דער צוקונפט, ווייל ווען מ׳קוקט אויף צוריק בעת מע דאַרף קוקן פאָרויס, לויפנדיק פון די ברענענדיקע סדום ועמורה, ווערט מען פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק זאַלץ, ווי דאָס איז געשען מיט לוטס ווייב. מ׳דאַרף אָבער גוט געדענקען די פליכטן, וואָס עס לייגט אַרויף אויף אונדז די אחריות פאַר דער צוקונפט. דאָס הפקרדיקע פאַרגעסן, ווי דאָס פאַרגעסן מחמת עגאָיסטישע מאָטיוון, איז פונקט אַזוי שעדלעך און שענדלעך ווי דאָס גריבלערישע געדענקען.

פאַרגעסן דאָס קליינלעך־עגאָיסטישע, וואָס פאַרשפּאַרט אונדז דעם וועג צו אַ בעסערער צוקונפט פון די ברענענדיקע סדום ועמורה אין אַ וועלט־פאַרנעם; און געדענקען וואָס עמלק האָט געטאָן און אויך דעם יובל־געזעץ.

*

אויך ביז איצט האָבן די דאָזיקע צוויי פּרינציפּן — געדענקען און פאַרגעסן — אָנגעפירט מיט דער וועלט. נאָר וואָס דען? מע פלעגט זיי אָנווענדן קאַפּויער: פאַר דעם, וואָס דאַרף פאַרגעסן־ווערן האָט מע געהאַט אַ פענאָמענאַלן זכרון; אָבער פאַר דעם, וואָס מ׳דאַרף געדענקען, האָט מען געקרענקט אויף פור־לער אַמנעזיע.

למשל: וואָס די דייטשן האָבן געטאָן, האָט מע שוין פאַרגעסן, אָבער אַז צווישן די פוילישע פירנדיקע קאָמוניסטן איז דאָ אַ ייִד — דאָס וועט מען אייביק געדענקען. דאָס, וואָס עס איז מיט אונדז, ייִדן, געשען אין די פערציקער יאָרן הייבן מיר שוין אָן צו פאַרגעסן; אָבער די קוצו של יודס פון פּראָגראַמען, אויסגעמוטשעט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט פאַרן גרויסן מבול, געדענקען מיר ביז איינעם.

# א

## גאָטס וואָרט און זיין ווילדגראָז...

ווען אמציה, דער כהן פון בית־אל, אין ירבעמס ישראל־מלוכה, זאָגט צו עמוסן: „זעער, אַנטלויף דיר אין לאַנד יהודה.... און דאָרטן זאָלסטו נביאות־זאָגן", ענטפערט אים עמוס דרך־אגב נישט צו דער זאַך.

דער עיקר פון אמציהס רייד באַשטייט דאָך אין זיין חוצפּהדיקן איינפירן אַ געטאָ אויף גאָטס וואָרט („אין בית־אל זאָלסטו מער נישט נביאות־זאָגן, וואָרעם עס איז אַ מלכס הייליקטום און עס איז אַ הויז פון מלוכה"), און דאָך קומט דערויף עמוסעס ענטפער אויפן צווייטן פּלאַן („דו זאָגסט: זאָלסט נישט נביאות־זאָגן אויף ישראל..., דרום האָט גאָט אַזוי געזאָגט: דיין ווייב וועט אין שטאָט אַ זונה זיין, און דיינע זין און דיינע טעכטער וועלן פאַלן דורכן שווערד"... אאַז"וו), אָבער דעם ערשטן פּלאַן פאַרנעמט עמוסעס ענטפער אויף אמציהס ווענדונג צו אים: „זעער, אַנטלויף... און דאָרטן זאָלסטו נביאות־זאָגן".

עמוס, ווי עס ווייזט אויס, פילט זיך שטאַרק באַליידיקט וואָס מע רופט אים „זעער" (נביא). ער שאָקלט זיך אָפּ פונעם דאָזיקן טיטל: „נישט קיין נביא בין איך און נישט קיין זון פון אַ נביא בין איך, נייערט אַ פאַסטעך פון רינדער בין איך, און אַ צוריכטער פון ווילדע פייגן, און גאָט האָט מיך גענומען פון הינטער די שאָף, און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: „גיי זאָג נביאות צו מיין פאָלק ישראל".

פאַר וואָס האָט זיך עמוס געפילט אַזוי באַליידיקט פון אמציהס ווענדונג, און פאַר וואָס האָט ער געהאַלטן פאַר נייטיק צו דערציילן אים זיין גאַנצן „פּראָלעטאַרישן" יחוס?

*

הגם עמוס האָט נביאות געזאָגט מיט אַ פינף־זעקס דורות פאַר ירמיהו הנביא, דאָך קאָן מע ציטירן ירמיהן, כדי אויפצוקלערן עמוסעס רעאַקציע אויף אמציהס באַליידיקונג, ווען דער דאָזיקער נעמט אים אָן פאַר אַ נביא און הייסט אים צוריקגיין קיין יהודה און דאָרטן עסן ברויט פון זיין נביאות־זאָגן („אַנטלויף דיר אין לאַנד יהודה, און עס דאָרטן ברויט, און דאָרטן זאָלסטו נביאות־זאָגן").

אָט־וואָס ירמיה זאָגט: „...ביי די נביאים פון ירושלים האָב איך שוידער־האַפטיקס געזען: מזנה־זיין און אומגיין מיט ליגן... פון די נביאים פון ירושלים איז אַרויס די זינדיקייט איבערן גאַנצן לאַנד... די זעונג פון זייער האַרצן ריידן זיי, נישט אויסן מויל פון גאָט".

ירמיה הערט נישט אויף צו ריידן וועגן דעם — דאָס איז איינע פון זיינע עיקרדיקע טעמעס. אָבער דאָס וואָס ירמיה דריקט אויס מיט אַזאַ שאַרפקייט, האָט אויך גערדיקט אויף די נביאים פון די פריערדיקע דורות. דער נביא מיכה, וועלכער איז געווען נעענטער צו עמוסעס דור ווי צו ירמיהס, האָט אויך געפונען האַרבע ווערטער קעגן די נביאים און זיין צייט:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט אויף די נביאים וואָס פאַרפירן מיין פאָלק,
„וואָס שרייען: „שלום" ווען זייערע ציין האָבן צו בייסן,
„און דער וואָס גיט זיי נישט אין מויל
„ברייטן זיי אָן אויף אים אַ מילחמה..."

די נבואה איז פּראָפעסיאָנאַליזירט געוואָרן; אַרום דער הייליקער פּלאַץ האָבן זיך אַרומגעוויקלט פּאַראַזיטישע ווילדגעוויקסן. דאָס גייסטיק־ספּאָנטאַנע, דאָס אומבאַרעכנבאַר־אינטואיטיווע, איז קאַלט־אויסגערעכנט אימיטירט געוואָרן צוליב מאַטעריעלע צוועקן און דער נאָמען „נביא" איז געוואָרן אַ באַליידיקונג פאַר די אמתע נביאים. עס האָט געשמעקט מיט קאָמפּראָמיטאַציע, ווען עס איז געקומען פונעם מויל פון אַ כהן ווי אמציה, וועלכער האָט סיי אויף כהונה, סיי אויף נבואה געקוקט פון פּראָפעסיאָנעלן, קאָמערציאַליזירטן שטאַנדפּונקט: פאַר וואָס איז ישראל מחויב צו געבן עסן ברויט אַ נביא פון יהודה? בפרט נאָך אַזאַ איינעם וואָס קאָן דערצערענען דעם באַלעבאָס פון בית־אל, דעם מלך ירבעם, און אמציהן דראָעט דאָס מיט פאַרלירן זיין ברויט...

גילטן ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער נביא איז, ווי עס זעט אויס, געווען אַ חרפּה פאַר אַן אמתן נביא ווי עמוס, און דעריבער, ווען אמציה הייסט אים גיין נביאות־זאָגן אין יהודה און דאָרטן עסן ברויט פאַר זיין נביאות־זאָגן, פלאַקערט אויף אין אים דער ירמיהושער צאָרן אויף די נביאים־פּראָפעסיאָנאַלן, און ער ענטפערט טאַקע צו דער זאַך: „נישט קיין נביא בין איך, און נישט קיין זון פון אַ נביא בין איך..."

אַ פּאַסטעך איז ער, און ער קומט גלייך „פון הינטער די שאָף", פון וואַנען גאָט האָט אים גענומען און געהייסן נביאות־זאָגן.

ער ווייס נישט, הייסט עס, נישט פון קיין אויסרעכענונגען און נישט פון קיין גרענעצן, און נישט פון קיין יחוסדיקע שטעט וואָס זיינען „אַ הויז פון מלוכה" און „אַ מלכס הייליקטום". נישט זיין אויסרעכענונג האָט אים געשיקט קיין ישראל און נישט עמעצנס אויסרעכענונג קאָן אים צוריקשיקן קיין יהודה. גאָט האָט אים „גענומען פון הינטער די שאָף" און גאָט האָט צו אים געזאָגט: „גיי זאָג נביאות צו מיין פאָלק ישראל".

און — „אַ לייב האָט געברילט, ווער זאָל נישט מורא האָבן? גאָט דער האַר האָט גערעדט, ווער וועט נישט נביאות־זאָגן?"

„און אַצינד" — זאָגט עמוס צו אמציהן, אויב דו ווייסט שוין אַז איך בין נישט קיין פּראָפעסיאָנאַל, — „הער דאָס וואָרט פון גאָט".

נישט דאָס וואָרט פון אַ נביא אַ פּראָפעסיאָנאַל, וואָס עסט ברויט פון דעם, נאָר דאָס וואָרט פון גאָט, צוליב וועלכן מע פאַרלאָזט די פּרנסה, און די רו, און אַלץ מיט אַנאַנדער...

עמוס האָט אמציהן געענטפערט צו דער זאַך: ער האָט אים געוואָלט דער־מאָנען נישט ד י נבואה, צו וועלכער ער, אמציה, איז געוווינט געוואָרן אויף זיין קיניגלעכן אָמט, נאָר ד י נבואה, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע נביאים, צו וועמען די נבואה קומט בירושה פון זייערע טאַטעס־פּראָפעסיאָנאַלן, האָבן זי געשענדט.

*

אויך הײַנט טרעפט אַ מאָל, אַז אַ שרײַבער ווילט זיך אויסשרײַען: „איך בין נישט קיין שרײַבער און נישט קיין זון פון אַ שרײַבער, — אַ קעמפער בין איך, אַ קעמפער פאַר גאָטס וואָרט, מיט וועלכן איך האַנדל נישט, און וואָס איך שליידער אויך אין אַן ערבֿ־רבֿס הײליקטום“.

אָבער די צײַטן זײַנען הײַנט אַזעלכע אַנטי־פּאַטעטישע, אַז די ווערטער ווערן שטום אויף די ליפּן, און זיי גיסן זיך צוריק, ווי הייסער בלײַ, אין האַרצן אַרײַן און ברענען, ברענען.

ב

# דאָס סאָציאַלע ווערט פּאָעטיזירט

„געדענק דעם טאָג פון שבת, אים צו האַלטן הייליק. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן אַלע דיינע מלאכות, אָבער דער זיבעטער טאָג איז שבת צו יהוה דיין גאָט, זאָלסטו נישט טאָן קיין מלאכה, דו און דיין זון, און דיין טאָכ־טער, דיין קנעכט, און דיין דינסט, און דיין בהמה, און דיין פרעמדער וואָס אין דיינע טויערן. וואָרעם זעקס טעג האָט גאָט געמאַכט דעם הימל און די ערד, דעם ים, און אַלץ וואָס אין זיי, און אויפן זיבעטן טאָג האָט ער גערוט, דערום האָט גאָט געבענטשט דעם טאָג פון שבת, און האָט אים געהייליקט".

אָט אַזוי ווערט אויסגעטייטשט דער געבאָט אָפּצוהיטן שבת אין קאַפּיטל כ' (פּסוקים ח'—י"א) פון ספר „שמות". דער טאָג פון שבת איז הייליק, ווייל גאָט האָט אין אים גערוט, און לכבוד דער הייליקייט פון שבת דאַרפן אויך אַלע אַנדערע רוען, פון מענטשן ביז בהמות, פון באַלעבאַטים ביז קנעכט.

אָבער אַ סך פּראָזאַישער ווערט אויסגעטייטשט דער געבאָט פון שבת אין קאַפּיטל כ"ג (פּסוק י"ב) פון זעלביקן ספר „שמות":

„זעקס טעג זאָלסטו טאָן דיין אַרבעט, און אויפן זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען, כדי עס זאָל רוען דיין אָקס און דיין אייזל, און עס זאָל אָפּעטעמען דער זון פון דיין דינסט, און דער פרעמדער".

אין קאַפּיטל כ' ווערט דער געבאָט פון שבת פאַרזאָגט אין פּאָעטישן סטיל פון „בראשית" ב' („און גאָט האָט געענדיקט צום זיבעטן טאָג זיין אַרבעט וואָס ער האָט געמאַכט, און ער האָט גערוט אויפן זיבעטן טאָג פון זיין גאַנצער אַרבעט וואָס ער האָט געמאַכט. און גאָט האָט געבענטשט דעם זיבעטן טאָג און האָט אים געהייליקט, וואָרעם אין אים האָט ער גערוט פון זיין גאַנצער אַרבעט וואָס גאָט האָט באַשאַפנדיק געמאַכט"); אין קאַפּיטל כ"ג ווערט דער געבאָט פון שבת אויסגעדריקט קורץ, נאַקעט, אָן מליצה, אין געפּרעסטן סטיל פון סאָציאַלער געזעצגעבונג.

נישט ווייל דער שבת איז הייליק, צוליב גאָטס רוען אין דאָזיקן טאָג דאַרפן די אַרבעט־בהמות און די מענטשנקנעכט רוען (ד"ה אַריינכאַפּן אַ שאַנס), נאָר דערפאַר ווייל די אַרבעט־קנעכט רוען אין זיבעטן טאָג, ווערט ער געהייליקט, ווערט ער שבת.

אינעם נאַקעטן, געפּרעסטן געזעצגעבונג־סטיל ליגט די גרויסקייט און די הייליקייט פון שבת. אָבער היות ווי דעם מענטשן איז שווער זיך דורכצוגעמען מיט אַ נישט־באַצירטער, אַ נישט־פּאָעטיזירטער גרויסקייט און הייליקייט, און אַ געבאָט, מיטן וועלכן מע נעמט זיך נישט איבער, איז שווער אָפּצוהיטן, האָט מען די נאַקעטע סאָציאַלע גרויסקייט באַקליידט אין פּאָעזיע און די ס י ב ה פון דער שבת־הייליקייט געמאַכט פאַרן ר עז ו ל ט אַ ט פון זיין הייליקייט.

מ'האָט אויף אַזוי ווייט געוואָלט צודעקן די נאַקעטקייט פונעם שבת־מאָטיוו צוליב דער „טובה פון דער זאַך", אַז אינעם פּאָעטיזירטן נוסח רעדט מע שוין

נישט וועגן לאָזן אָפּעטעמען דעם זון פון דער דינסט און דעם פרעמדן, נאָר וועגן דעם אַז קיינער זאָל נישט טאָן קיין מלאכה, „דו, און דיין זון, און דיין טאָכטער, דיין קנעכט, און דיין דינסט, און דיין בהמה, און דיין פרעמדער, וואָס אין דיינע טויערן״, כדי דער עיקרדיקער מאָטיוו פונעם געבאָט — שיצן די פאַרשקלאַפּטע און סאָציאַל־שוואַכע — זאָל נישט שטעכן די אויגן פון די שטאַרקע.

און דער נאַקעטער סאָציאַלער געזעץ וואָס איז קאָנסערווירט געוואָרן אין־נעם שטאַרקן עסענץ פון רעליגיעזן יראת־הכבוד, האָט זיך לאַנג־לאַנג אויפגעהיט אַ סך לענגער ווי די געזעצן, וואָס זייער גרויסקייט ליגט אין זייער נאַקעטער פּשטות.

די מאָראַלישע ראיה פון מענטשן איז נישט אַזוי שאַרף; כדי ער זאָל דערזען און אויפהייבן מאָראַלישע גרויסקייט, מוז מע זי פאַר אים באַצירן אין העלע פאַרבן.

די אַנדערע געבאָטן פון די עשרת הדברות, ווי „לא תגנב״, „לא תנאף״, „לא תענה ברעך עד שקר״, וואָס זיינען נישט איינגעוויקלט געוואָרן אין דיכטונג, האָט מע טאַקע אָפּגעהיט אַ סך ווייניקער.

ג

## פסיכאָלאָגישע געזעצגעבונג

[19] אַלע מאָראַלישע געבאָטן, וואָס אונדזער תנ״ך איז מיט זיי געדיכט באַזייט, איז דער שענסטער און גרעסטער, דער קורצער געבאָט פון „ויקרא״ י״ט (פסוק 14): „זאָלסט נישט שעלטן אַ טויבן״.

פאַראַן אין אונדזער תורה אַ סך געבאָטן וואָס זיינען טיף־הומאַניטאַר, סאָציאַל־ווייטזיכטיק, פסיכאָלאָגיש־דורכדרינגלעך — אָבער כמעט יעדער איינער פון די דאָזיקע געבאָטן איז סאָציאַל־אוטיליטאַר אויסערלעך, כ׳וואָלט אַפילו געזאָגט — מאַטעריעל. בלויז דער געבאָט: „זאָלסט נישט שעלטן אַ טויבן״ איז אין גאַנצן ריין פון אוטיליטאַרע כוונות, פון ברענגען עמעצן מאַטעריעלן נוצן אָדער פאַרשפּאָרן עמעצן מאַטעריעלן שאָדן (וואָס דאָס איז איינס און דאָס זעלבע, נאָר פּרעציזער אויסגעדריקט) — ער איז אַ ריינער מאָראַלישער געבאָט, אָן אַ שמץ פון אוטיליטאַרן צומיש.

דער געבאָט נישט צו לייגן אַ שטרויכלונג פאַר אַ בלינדן איז קלאָר, ממש אָנצוטאַפּן: דער בלינדער וועט זיכער פאַלן, ווייל ער קאָן זיך נישט שיצן פאַר אַ שטרויכלונג: ער זעט דאָך, נעבעך, נישט. אָבער וואָס פאַר אַ שלעכטס טוט מען אַ טויבן, ווען מע שעלט אים? ער הערט דאָך סיי ווי נישט...

מ׳דאַרף האָבן אַ ייִדיש האַרץ (סינאָנים פון אַ „מענטשלעך״ האַרץ) כדי צו פאַרזאָגן נישט צו לייגן קיין שטרויכלונג פאַר אַ בלינדן; אָבער מע דאַרף פאַרמאָגן אַ גאונישן מאָראַלישן חוש, כדי צו שאַפן אַ געבאָט נישט צו שעלטן אַ טויבן.

אוטיליטאַרע מאָראַל האָט די אויפגאַבע צו שיצן יעדן מענטשן פאַרן צווייטנס אוממאָראַלישע מעשים; ריינע מאָראַל שיצט די נשמה פון מענטשן פאַר זיינע אייגענע אוממאָראַלישע מעשים.

דאָס שעלטן אַ טויבן ברענגט דעם טויבן קיין שום שאָדן נישט, אָבער דאָס פאַרגרעבט די נשמה פונעם שעלטער גופא. און אַ געזעצגעבונג וואָס האָט מיט טויזנטער יאָרן צוריק געשפּירט די גראָבקייט, די מאָראַלישע פאַרדאָרבנקייט פון אַזאַ טאַט, איז די פיינסטע געזעצגעבונג אין דער וועלט.

ווען מענטשן וואָלטן געהאַט אַט־די דינסטע מאָראַלישע שפּירבאַרקייט, וואָס דער געבאָט פון נישט שעלטן אַ טויבן איז אַן עדות אויף איר; ווען מענטשן וואָלטן דערגאַנגען צו דער מדרגה פון אָפּהיטן אינסטינקטיוו אַט־דעם געבאָט (אין אַלע זיינע מעגלעכע פאַרקערפּערונגען), וואָלט געקומען די צייט פון מלכות־שמים אויף דער ערד.

אַ מענטש וואָס איז אַזוי גראָב „צו שעלטן אַ טויבן״, טוט אָן שאָדן זיין אייגענער נשמה און ער ווערט ביסלעכווייז פעיִק צו באַגיין אויך אַנדערע פאַרברעכנס; אָבער אַ מענטש, וואָס וועט ווערן שפּירבאַר אויף דער גראָבקייט פון „שעלטן אַ טויבן״, וועט קיין אַנדערע פאַרברעכנס אַוודאי נישט קאָנען באַגיין.

*

מיטן דאָזיקן געבאָט (ווי מיט אַנדערע ענלעכע געבאָטן אין תורת משה), האָט די תורה געשאַפן אַ ספּעציפישן מין פּסיכאָלאָגישע געזעצגעבונג, וואָס ווייזט אַרויס נישט נאָר דינסטע מאָראַלישע שפּירבאַרקייט, נאָר אויך פּסיכאָ־לאָגישע דורכדרינגלעכקייט וואָס גרענעצט זיך מיט געניאַלקייט.

ד

# דער אומשטערבלעכער יאַגאָ

„אַ ברעכשטאַנג און אַ שווערד און אַ שאַרפע פייל

„איז אַ מענטש, וואָס זאָגט פאַלש עדות אויף זיין חבר" —

אָט־די שאַרפע ווערטער פון „משלי" (כ"ה, פסוק 18), קעגן פאַלשע עדות, זיינען נישט פאַראיינצלט אין תנ"ך. מ'קאָן אָנקלייבן פון זיי אַ שפּאָר ביסל. סיי די אַלטע יידישע געזעצגעבונג פון תורת־משה, סיי די יידישע לעבנס־חכמה פון די אַלטע שפּריכווערטער („משלי", „ספר בן־סירא") האָבן, ווייזט אויס, גע־ווּסט דעם טראַגישן אמת אַז מער מענטשן זיינען אומגעקומען פון פאַלשע עדות, ווי דורך מילחמות און עפּידעמיעס.

דאָ רעדט זיך נישט דווקא וועגן פאַלשע עדות פאַר אַ געריכט — די לייב־לעכע ברידער פון פאַלשן עדות איז דער רכילותניק, דער אינטריגאַנט, דער צו־טראָגער און דער עיקר דער פאַלשער צוטראָגער, דער ליגנער, וואָס באַנוצט זיין ליגן ווי אַ שפּיז, ווי אַ שאַרפע פייל, ווי אַ ברעכשטאַנג, ווי אַריינגעטריפטן סם, און וואָס זיין ליגן איז געפערלעכער, טויטלעכער ווי די דאָזיקע אַלע וואָפנס צו־זאַמענגענומען.

ניין, עס איז נישט קיין גוזמא, אַז מער מענטשן זיינען אומגעבראַכט גע־וואָרן פון פאַלשע צינגער, ווי פון מילחמות און מגיפות.

אַ שווערד קאָן זיין איינשניידיק און צווייִשניידיק, אָבער אַ פאַלש וואָרט, וואָס ווערט איינגערוימט אין אַן אויער, איז טויזנטשניידיק; אַ שווערד איז באַ־גרענעצט אין איר מאָרד־ווירקונג, זי קאָן ווירקן אויף אַ קורצער דיסטאַנץ, בעת דאָס פאַלשע, ליגנערישע וואָרט איז אומבאַגרענעצט אין זיין בייזער ווירקונג: אַריינגעשעפּטשעט אין איין אויער, גייט עס אַרויס דורך איין מויל אין הונדערט אויערן; און אַרויסגייענדיק פון הונדערט מיילער, דרינגט עס אַריין אין צען טויזנט אויערן און עס פאַרמערט זיין מאָרד־אַרבעט אין אַ געאָמעטרישער פּראָ־גרעסיע, ווי בייזע באַצילן וואָס פאַרמערן זיך.

נישט אומזיסט האַלט דער תנ"ך אין איין וואָרענען און שטורעמען קעגן דעם שרעקלעכסטן מאָרד־אינסטרומענט — דער פאַלשער צונג.

„די ווערטער פון דעם אונטערהעצער, — זאָגט „משלי" (י"ח, פּסוק ח'), — זיינען ווי געשמאַקע ביסנס, און זיי נידערן אין די קאַמערן פון לייב".

ווער עס באַגעגנט אַ פאַלשע צונג און ער רייסט זי נישט אויס אָן רחמנות, איז אַ שותּף צום גרעסטן מאַסן־מאָרד אין דער מענטשלעכער געשיכטע, — צום מאַסן־מאָרד דורך דער פאַלשער צונג, פון דער „אומשולדיקער" רכילות ביזן פאַלשן עדות זאָגן.

ווער ווייס דאָס נאָך אַזוי גוט, ווי מיר יידן? אין וואָס ליגט דען די קראַפט פון אַנטיסעמיטיזם, פון נאַציזם, אויב נישט אינעם פאַלשן וואָרט, אינעם אַריינ־געשעפּטשעטן ליגן וואָס האָט אונדז שוין געקאָסט און עס קאָסט אונדז ימים בלוט?

ס'איז מיר שוין נישט איין מאָל אויסגעקומען צו הערן אַז געוויסע גע־

שטאַלטן פון שעקספּירן זיינען שוין צו נאַיוו געשילדערט, זיי זיינען נישט רעאַל, נאָר מעלאָדראַמאַטיש. און ווי איינעם פון די אומרעאַלסטע האָט מען מיר אָנ־גערופן יאַגאָן, פון „אָטעללאָ״.

ווי לעכערלעך די דאָזיקע „קריטיקערס״ זיינען! אויב עס איז דאָ ביי שעקס־פּירן אַ רעאַליסטישע געשטאַלט, איז דאָס יאַגאָ. ער, דער אינטריגאַנט, וואָס זיין געווער איז דאָס אַריינגעשעפּטשעטע פאַלשע וואָרט, איז אייביק ווי די מענטש־הייט. איר טרעפט אים אומעטום, פונעם קלענסטן דאָרף ביז דער גרעסטער שטאָט; איר טרעפט אים אין אַלע קלימאַטן און אין אַלע מדינות פון דער וועלט; ער פירט אומעטום אָן מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן און מיט מלוכות; מיט איין וואָרט — ער רעגירט מיט דער וועלט און ער מאַכט די קליינע ווי די גרויסע געשיכטע — די געשיכטע פון מיליאָנען איינצלנע מענטשן, ווי די געשיכטע פון דער וועלט.

יאַגאָ איז אומרעאַל?

ווען איך לייען די געשיכטע, ווען איך לייען צייטונגען, ווען איך קוק זיך צו צום געזעלשאַפטלעכן לעבן און צום גורל פון אָן אַ צאָל יחידים — זע איך יאַגאָס אומשטערבלעכע געשטאַלט, זע איך איינע פון שעקספּירס אוניווערסאַל־סטע געשטאַלטן, וואָס זיין אַרויסגעשעפּטשעט און אַריינגעשעפּטשעט וואָרט איז „ווי אַ ברעכשטאַנג און אַ שווערד און אַ שאַרפע פייל״, וואָס האָט דער מענטשהייט אָפּגעקאָסט אַ סך מער קרבנות, ווי אַלע מילחמות אין דער געשיכ־טע, די צוקונפטיקע אַטאָם־מילחמה אַריינגערעכנט.

קיינער האָט קעגן דער דאָזיקער גרעסטער פּלאָג פון דער מענטשהייט — דער פאַלשער צונג — אַזוי פיל נישט געקעמפט, ווי אונדזער תנ״ך, דער פאַר־קערפּערער פון דער לעבנס־חכמה און דעם עטישן אינסטינקט פון די יידישע נביאים און פון די יידישע חכמים.

ה

## די קראַפט פון „וואָס וועט מען זאָגן"

וואָס איז דער ווונדער וואָס מענטשן לעבן אונטערן אייביקן טעראָר פון „וואָס וועט מע זאָגן", אויב גאָט אַליין איז נישט פריי פון דער דאָזיקער שוואַכקייט...?

ווען דאָס פאָלק ישראל, צעבונטעוועט פון די דערשראָקענע מרגלים, איז גרייט צו לויפן צוריק קיין מצרים, ווי אַ פערד וואָס דערשרעקט זיך פאַר אַ שאָטן, און עס שרייט אין ווילדער פּאַניק: „איז נישט בעסער פאַר אונדז זיך אומצוקערן קיין מצרים?... לאָמיר מאַכן אַ הויפּטמאַן, און זיך אומקערן קיין מצרים" — פאַלט גאָט אַריין אין באַרעכטיקטן צאָרן און זאָגט צו משהן: „ביז וואַנען וועט דאָס דאָזיקע פאָלק מיך לעסטערן? ביז וואַנען וועלן זיי נישט גלייבן אין מיר?... איך וועל אים שלאָגן מיט פּעסט, און איך וועל אים אויסראָטן, און וועל דיך מאַכן פאַר אַ פאָלק גרעסער און מאַכטיקער פאַר אים".

אָבער משהן שמעקט נישט דער דאָזיקער גרויסמוטיקער פאָרלייג. ער האָט שוין גענוג אויסצושטיין פון גאָטס פאָלק וואָס ער האָט אויף אים, אויף משהן, אָנגעוואָרפן! מער פעלט אים נישט ווי אַן אייגן פאָלק!

איצט קאָן ער צו יעדער מינוט וואַרפן גאָט דאָס פּעקל צוריק אין פּנים אַריין, ווי ער האָט דאָס געטאָן בעת דאָס פאָלק האָט געחלשט אַ ביסל פלייש צום עסן:

„פאַר וואָס טוסטו שלעכטס דיין קנעכט, ...אַרויפצולייגן אויף מיר די לאַסט פון דעם דאָזיקן גאַנצן פאָלק? האָב איך דען געטראָגן דאָס דאָזיקע גאַנצע פאָלק, צי איך האָב עס געבוירן, וואָס דו זאָגסט צו מיר: טראָג עס אין דיין בוזעם, אַזוי ווי אַ דערציִער טראָגט אַ זויגעדיקן, צו דעם לאַנד וואָס דו האָסט צוגעשוווירן זייערע עלטערן?... איך אַליין קאָן נישט טראָגן דאָס דאָזיקע גאַנצע פאָלק, וואָרעם עס איז צו שווער פאַר מיר..."

אָבער אַז ער, משה, וועט טאַקע ווערן דער טאַטע פון גאַנצן פאָלק, וועט ער דאָך פאַרלירן די מעגלעכקייט זיך אָפּצוּוואַרפן פונעם פּעקל... ער וועט אַלץ מוזן טראָגן אַליין.

ווי־זשע ווערט מען פּטור פון גרויסן, אָבער אומבאַקוועמען כבוד צו האָבן אַן אייגן פאָלק?

איז משהן איינגעפאַלן אַ געדאַנק וואָס נאָר אַ מענטשן האָט דאָס געקאָנט איינפאַלן:

„האָט משה געזאָגט צו גאָט: אַז די מצרים וועלן הערן... וועלן זיי זאָגן צו די באַוווינערס פון דעם דאָזיקן לאַנד: ווייל יהוה איז נישט ביכולת צו ברענגען דאָס דאָזיקע פאָלק אין דעם לאַנד וואָס ער האָט זיי צוגעשווירן, האָט ער זיי אויסגעשאָכטן אין מידבר".

און די שרעק פאַרן „וואָס וועט מע זאָגן" האָט געהאָלפן.

אמת, משה אַפּעלירט אויך צו גאָטס איינגעהאַלטנקייט אין צאָרן און צו זיין רייכקייט אין גענאָד, ער זאָל פאַרגעבן די זינד פון דעם דאָזיקן פאָלק, לויט דער גרויסקייט פון זיין חסד — אָבער צו ערשט סמט ער אים אָפּ מיטן „וואָס וועט מע זאָגן"; דאָס חניפה־מיטל קומט דערנאָך, ווי אַ צוגאָב־הילפמיטל...

היינט גיי גלייב נישט, אַז גאָט האָט טאַקע געשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט...

ווי „מענטשלעך" ער איז אָפּט לויט דער תורה.

ו

## צוויי נוסחאות

וועגן סיסראַס טויט זיינען אין „שופטים" דאַ צוויי נוסחאות: איין נוסח ווערט דערציילט אין גוטער פּראָזע; דער צווייטער ווערט אויסגעזונגען אין איבּ־ספּירירט־ליידנשאַפטלעכער דיכטונג.

דער נוסח אין פּראָזע דערציילט, אַז ווען סיסראַ איז געקומען צו יעל, דעם ווייב פון חבר, דעם קני, האָט זי אים איינגעדעקט, געגעבן צו טרינקען מילך און ווען ער איז איינגעשלאָפן „האָט יעל, דאָס ווייב פון חברן גענומען אַ געצעלט־פּלעקל און אַריינגעטאָן דעם האַמער אין איר האַנט, און זי איז שטילערהייט צוגעגאַנגען צו אים, און האָט אַריינגעהאַקט דאָס פּלעקל אין זיין שלייף, ביז עס איז אַריין אין דער ערד, און ווי ער איז געשלאָפן, אַזוי האָט ער געחלשט און איז געשטאָרבן".

אָבער דבורהס אומשטערבלעך ליד זינגט אַ ביסל אַנדערש:

„צווישן אירע פיס האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט,<br>„געפאַלן, געלעגן;<br>„צווישן אירע פיס זיך אַראָפּגעלאָזט, געפאַלן:<br>„ווו זיך אַראָפּגעלאָזט, דאָרט דערהרגעט געפאַלן."

נאָכן פאַרלירן אַ שלאַכט האָט סיסראַ געוואָלט באַזיגן אַ פרוי. יעל האָט מיט מענלעכער גבורה צונישט געמאַכט אויך סיסראַס „ווייבערישן" זיג:

„איר האַנט האָט זי אויסגעשטרעקט צום פּלעקל,<br>און איר רעכטע צום אַרבעטער־האַמער,<br>און געהאַמערט סיסראַן, צעקלאַפּט זיין קאָפּ,<br>און געלעכערט און דורכגעהאַקט זיין שלייף".

ווען איך האָב אויסצווויילן צווישן אַ נוסח אין פּראָזע, וואָס איז אַדורך אַזוי פיל רעדאַקציעס, און אַ נוסח פון אַ ליד וואָס אָטעמט מיט אוראַלטער גבורה, מיט בראשיתדיקן שאַפן, ווייל איך תמיד אויס דעם נוסח פון ליד.

פּראָזע, ווי גוט זי זאָל נישט זיין, קאָן לייכט איבערגעקנאָטן ווערן אַז מע זאָל נישט דערקענען איר אורשפּרינגלעכע פאָרעם; מ'קאָן תמיד צושיטן צום דערציילערישן טייג נאָך מעל און צימערינג, מע זאָל נישט דערקענען זיין אורשפּרינגלעכן קאָליר; אָבער דיכטונג, גוטע דיכטונג, ווי דאָס איז „שירת דבורה", איז ווי אַ פעלדז, וואָס רעדאַקטאָרישע פּעדערס קאָנען בלויז לאָזן אויבערפלאַכלעכע ראַצן אויף אים, אין תוך אָבער בלייבט ער דער זעלבער, כל־זמן ער צעקרישלט זיך נישט...

דער איבערדערציילער פון יעלס טאַט האָט נישט באַמערקט אַז דבורהס ליד, וואָס אילוסטרירט זיין דערציילונג, דעקט אָפּ אַ פּרט, וואָס ער האָט אויסרעדאַקטירט פון פּיעטעט צו יעלן, דער פרוי פון חבר דעם קני.

ז

## בלק, בלעם און די אבות

פון דער מעשה וועגן בלקן און בלעמען קאָן מען אַרויסציִען אַ סך מוסר־השכלס.

בלק, דער מלך פון מואב, האָט זיך דערשראָקן פאַר די יוצאי־מצרים, און ער האָט געזוכט בלעמס הילף, ווייל בלק האָט געוווסט, אַז „ו ע מ ע ן ד ו (בלעם — י. ר.) ב ע נ ט ש ס ט, ד ע ר א י ז ג ע ב ע נ ט ש ט, א ו ן ו ו ע מ ע ן ד ו ש ע ל ט ס ט, ד ע ר א י ז פ אַ ר ש אָ ל ט ן".

האָט בלק געלאָזט זאָגן בלעמען: „ג ר ו י ס כ ב ו ד ו ו ע ל א י ך ד י ר אָ נ ט אָ ן, א ו ן אַ ל ץ ו ו אָ ס ד ו ו ו ע ס ט ז אָ ג ן צ ו מ י ר, ו ו ע ל א י ך ט אָ ן; נ אָ ר ק ו ם, א י ך ב ע ט ד י ך, ש ע ל ט מ י ר ד אָ ס ד אָ ז י ק ע פ אָ ל ק".

אָבער בלעם האָט געלאָזט ענטפערן בלקן: „ו ו ע ן ב ל ק ז אָ ל מ י ר ג ע ב ן ז י י ן ה ו י ז פ ו ל מ י ט ז י ל ב ע ר א ו ן ג אָ ל ד, ק אָ ן א י ך נ י ש ט א י ב ע ר ט ר ע ט ן ד ע ם ב אַ פ ע ל פ ו ן י ה ו ה מ י י ן ג אָ ט, צ ו ט אָ ן ק ל י י ן אָ ד ע ר ג ר ו י ס".

צוויי זאַכן וויל איך היינט לערנען פון דער דאָזיקער אויסטערלישער געשיכטע, פון וועלכער איך הייב דאָ אויף אַ פּאָר ווערטפולע ברעקלעך:

1) צי אַ ייִד, צי אַ געצנדינער — אויב איינער איז אַן אמתער נביא, אַן עכטער פאַרמיטלער פון יהוהס וואָרט, קאָן ער עס נישט פאַרקויפן אַפילו פאַר אַ פול הויז מיט גאָלד און זילבער; און

2) און אפשר איז דאָס גאָר קיין נס נישט: ווייל ווען בלעם וואָלט געווען פעיִק צו פאַרקויפן זיין וואָרט, וואָלט עס נישט געהאַט קיין האַפט נישט ביים שעלטן און נישט ביים בענטשן.

*

פון אַלע דריי אבות איז דער ייִדישלעכסטער יעקב אבינו.

וועגן אים קאָן גאָר קיין ספק נישט זיין אַז ער איז אַן אונדזעריקער, טאַקע ווי דאָס ייִדישע פאָלקס־לידל זאָגט — „באַטיושקאָ טי נאַש".

ער איז אונדזערער מיט אַלע קנייטשן, ווי אַרויסגענומען פון אונדזער ווירקלעכקייט און אַריינגעשטעלט אין חומש, כדי צו ווייזן ווי מיר, די גלותדיקע ייִדן, זיינען איינס מיט אונדזערע אבות, לכל הפחות מיט איינעם פון זיי.

עס איז געגוג זיך צו דערמאָנען אין יעקבן, אין אַלע זיינע תנועות און אין אַלע זיינע טואונגען, כדי צונישט צו מאַכן די וויסנשאַפטלעכע בויך־סברא אַז מיר, די היינטיקע ייִדן, זיינען נישט קינדס־קינדער פון יעקב אבינו, נאָר אָפּשטאַמיקע גאָר פון די כאַזאַרן.

„הקול קול יעקב", דאַרף איבערגעזעצט ווערן — און „יעקבס שטימע איז די שטים פון אַ אונדזעריקן ייִדן".

דערמאָנט זיך נאָר זיין יידישלעכע תפילה, די תפילה פון יעדן עמך־יידן, אַ בעל־מטופל מיט אַ פרוי און קינדער און אַ מחוסר לחם: „א ו י ב ג אָ ט וועט זיין מיט מיר, און וועט מיך היטן אויף דעם דאָזיקן וועג וואָס איך גיי, און ער וועט מיר געבן ברויט צום עסן, און אַ בגד אָנצוטאָן...“
ציפילט איר דאָ נישט דעם יידישלעכסטן קרעכץ, וואָס ליגט אינעם וואָרט „פרנסה“?

וואָלטן מיר נישט געווען זיין קיין עכטע קינדער פון יעקבן, וואָלט יעקב נישט געווען האָבן אונדזער יידישלעכסטע שטימע, די שטים פון אַן עכטן יידן פון די לעצטע דורות.

די שטים איז אונדז אַזוי אייגן, ווייל מיר זיינען בלוט פון יעקב אבינוס בלוט, פלייש פון זיין פלייש...

*

פאַר מיר איז גענוג יעקב אבינוס תפילה וועגן פרנסה, כדי צו זיין זיכער אַז ער איז אונדזער שטאַמפּאָטער. אָבער אויב עמעצער וויל נאָך אַנדערע באַווייזן, קאָן ער זיי לייכט צונויפזאַמלען הויפנווייז פון די בלעטער פון תנ״ד.

ווער וועט דאָס נישט דערקענען די נאָענטע קרובהשאַפט צווישן די היינטיקע יידן און די תנ״ך־יידן, ביים לייענען ביי עמוסן, אין זיין קאַפּיטל ה׳ (פּסוק 10): „ז יי האָבן פיינט דעם וואָס מוסרט אין טויער, און דעם וואָס רעדט ערלעך פאַראומווערדיקן זיי“?

און ווער וועט די דאָזיקע קרובהשאַפט נישט איינזען, ווען ער לייענט ביי ישעיה הנביא, אין קאַפּיטל כ״ט (פּסוק 21): „...דעם שטראָפזאָגער לייגן זיי אַ שטרויכלונג אין טויער און פאַרדרייען מים נישט דעם גערעכטן“?

מיר זיינען די זעלביקע יידן ווי אין תנ״ך. אונדזער כאַראַקטער האָט זיך נישט געענדערט זינט די אוראַלטע צייטן: מיר ברענגען אַרויס כסדר נביאים און שטראָפזאָגערס און מיר האָבן זיי פיינט און מיר לייגן שטרויכלונגען אויף זייער וועג.

ח

# דאָס לעצטע וואָרט פון קהלת

דאָס לעצטע וואָרט פון קהלת: „דער סוף פון דער זאַך, נאָך דעם ווי אַלץ איז געהערט געוואָרן, איז: האָב מורא פאַר גאָט און היט זיינע געבאָטן, וואָרעם דאָס איז דער גאַנצער מענטש״, האָב איך, אין הסכם מיט אַ סך תנ״ך־פאָרשערס, אַ לאַנגע צייט באַטראַכט פאַר אַ צושריפט פון אַ פרומען רעדאַקטאָר, וואָס האָט געוואָלט כשרן די אַפּיקורסותן פון ספר קהלת מיט אַ כשרן פסוק.

אָבער מיט אַ מאָל איז מיר קלאָר געוואָרן: דער „סוף דבר״ פון „קהלת״ איז צו קהלתדיק, ער זאָל זיין אַ צושריפט פון עמעצן אַנדערש; דער „סוף דבר״ איז דער קווינטעסענץ פונעם טיפסטן קהלת־פעסימיזם בנוגע דעם מענטשן.

דער גאַנצער מאָדערנער פראַגמאַטיזם ליגט, ווי אין אַ קנאָספּ, אין דאזיקן „סוף דבר״.

צי גאָט איז דאָ, צי נישט — זאָגט אונדז קהלת, — האָב מורא פאַר אים און פיר אויס זיינע געבאָטן, וואָרעם „דאָס איז דער גאַנצער מענטש״.

דער מענטש איז צו שוואַך, צו שלעכט, צו אומבאַהאָלפן און, אין טיפסטן תוך, צו אומגליקלעך, ער זאָל קאָנען שטיין אויף די אייגענע פיס אין אַ זאַ וועלט. ער מוז האָבן אַ גאָט, פאַר וועמען ער זאָל מורא האָבן; ער מוז זיך אָנשפאַרן, — ווי אַ שוואַכע, ווייכע פלאַנץ — אויף געזעצן, געגעבענע דורך אַ גאָט כדי צו קאָנען ווי עס איז האַלטן זיך אויף די פיס אין די כסדרדיקע ערד־ציטערנישן פון לעבן. און אַ טרייסט דאַרף ער טאַקע אויך אין זיין ליידן, ווי אַ קליין קינד, און ער האָט נייטיק — אוי, ווי נייטיק — אַ האָפענונג אויף שכר (פאַר זיך, דעם גוטן), און אַ האָפענונג אויף עונש (פאַר יענעם, דעם שלעכטן) — „וואָרעם דאָס איז דער גאַנצער מענטש״.

גראָד דערפאַר וואָס קהלת זעט די מענטשלעכע שוואַכקייט, דעם מענטשנס פאַרצווייפלונג, דעם מענטשנס ציניזם, וואָס איז אָפט אַ רעזולטאַט פון זיין פאַרצווייפלונג, פון זיין געפיל פון באַדנלאָזיקייט, פון אומגלויבן, — דווקא דערפאַר מוז ער (דער קלוגער קהלת, דער מענטשן־קענער) פאַרענדיקן מיטן „סוף דבר״. קהלת האָט פאַרקוקט אינעם תהום, וואָס הייסט מענטש, און ער, דער סקעפּטיקער, האָט אים צוגעוואָרפן אַ רעטונג־שטריק, דעם גלויבן אין גאָט.

אויב — האָט ער געזאָגט צום מענטשן אין אָפּגרונט — דו קאָנסט מורא האָבן, ד״ה גלייבן אין גאָט, און במילא היטן זיינע געבאָטן, וועט דיר זיין לייכטער, וועסטו נישט באַמערקן דעם תהום פון דיין עקסיסטענץ, אין וועלכן דו פאַלסט, אין וועלכן דו געפינסט זיך.

„וואָרעם דאָס איז דער גאַנצער מענטש״, האָט געזאָגט קהלת אין זיין „סוף דבר״, אין זיין לעצטן וואָרט, נאָך דעם ווי ער האָט דערקענט דעם מענטשן און זיין גורל אויף דער וועלט דורך און דורך — אין גאַנצן.

ט

# ווי אַ פאַרפאַלק...

גאָט מיט משהן זיינען געווען ווי אַ פאָרפאָלק, און דאָס פאָלק ישראל איז געווען ווי זייער קינד.

ביי דער מעשה מיטן עגל הזהב, האָט דער צאָרנדיקער יהוה געזאָגט צו משהן:

„גיי נידער אַראָפּ, ווייל פאַרדאָרבן געוואָרן איז ד יי ן פּאָלק, וואָס ד ו האָסט אויפגעבראַכט פון לאַנד מצרים".

און משה האָט גלייך אויפן אָרט אָפּגעענטפערט:

„פאַר וואָס, גאָט, זאָל גרימען דיין צאָרן אויף ד יי ן פּאָלק, וואָס ד ו האָסט אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים?..."

ווען אַ זון אָדער אַ טאָכטער גייען אַראָפּ פון דרך הישר, וואַרפט איינער דעם צווייטן צו דאָס פּעקל:

— דיין זונדעלע... דיין טעכטערל...

און דער צווייטער צד בלייבט נישט שולדיק:

— וואָס עפעס מיינער? ס'איז דיינער...

וואָרעם יעדן איינעם דאַכט זיך אַז זיינס מוז זיין גוט; און אויב עס איז שלעכט, געהער דאָס דעם צווייטן צד...

י

## עובדיה באַשרייבט אונדזער היינטיקן חורבן

פון די איין־און־צוואַנציק פּסוקים פון ספר עובדיה, זיינען דריי אָפּגעגעבן דעם היינטיקן חורבן אונדזערן. און אין די דאָזיקע דריי פּסוקים איז אַלץ געזאָגט וועגן אונדזער בראָך מצד די שכנים, מצד אדום, מצד עשיו:

„...האָסט נישט געזאָלט צוזען דעם טאָג פון דיין ברודער,
„אין טאָג פון זיין אומגליק,
„און נישט געזאָלט זיך פרייען איבער די קינדער פון יהודה,
„אין טאָג פון זייער אונטערגאַנג — —
„און נישט געזאָלט אויסשטרעקן די האַנט אויף זיין פאַרמעג
„אין טאָג פון זיין בראָך.
„און האָסט נישט געזאָלט שטיין ביים שיידוועג,
„צו פאַרשניידן זיינע אַנטרונענע,
„און נישט געזאָלט איבערענטפערן זיינע געבליבענע,
„אין טאָג פון נויט״.

(עובדיה, י״ב—י״ד).

צי זעט איר דאָ נישט די פרייד מיט אונדזער אומגליק, די שימחה מיט אונדזער פאַרמעגן און דאָס שטיין אויף דער וואַך אויף די וועגן פון מאַידאַנעק, כדי איבערצוענטפערן אין די נאַצישע הענט די אַנטרונענע פון די קאַלכאַויוונס?

אַלץ איז דאָ אין די דריי פּסוקים.

און איך האָף, אַז אויך דער פופצנטער פּסוק וועט זיין אין הסכם מיטן אמת, ווי עס זיינען די פריערדיקע דריי:

„וואָרעם נאָענט איז דער טאָג פון גאָט אויף אַלע פעלקער; ווי דו האָסט געטאָן, וועט געטאָן ווערן צו דיר, דיין טואונג וועט זיך אומקערן אויף דיין קאָפּ״.

אויף אייערע קעפּ — אדום, עשיו, עמלק!

י״א

# דער הונגער נאָך גייסט

„זע, טעג קומען, זאָגט גאָט דער האַר,
„און איך וועל שיקן אַ הונגער אין לאַנד,
„נישט אַ הונגער נאָך ברויט און נישט אַ דאָרשט נאָך וואַסער,
„נייערט צו הערן די ווערטער פון גאָט.
„און זיי וועלן וואָגלען פון ים צו ים,
„און פון צפון ביז מיזרח;
„זיי וועלן אומוואַנדערן צו זוכן גאָטס וואָרט,
„און זיי וועלן נישט געפינען״.

אָט די צוויי פסוקים פון עמוס (11 און 12 פון קאַפּיטל ח׳) פאַרמאָגן אין זיך אומגעהייערע טיפקייט און בילדלעכע קראַפט.

שטעלט זיך נאָר פאָר: אַ פעלקער־וואַנדערונג נישט נאָך ברויט און נישט נאָך דערהאָבערונגען, נאָר נאָך גייסט, נאָך גאָטס וואָרט! פון ים צו ים באַוועגן זיך פעלקער, געטריבן פון הונגער נאָך גייסט, — סאַר׳אַ בילד! אָבער גלייכצייטיק — סאַר׳אַ טיפקייט.

דער באחרית־הימים וועט קומען נאָר דאַן, ווען דער מענטש וועט דערפילן דעם הונגער נאָך גייסט, וואָס מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז ער וועט דערפילן די נישט־וויכטיקייט, יאָ, די נישטיקייט פון זיין עקסיסטענץ, ווען זי איז אויסגעליידיקט פון גייסט; ווען ער וועט דערפילן אַז דאָס לעבן פון חומר איז אַ פּוסטער, נאַרישער, זינלאָזער, דעגראַדירנדיקער שפּאָס, אויב עס ווערט נישט געאַדלט, דערהויבן דורך געבן אַ מעגלעכקייט דעם גייסט זיך צו מאַניפעסטירן, צו ווערן טעטיק.

נאָר דאָס געפיל פון גייסטיקן הונגער קאָן צאַמען דעם מענטשנס חומרדיקן עגאָאיזם, וואָס ציט אים צום ערדיש־נידעריקן, צום ערדיש־קליינלעכן און פאַרשטעלט אַזוי אַרום פאַרן מענטשן דעם ברייטערן גייסטיקן האָריזאָנט, דעם לעבנס־זין, וואָס אויב ער איז נישטאָ אָביעקטיוו, איז ער אָבער דאָ סוביעקטיוו — געשאַפן אויב נישט פון ששת ימי בראשית, איז דורכן מענטשן, זינט ער האָט זיך דערזען אין דער וועלט ביים שיין פון זיין ערשטן גייסטיקן אויפבליץ ביז צום היינטיקן טאָג.

ווען אָט־די גייסטיקע אויפבליצן וועלן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מאַסן־הונגער נאָך גייסט, וועט קומען דער באחרית־הימים, עס וועט קומען משיח, דער אויסלייזער פונעם פאַרפייניקטן לעבנס־זין, וואָס רייסט זיך אין משך פון דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע אויף דער ליכטיקער שיין אַרויס און כסדר ווערט ער פאַריאָגט צוריק אין די טרוימען פון די דיכטערס, פון די דענקערס אין דער בענקשאַפט פון דער געפייניקטער שטומער מענטשהייט.

אָט דאָס האָט אויסגעדריקט קורץ און שיין עמוס, איינער פון דער מענטשהייטס גייסטיקע ריזן.

„עס וועט קומען אַ טאָג, — האָט ער דערפילט אין זיין נביאיש־דיכטערי־שער שפּירבאַרקייט, — ווען עס וועט אָנכאַפּן דעם מענטשן אַ גייסטיקער הונ־גער, ד ע ר גייסטיקער הונגער, און די מענטשהייט וועט נעמען וואָגלען אין זוכעניש נאָכן אייביקן אוצר וואָס האָט אַ ווערט...״

איין זאַך בלויז איז מיר קשה אין עמוסעס קורצער אָבער שלימותדיקער וויזיע: ווי קומט צו די דאָזיקע צוויי וויזיאָנערע פּסוקים דער נישט פּאַסיקער סוף: „זיי וועלן אומוואַנדערן צו זוכן גאָטס וואָרט, און זיי וועלן נישט געפי־נען״?

דער יעניקער וואָס שפּירט אַ הונגער נאָך גייסט אין אַזאַ מאָס, אַז ער איז גרייט צו וואָגלען נאָך אים פון ים צו ים, האָט אים, דעם גייסט, ש ו י ן גע־פונען; ער פאַרמאָגט אים שוין, ער טראָגט אים אין זיך, ווי אַ באַוועגנדיקן כוח, אָן וועלכן אַ מענטש וואָלט נישט פון ים צו ים, אויב ער איז נישט פיזיש הונ־געריק, אויב ער וויל נישט דעראָבערן רום און לעבנס־רוים פאַר דער אינערלע־כער פוסטקייט און פאַר דער אייגענער מאַיעסטעטישער נישטיקייט.

נאָר דער געפינט נישט גאָטס גייסט, וועך עס זוכט אים נישט, ווער עס וואָגלט נישט נאָך אים, ווייל ער פילט נישט אין אים קיין באַדערפעניש...

לעכצן נאָך גאָטס וואָרט און עס נישט געפינען, איז אַן אוממעגלעכע זאַך, ווייל מע זוכט עס ערשט נאָך דעם, ווי מע האָט עס שוין געפונען...

י״ב

# די ערד איז זיי קליין

פאַר אַנדערע איז דער תנ״ך דער „ספר הספרים״ דערפאַר, ווייל ער איז פון געטלעכער אָפּשטאַמונג.

פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס דער תנ״ך איז פאַר זיי דער „ספר הספרים״ צוליב דעם, וואָס ער איז דער „בעסט סעלער״ זינט כמה דורות, — און פאַר דערפאָלג האָט מען דרך־ארץ.

פאַראַן אָבער אויך מענטשן, פאַר וועמען דער תנ״ך איז דער „ספר הספרים״ דערפאַר, ווייל דער מענטש און די מענטשהייט דערקענען זיך כמעט אויף יעדער זייטל זיינער.

וויפל ביכער די מאָדערנע חכמים האָבן דאָס געשריבן וועגן די סיבות פון מילחמות! און וויפל מע וועט נאָך שרייבן!

אָבער ווי טיף און ווי קלוג די דאָזיקע ביכער זאָלן נישט זיין, וועלן זיי זיך פאָרט נישט דערגראָבן צו אַ גרעסערן אמת וועגן דער סיבה פון מילחמות ווי די וואָס ליגט אויבן־אויף אין קאַפּיטל י״ג פון ספר „בראשית״.

ווי פשוט, ווי טיף, ווי אייביק!

„און אברם איז געווען זייער רייך אין פי, אין זילבער, און אין גאָלד...

„און אויך ביי לוטן, וואָס איז געגאַנגען מיט אברמען, זיינען געווען שאָף און רינדער און געצעלטן. און דאָס לאַנד האָט זיי נישט געקאָנט טראָגן צו וווי־נען באַנאַנד; ווייל זייער פאַרמעג איז געווען גרויס, און זיי האָבן נישט געקאָנט וווינען באַנאַנד. און עס איז געווען אַ קריגעריי צווישן די פאַסטעכער פון אברמס פי און צווישן די פאַסטעכער פון לוטס פי...

„האָט אברם געזאָגט צו לוטן: זאָל, איך בעט דיך, נישט זיין קיין קריג צווישן מיר און צווישן דיר, און צווישן מיינע פאַסטעכער און צווישן דיינע פאַסטעכער; וואָרעם מיר זיינען אייגענע מענטשן. דאָס גאַנצע לאַנד ליגט דאָך פאַר דיר; שייד זיך אָפּ פון מיר, איך בעט דיך, אָדער אויף לינקס און איך וועל זיך נעמען רעכטס, אָדער אויף רעכטס, און איך וועל זיך נעמען לינקס״.

און שוין. דאָס איז אַלץ: די וועלט איז זיי קליין!

זיין ערד איז דעם מענטשן תמיד קליין אין די אויגן, ווי גרויס זי זאָל נישט זיין; און יענעמס ערד איז תמיד גרויס אין די אויגן, ווי קליין זי זאָל נישט זיין.

און גוט וואָס דער חומש פאַרגעסט נישט צוצוגעבן אַז „אברם איז געווען זייער רייך״. ערשט דאַן ווערט ענג די וועלט, און עס דאַכט זיך, אַז דאָס לאַנד קאָן זיי נישט טראָגן („ווייל זייער פאַרמעג איז געווען גרויס״).

דאַן ווען מענטשן קאָנען זיך נישט פאַרטראָגן, הייבט זיך זיי אָן דאַכטן אַז דאָס לאַנד קאָן זיי נישט טראָגן.

„און עס איז געווען אַ קריגעריי צווישן די פאַסטעכער פון אברמס פי און צווישן די פאַסטעכער פון לוטס פי...״

דאָס מאָל איז דער קריג אויסגעמיטן געוואָרן — פאָרט אייגענע מענטשן,

און טאַקע נישט אַבי־ווער — א ב ר ם! און דערצו איז דאָס נאָך אַ מעשה מיט אַ מוסר־השכל: כל־זמן, קינדערלעך, איר וועט האָבן באַזונדערע פּי און באַזונדערע פֿאַסטעכער, וועט איר זיך נישט קאָנען פֿאַרטראָגן און די וועלט וועט אייך זיין צו־ענג, און איר וועט האָבן איין עצה: ווייכן איינער פון צווייטן — אויב איינער וועט גיין רעכטס, זאָל דער צווייטער גיין לינקס... אַז די אויגן וועלן נישט זען יענעמס גוטס, וועט איר זיך ליב האָבן פון דער וויטן.

אָבער נישט תמיד ענדיקט זיך די קריגעריי צווישן אברמס און לוטס פּאַס־טעכער ווי אין אַ מעשהלע, נישט תמיד לאָזט זיך ווייכן איינער פון צווייטן...

נישט תמיד איז דאָ אָרט אָפּצוטרעטן... ס'איז נישט כסדר „בראשית". און דאָס איז די סיבה פון מילחמות.

וואָס איז דער מענטש שולדיק, אַז גאָט האָט אים באַשאַפן מיט אויגן וואָס קאָנען דעם צווייטן נישט פאַרגינען דאָס לעבן, און ער, גאָט, האָט פאַרגעסן איינצואָרדענען זיין וועלטל ווי אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן, — פאַר יעדן מין אַ באַזונדערע שטייג...

מע פּרוווט דאָס טאַקע פאַרבייטן מיט געפּאַנצערטע גרענעצן, אָבער דאָס זיינען פאָרט נישט קיין געשלאָסענע שטייגן.

י״ג

# שטילער פּאַטאָס

איך האָב נישט ליב די אַלע שטעלן אין תנ״ך, ווו עס ווערן אויסגערעכנט אויף גאַנצענע זייטן נעמען פון מענטשן, ווי אַ לעבעדיקער אַרכיוו־אינווענטאַר.

עס איז זיכער געווען זייער וויכטיק בשעתו אויסצורעכענען אין „יהושע״ די אַלע פאַמיליעס, וואָס האָבן באַקומען נחלות נאָכן דעראָבערן כנען; עס איז אויך בשעתו געווען וויכטיק צו פאַרצייכענען אין „עזרא״ (אָדער אין „נחמיה״) די אַלע וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון בבל קיין ארץ־ישראל זי אָפּצובויען. אָבער אַט די רשימות פון לעבעדיקן אינווענטאַר פון דער געשיכטע זיינען שוין לאַנג טויט, און נישטאָ קיין אינטערעס זיי צו לייענען. און עס איז שווער פאַרצושטעלן זיך אַז דער גרעסטער היסטאָריקער זאָל פּעניק זיין אַרויסצוגראָבן פון די דאָזיקע טויטע רשימות כאָטש אַ בראָקעלע לעבעדיקן אינהאַלט.

אַפילו אַ משה רבינו וואָלט פון דעם דאָזיקן שטייניקן באָדן אין תנ״ך נישט געוועין געקאָנט אַרויסשלאָגן קיין טראָפּן פריש וואַסער!

נישטאָ אָבער, ווי עס שיינט, קיין שום כלל אָן אַן אויסנעם. און אין „נחמיה״ איז דאָ איין נעמען־רשימה, וואָס איז נישט שטייניק־טרוקן, — עס שלאָגט פון איר נאָך היינט (און אפשר דווקא היינט, ווען די צייטן פון נחמיה זיינען אויפֿגעשטאַנען תחית־המתים) מיט שטילן, איינגעהאַלטענעם, אָבער גרויסן פּאַטאָס.

*

„נחמיה״, דער דאָזיקער גרויסער עפּאָס וועגן דער ווידערגעבורט פון אַ פאָלק, וועגן זיין פריייווילִיקן פאַרזעצן זיך אין אַ באַליבטן באָדן, כדי צו קאָנען דאָרט וואַקסן, איז דורך און דורך באַשיידן אין שפּראַך און אין טאָן; אָבער ער פאַרמאָגט אַ ים מיט באַהאַלטענעם פּאַטאָס, וואָס אַנטפּלעקט זיך נאָר פאַר די וואָס קאָנען לייענען צווישן די שורות, וועלכע קאָנען דורכדרינגען דורך דער טרוקענער קאָרע פון וואָרט צום זודיקן אינהאַלט וואָס אונטער אָדער הינטער אים — צו דער וויזיע, וואָס דאָס וואָרט, וואָס דאַרף זי אויסדריקן, האָט זי מער אויסבאַהאַלטן ווי אַנטפּלעקט.

נחמיה איז אַ ריזיקער עפּאָס, פאַרקערפּערט אין קנאַפּע און קילע ווערטער.

„נחמיהס״ קורצקייט איז די קורצקייט פון תנ״ך, מינוס דעם תנ״כס גליִענדיקן, דונערדיקן וואָרט. אָבער אין אָט־דעם קורצן עפּאָס געפינט נחמיה אָרט פאַר אויסרעכענען געזונוי סיי די אַלע וואָס זיינען עולה־געווען פון בבל, סיי די וועלכע האָבן געבויט די מויער אַרום ירושלים.

און אָט, ביים לייענען דעם דאָזיקן קליינעם ספר, האָב איך געהאַט אַ מאָדנע איבערלעבונג: בעת די רשימה פון די עולים (קאַפּ׳ ז׳) האָט מיך געלאָזן קאַלט, איך האָב קוים געהאַט געדולד זי דורכצולויפן מיט די אויגן, האָב איך מיט גרויס שפּאַנונג געלייענט די רשימה פון די וואָס האָבן געבויט די מויער אַרום ירושלים (קאַפּ׳ ג׳). איך האָב געפילט ווי מיינע אויגן באַמִיען זיך דורכ־

צודרינגען די דאָזיקע אַלטע נעמען־רשימה, דורכצודרינגען די קנאַפּע דריטהאַלבן טויזנט יאָר וואָס טיילן אָפּ מיין איצטיקן לייענען זי פון דער צייט, ווען זי איז געווען טאַט. עס פּלאַטערט אַן אינערלעכער אומרו אין דעם אויסערלעך־טרוקענעם זייטל; עס איז נאָר אויסערלעך טויט, — אינעווייניק, אונטער דעם טרוקענעם צודעק קאָכט מיט לעבן, וואָס גיט צייטנווייז אַ שפּריץ אַרויס דאָ מיט ליבע, דאָ מיט פאַראַכטונג־פלאַם דורך דעם טרוקענעם צודעק.

עס איז דאָ אַן איינגעהאַלטענער פּאַטאָס אין דעם דאָזיקן טרוקענעם אויסרעכענען על־פּי־רוב גרויע נעמען (וואָס אַז זיי ווערן אַפילו געני אויסגערעכנט, ווייס מען אויך נישט ווער זיי זיינען), — דער פּאַטאָס פונעם אומבאַקאַנטן בויער און די ליבע צו זיי און צו זייער שטיל־פּאַטאָסדיקער טאַט קומט צום אויסדרוק אינעם אינערלעכן ריטעם פון דאָזיקן פּשוטן אויסרעכענען די נעמען פון די בויערס; דער ריטעם גלעט זיי צניעותדיק דורכן בלויזן אויסרעכענען די נעמען.

הערט זיך צו צום באַוועגטן ריטעם, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט איינגעהאַלטענער (קוים איינגעהאַלטענער) עמאָציע:

„...און לעבן אים האָבן געבויט די מענער פון יריחו. און לעבן דעם האָט געבויט זכור דער זון פון אימרי. און דעם פיש־טויער האָבן געבויט די זין פון הסנאהן; זיי האָבן געלייגט זיינע באַלקנס און אַריינגעשטעלט זיינע טירן, זיינע שלעסער, און זיינע ריגלען. און לעבן זיי האָט פאַרריכט מרמות, דער זון פון אוריה דעם זון פון הקוצן“. און אָט גיט פּלוצלונג אַ שפּריץ אַרויס פון דאָזיקן שטילן פּאַטאָס אַ פייער־זייל פון איינגעהאַלטענעם צאָרן:

„און לעבן זיי האָבן פאַרריכט די תקועים; אָבער זייערע גרויסע לייט האָבן נישט אַריינגעטאָן זייער נאַקן אין דעם דינסט פון זייער האַר“ („נחמיה“, ג׳, 5).

ווי אַ בליץ וואָלט געשפּאָלטן אַ שטיק פונעם טרוקענעם באַריכט און אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם קאָכיקן הינטערקוליסן־טייל.

סאַר׳אַ פאַרניכטנדיקער סאַרקאַזם עס ליגט אין נחמיהס ווערטער: „זייערע גרויסע לייט, וועלכע האָבן נישט אַריינגעלייגט זייער נאַקן אין דעם דינסט פון זייער האַר“. סאַר׳אַ פאַראַכטונג עס שלאָגט אַרויס פון זיי; און זי טרעפט נישט נאָר יענע, נאָר אויך אונדז. די טרוקענע רשימה וועקט אויף לעבן: פאַרגאַנגענס און איצטיקס.

אָבער די צווייטע זייט פונעם פאָרוואָרף פאַר די „גרויסע“ פון די תקועים, איז אַ שטומער לויב פאַר די „קליינע“ לייט פון די תקועים, וועלכע האָבן יאָ אַריינגעטאָן זייער נאַקן אינעם יאָך פון זייער האַר. און פּונקט ווי עס איז גרויס די פאַראַכטונג צו די גרויסע לייט, איז אויך גרויס די ליבע צו די קליינע לייט.

אין די ווייניקע שטעלן, ווו דער איינגעהאַלטענער נחמיה עפנט אויף אַ ביסעלעכע זיין האַרץ און לאָזט אויף אַ רגע אַרויס פון געפּאַנגענשאַפט זיין וואָרט, שטראָמט עס איבער מיט ליבע צום פאָלק, וואָס האָט יאָ אַריינגעטאָן זיין נאַקן אינעם הייליקן יאָך:

„אַזוי האָבן מיר געבויט די מויער; און די גאַנצע מויער איז פאַרבונדן געוואָרן ביז איר העלפט; וואָרעם דאָס פאָלק האָט געהאַט האַרץ צו טאָן“.

*

נחמיה איז די גרויסע עפּאָפּייע פון בויען אַ פאָלק, אַ לאַנד, — דערציילט אין גרויע ווערטער.

בלויז אין געציילטע שטעלן, ווי אויבן געזאָגט, רייסט זיך אַרויס אויף אַ מינוט אַ צינגל פון אינערלעכן פלאַם, וואָס ליגט הינטער דער גרויקייט פונעם גרויסן עפּאָס. אַזאַ איז די באַרימטע שטעלע פון קאַפּ׳ ד׳, ווי מע בויט די מויער: „און די לאַסטטרעגער לאָדנדיק האָבן מיט איין האַנט זייערער געטאָן די אַרבעט, און איינע האָט געהאַלטן דעם וואָפן. און די בויערס זיינען געווען אָנגעגורט איטלעכער מיט זיין שווערד אויף זיינע לענדן, און אַזוי האָבן זיי געבויט... און אַ העלפט פון זיי האָבן געהאַלטן די שפּיזן פון אויפגאַנג פון פרימאָרגן ביז די שטערן זיינען אַרויס... אַפילו צום וואַסער איז איטלעכער (געגאַנגען) מיט זיין וואָפן״.

דאָס איז נאָך אויך נישט אָן עפּישער געזאַנג מיט דער פולער ברוסט, ווי דער נחמיה־עפּאָס וואָלט דאָס פאַרדינט, אָבער דער גרויער עפּאָס־זוימען נעמט זיך דאָ פונאַנדערבליִען און ער וואַרפט זיין הערלעכן אָפּשיין אויף די מעשים פון די בויערס, און אָט דאָס ליכט באַלעבט אַפילו די טויטע נעמען פון דער אַר־כיוו־רשימה: דאָס זיינען דאָך די אומבאַקאַנטע בויערס וואָס איין האַנט זייערע האָט געהאַלטן די קעלניע, און די צווייטע — דעם שווערד, וואָס קיינער פון זיי האָט נישט אויסגעטאָן די קליידער צום שלאָפן, גרייט צום קאַמף אַפילו ביינאַכט.

אָט די טרוקענע נעמען זיינען דאָך די זעלביקע אומבאַקאַנטע העלדן, וועגן וועלכע די שונאים האָבן געשפּאָט: „וואָס טוען די דאָזיקע צעקראָכענע יידן? וועט מע זיי דען לאָזן?... וועלן זיי אויפלעבן די שטיינער פון די הויפנס ערד, אַז זיי זיינען פאַרברענט?... אַפילו אַז זיי בויען שוין יאָ, ווען אַ פוקס זאָל אַרויפגיין, וועט ער צעברעכן זייער שטיינערנע מויער״.

און דאָך האָבן זיי געבויט מיט איין האַנט, געקעמפט מיט דער צווייטער, און געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט די שפּעטערס און זייער אַרבעט האָט נישט נאָר געדויערט לאַנגע יאָרהונדערטער, נאָר זייער אַרבעט האָט אויך געדינט ווי אַ מאָראַלישער אינספּיראַציע־פונדאַמענט פאַר די עולים פון אונדזער צייט, ווע־מען עס איז אויסגעקומען — און עס קומט אויס — נישט נאָר עולה צו זיין אויפן זעלביקן אופן ווי נחמיהן און זיינע מענטשן, נאָר אויך צו בויען און צו קעמפן ווי זיי, נחמיהס אומבאַקאַנטע גרונטלייגערס פאַר דער צווייטער מלכות יהודה.

י״ד

# בלויז אַ העלפט פון דער נבואה איז מקוים געוואָרן

איך ספק צי די מענטשלעכע שפּראַך האָט ווען־עס־איז אויסגעדריקט שלי־מותדיקער און פאַרטרוימט־נאַיווער דעם לײדנשאַפטלעכסטן טרוים פון דער מענטשהייט נאָך אַבסאָלוטער גערעכטיקייט, ווי ישעיה האָט דאָס געטאָן אין זיין באַרימטער נבואה אין דעם ווונדער־שיינעם, מאַכטיקן קאַפּיטל י״א.

„און אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס,
„און אַ לעמפּערט מיט אַ ציגעלע וועט הויערן — — —
„און אַ קו מיט אַ בער וועלן זיך פּיטערן,
„באַנאַנד וועלן הויערן זייערע יונגע;
„און אַ לייב וועט ווי אַ רינד עסן שטרוי.
„און אַ זויגעדיקער וועט זיך שפּילן
„אויפן לאָך פון אַ שלאַנג.
„זיי וועלן נישט בייז טאָן און נישט פאַרדאַרבן
„אויף מיין גאַנצן הייליקן באַרג;
„וואָרעם די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט,
„ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים״.

ווער קאָן נאָך אַזוי פילן די בענקשאַפט פון דאָזיקן טרוים־אויסדרוק נאָך זיין דערפילונג, ווי אונדזער דור, וואָס האָט געזען דעם פולסטן קעגנזאַץ צום דאָזיקן טרוים?

ווער נאָך האָט אַזוי געפילט אויף דער אייגענער הויט, ווי מיר, אַז עס ווױ־נען טאַקע באַנאַנד וועלף מיט שעפּסן און לעמפּערטן מיט ציגעלעך, אָבער זיי פּיטערן זיך נישט באַנאַנד, נאָר די וועלף פרעסן־אויף די שעפּסן, און די לעמ־פּערטן — די ציגעלעך.

בלויז די ערשטע טייל פון דער נבואה איז — ליידער! — ריכטיק, — דער „וגר זאב עם כבש״; אָבער דער לייב עסט נאָך נישט קיין שטרוי, נאָר שעפּסן...

די ערד איז נאָך קיין מאָל אַזוי ווייט נישט געווען פון פול זיין „מיט דער־קענונג פון גאָט״, ווי היינט.

די ערד איז פול מיט גאָט־לעסטערונג און מענטש־שענדונג ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים...

ט״ו

# שאולס טויט־זינד

שאול המלך איז נישט דער איינציקער וואָס האָט פאַרלוירן זיין מלוכה צו־ליב רחמנות־האָבן אויף עמלקן...

אויך די אייראָפּעיִשע דעמאָקראַטיע האָט זיך מתקנא געווען אין שאולן און זי האָט רק רחמנות אויף די אגגס פון היינטצייטיקן עמלק.

ווען גאָט הייסט (שמואל א׳, ט״ו, 3) „שלאָגן עמלק... פאַרוויסטן אַלץ וואָס ער האָט... נישט דערבאַרעמען (זיך) אויף אים״, הייבט מע גראָד דאַן אָן רחמנות צו האָבן אויף... אגג דעם עמלקי.

פון שאולן ביז די אייראָפּעיִשע דעמאָקראַטישע הערשערס — איין געשיכ־טע! און מיט די זעלביקע מאָטיוון:

„אָבער שאול און דאָס פאָלק האָבן געשוינט אגגן און די בעסטע פון די שאָף און רינדער — די צווייט־געבוירענע, און די לעמער, און דאָס גאַנצע גוטס, און זיי האָבן נישט געוואָלט זיי פאַרוויסטן״ (שמואל א׳, ט״ו, 9).

און אין זכות פון די לעמער שוינט מע שוין אויך דעם אייביקן אגג.

אַמאָל האָט דאָס געהייסן פשוט — „שאָף און רינדער״; היינט הייסט עס — „אייראָפּעס ווידעראויפבוי״, — אָבער אין ביידע פאַלן ווערט מאַטעריעלע גיריקייט געשטעלט העכער פאַרן מאָראַלישן אימפּולס, וואָס שרייט מיט גאָטס שטים: „איר זאָלט פאַרוויסטן אַלץ וואָס ער האָט״...

*

עס איז דאָך לעכערלעך צו טראַכטן, אַז צוליבן ביסל רינדער, און צוליבן לעבנגעבליבענעם אַגג, האָט גאָט צוגענומען ביי שאולן די מלוכה; ער האָט ביי אים צוגענומען די מלוכה דערפאַר, ווייל גאָט ווייס אַז ווען אַ שאול האָט רחמנות אויף עמלקן, איז דאָס נישט צוליב רחמנות, לשמה, נאָר צוליב גלייכגילט צו דעם וואָס עמלק האָט געטאָן, צוליב גלייכגילט צו דעם וואָס עמלק שטעלט פאָר מיט זיך.

און אויף אַזעלכע קאָמפּראָמיסן גייט גאָט נישט איין.

נישט דער גורל פון קאָנקרעטן אגג שפּילט דאָ אַ ראָל; גאָט ווערט פול מיט צאָרן וואָס דער מענטש לייגט פלוצלונג אַריין די טומאה אין דער יראה: ער האָט כלומרשט קיין האַרץ נישט געהאַט צו דערשלאָגן אגגן — דעם וואָרצל פו־נעם עמלקישן בייז! און די לעמער? פאַרן הייליקן מיזבח!

וואָס ווערט עפּעס פלוצלונג שאול רחמימדיקער פון גאָט?

איז טאָקע שאול געווען אַזאַ בעל־רחמים, וואָס ער האָט געשוינט אגגן? און שמואל הנביא — אַזאַ אכזר, ווען ער האָט צעהאַקט אגגן (אַ ביסל צו שפּעט, ווייל ער, אגג, האָט שוין באַוויזן צו זיכערן דעם שורש פון המן בן המדתא)?

אויב שאול איז געווען אַזאַ בעל־רחמים, טאָ פאַר וואָס איז אים אַזוי לייכט

געוווען צו וואַרפן אַ שפּיז אין דודן, ווען מען גאָט האָט אויסגעוויילט (אָנשטאָט אים) אויפן טראָן פון ישראל?

איז גאָטס אויפּברויז קעגן עמלקן ווייניקער הייליק ווי שאולס אויפּברויז קעגן דודן צוליבן טראָן?

און פאַר וואָס האָט ער, שאול דער בעל־רחמים, נישט געשוינט דעם כהן אחימלך בן אחיטוב, וועלכער האָט אין גוטן גלויבן געגעבן דודן, — שאולס טרייעסטן קנעכט, שאולס איידעם און דעם האַר איבער זיין לייב־וואַך, — אַ ביסל שפּייז און דעם שווערד פון גלית הפלישתי, וואָס האָט דאָך געהערט אים, דודן? פאַר וואָס האָט ער אים נישט געשוינט? אדרבא, ער האָט צוזאַמען מיט אים אומגעבראַכט 85 גאָטס כהנים, און „נוב, די שטאָט פון די כהנים, האָט ער געשלאָגן מיטן שאַרף פון שווערד, פון אַ מאַן און ביז אַ פרוי, פון אַ קינד און ביז אַ זייגעדיקן, און אַן אָקס און אַן אייזל און אַ שעפּס, מיטן שאַרף פון שווערד" (שמואל א׳, כ״ב־כ״ג).

אָט אַזוי זעט אויס דער רחמנות פון אַלע שאולס אין דער געשיכטע, — פאַר זייערע אַמביציעס וועלן זיי זיך נישט אָפּשטעלן צו הרגענען אַפילו גאָטס אַ כהן, אָבער צוליב עטלעכע פעטע רינדער דערהיצט זיך אין זיי דער רחמנות צו דעם קיניג פון עמלק...

דאָס וואָס גאָט הייסט טאָן מיט עמלקן, אין נאָמען פון אייביקער גערעכטי־קייט, טוען זיי אָפּ אין נוב, אין נאָמען פון פערזענלעכער אַמביציע, אין נאָמען פון פערזענלעכן מאַטעריעלן נוצן...

אָבער יעדער איינער וואָס דערשטיקט אין זיך גאָטס שטים, ווען זי פאָר־דערט אויסצוראָטן עמלקן, פאַרלירט דעם פאָדעם אינעם געפערלעכן לאַבירינט פון הערשן. ער בלאָנדזשעט, גייט פון פעלער צו פעלער, פאַלט אַלץ נידעריקער און נידעריקער, און קומט־אום, ווי דאָס ווערט אַזוי פּלאַסטיש פאַרגעשטעלט אין דער שאול־דראַמע, איין איינער פון די גרעסטע דראַמאַטישע שאַפונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור. אַפילו דאָס אָנכאַפּן זיך אינעם כישוף־שטרויעלע קאָן שוין שאולן נישט העלפן...

נישט אומזיסט האָט אגג, מלך עמלק, ווען מע האָט אים צוגעפירט צו שמואלן, צווייידייטיק געזאָגט: „אכן, סר מר־המות" — „פאַרוואָר, עס איז פאַר־שוווּנדן די ביטערקייט פון טויט".

ער האָט זיך דאָן געטרייסט מיט דער נקמה, וואָס שאולס פעלער וועט זיך נוקם זיין אין ישראלס מלך און אין פאָלק ישראל, און ער האָט זיך פאַרזיסט דעם טויט דורך שמואלס שטרענגער, טרייער האַנט, מיט דער וויזיע פון המן בן המדתא, וואָס די באַקומענע אָטעם־פויזע האָט אים דערמעגלעכט צו שאַפן אים...

ט״ז

# די אמתע נסים מיט בלעמס אייזל

דער נס מיט בלעמס אייזל באַשטייט נישט אין דעם וואָס ער האָט גע־רעדט, — צי דען ריידן ווייניק אייזלען?

אין יעדן פּאַרלאַמענט פון יעדן לאַנד, אין יעדער פּאַרטיי פון יעדן פאָלק זיינען זיי דאָ, די ריידנדיקע אייזלען. און נישט אין קיין קליינער צאָל.

דער נס מיט בלעמס אייזל באַשטייט אין דעם וואָס בלעם, דער חכם און נביא, וועלכער רעדט מיט גאָט טאָג־טעגלעך, באַמערקט גאָר נישט דאָס דריי־מאָליקע דערשיינען פון גאָטס מלאך און דער אייזל באַמערקט עס יאָ.

ווי אָפט דאָס טרעפט מיט די פּראָפעסיאָנעלע גאָט־מענטשן: הערט זיך צו צו זיי, ווערט זיך אייך דאַכטן אַז סיי גאָט, סיי זיי האָבן גאָר קיין אַנדער זאַך נישט צו טאָן, ווי נאָר ריידן צווישן זיך בייטאָג און ביינאַכט; אָבער טאָמער באַ־ווייזט זיך זיי אַ מאָל עפּעס באמת געטלעכס, באַמערקן זיי דאָס נישט, שפּירן זיי דאָס נישט, — דאָס באמת געטלעכע איז אַזוי פרעמד פאַר זיי אַז זיי האָבן פאַר דעם קיין אויג און קיין אויער נישט.

אַפילו זייערע אייזלען, אויף וועלכע זיי רייטן אַ גאַנצן לעבן, פאַרשטייען זיך מער אויף דעם דערשיינען פונעם געטלעכן, ווי זיי.

און דאָס גיט טאַקע בלעמען אַנצוהערן זיין אייזל:

„בין איך נישט דיין אייזל, וואָס דו האָסט געריטן אויף מיר דיין גאַנץ לעבן ביז היינטיקן טאָג?״ (במידבר, בלק, כ״ב, 30).

אָבער אויך דעם אייזלס כלומרשט תמעוואַטע און אין דער אמתן בייסיקע אַנצוהערעניש האָט דער חכם בלעם נישט פאַרשטאַנען.

כל־זמן די אייזלען גיבן זיי נישט קיין קאַפּוליער אַנצוהערעניש — דורך אַראָפּוואַרפן זיי — רייטן ווייטער אויף זיי די בלעמס, די טויבע און בלינדע פאַר יעדער געטלעכער דערשיינונג...

און דאָס איז טאַקע דער צווייטער אמתער נס אין דער מעשה מיט בלעמען און זיין אייזל: וואָס דער אייזל, הגם ער זעט דעם באַלעבאָס׳ בלאָף און הגם גאָט עפנט־אויף זיין מויל, באַגנוגנט ער זיך מיט אַן איידעלער אַנצוהערעניש, פאַרענטפערט זיך נאָך פאַר צודריקן בלעמס פוס צו דער וואַנט און — בלייבט ווייטער אַ רייט־אייזל...

אַ ריידנדיקער אייזל איז פאָרט נאָר אַן אייזל.

און אויב ער איז געוווינט מ׳זאָל רייטן אויף אים, — רעדט ע ר, און יענער רייט...

י״ז

## די חיה וואָס דער מענטש האָט באַשאַפן...

אַלע חיות, ווי באַקאַנט, האָט גאָט באַשאַפן און ער האָט געבעטן אדם הראשון — ער זאָל זיי אַלע אַ נאָמען געבן.

מיט זיין „בחיר היצורים״, דעם מענטש, האָט גאָט אָפּגעשלאָסן זיין שאַפונג־דראַנג.

אדרבא, אַ קורצע צייט נאָכן באַשאַפן דעם מענטשן, האָט גאָט דערפילט אַן אַנדער דראַנג — צו פאַרניכטן דאָס באַשאַפענע...

אָבער פונקט ווי די וועלט־יצירה איז אים נישט געלונגען בשלימות, איז אים אויך די וועלט־פאַרניכטונג נישט געלונגען...

עקסיסטירט זי, די וועלט.

אָבער נישט פונקט אַזוי ווי גאָט האָט זי געשאַפן: דער מענטש האָט צו דער וועלט צוגעגעבן לכל הפחות איין רויב־חיה, וואָס גאָט האָט זי נישט באַשאַפן: די חיה וואָס הייסט „וועלט־הערשער״ און איר געוועור איז — די גרויסקייט־מאַניע.

געדענקט איר נאָך דאָס שטיקל ווונדערבאַרע דיכטונג אין „דניאל״ ד׳?

זאָל יעדערער אַרויסנעמען דאָס תנ״ך און איבערלייענען סיי נבוכדנצרס חלום, סיי דניאלס חלום־באַשייד.

דניאל וואָס זיין נאָמען איז געווען (ביים מלך פון בבל) בלטשאצר, פאַרענדיקט זיין פתרון מיט דער אייביקער וואָרענונג קעגן דער געפערלעכסטער, דורכן מענטשן גופא געשאַפענער חיה:

„מע וועט דיך פאַרטרייבן פון מענטשן און מיט די חיות פון פעלד וועט זיין דיין וווינונג, און גראָז ווי אָקסן וועט מען דיך מאַכן עסן... ביז דו וועסט וויסן, אַז דער אייבערשטער געוועלטיקט איבער דער מלוכה פון מענטשן״...

„דרום, מלך, זאָל מיין עצה וווילגעפעלן פאַר דיר, און טו אָפּ דיינע זינד דורך צדקה, און דיינע פאַרברעכנס דורך דערבאַרעמונג אויף די אָרעמע״...

דער חלום איז געווען אַ מייסטערשטיק פון דיכטונג; דער חלום־באַשייד — אַ מייסטערשטיק פון חכמה; און די וואָרענונג — די איינציקע מעגלעכקייט אָפּצווענדן גאָטס גזירה: נבוכדנצר האָט געמוזט אויסוואָרצלען אין זיך דעם גיפטיקן האָרן פון הערשערישער גרויסקייט־מאַניע, אויב ער האָט געוואָלט אויסמיידן זיין גורל צו זיין אַ ווילדע חיה.

דאָס איז אָבער די שווערסטע זאַך אויף דער וועלט: עס איז לייכטער צו פאַרהיימישן אַ לייב און אַ טיגער, ווי צו צוימען אין זיך די צווואָקסענע הערשחיה.

אָט נאָר־וואָס, דאַכט זיך, האָט נבוכדנצר געזען אַ חלום וואָס האָט אים דערשראָקן (די „זעונגען פון מיין קאָפּ האָבן מיך צעגרוילט״); ער האָט געקערט וועלן צו וויסן דעם פתרון פונעם חלום, כדי צו וויסן וואָס צו טאָן; און ער איז געווען גליקלעך וואָס דניאל אַליין („וואָס איך ווייס — ווי נבוכדנצר זאָגט, —

אַז דער גייסט פון די הייליקע געטער איז אין דיר און קיין סוד איז פון דיר נישט פאַרהוילן") האָט אים פּותר־חלום געווען, — אָבער עס איז גענוג געווען נבוכדנצר זאָל זיך דורכשפּאַצירן איבער זיין קיניגלעכן פּאַלאַץ פון בבל, און זיין קאָפּ זאָל זיך אים פאַרדרייען, ער זאָל פאַרגעסן אין חלום, אינעם פּתרון, אין דער גזירה פון דעם אייבערשטן און די חיה אין אים זאָל אַ בריל טאָן:

„איז דאָס נישט די גרויסע בבל, וואָס איך האָב געבויט פאַר אַ קיניגלעכן וווינאָרט מיט מיין גרויס רייכטום, און פאַר דעם כבוד פון מיין מאַכטיקייט"?

דאָס איבעריקע איז שוין נישט אין גאַנצן ריכטיק, — גיכער אַ מעשהלע פאַר קינדער.

„דאָס וואָרט איז נאָך געווען אין מלכס מויל, איז אַראָפּ אַ קול פון הימל: „דיר זאָגט מען אָן, מלך נבוכדנצר: די מלוכה האָט זיך אָפּגעטאָן פון דיר. און פון מענטשן וועט מע דיך פאַרטרייבן און מיט די חיות פון פעלד וועט זיין דיין וווינונג... ביז דו וועסט וויסן אַז דער אייבערשטער געוועלטיקט איבער דער מלוכה פון מענטשן".

צי דען איז נבוכדנצר ערשט דאַן געוואָרן אַ חיה? ער איז דאָס געווען שוין אַ סך פריער! און נישט אים האָט מען פאַרטריבן פון מענטשן, נאָר ער האָט מענטשן (ד ע ם מענטשן!) פון זיך פאַרטריבן; און זיינע נעגל זיינען נישט געווען ווי ביי פייגל, נאָר ערגער ווי ביי די ווילדסטע רויב־חיות.

און נאָך עפּעס איז נישט ריכטיק אין דער וווּנדערבאַרער דערציילונג אין „דניאל" וועגן נבוכדנצרס חיהשקייט: דער צו־מענטשלעכער סוף!

ספר דניאל לאָזט זאָגן נבוכדנצרן:

„און צום סוף פון די טעג, האָב איך, נבוכדנצר, אויפגעהויבן מיינע אויגן צום הימל, און מיין שכל האָט זיך אומגעקערט צו מיר, און איך האָב געבענטשט דעם אייבערשטן, און געלויבט און געאַכט דעם וואָס לעבט אייביק,

„וואָס זיין געוועלטיקייט איז אַן אייביקע געוועלטיקייט, און זיין מלוכה איז אויף דור־דורות, און אַלע באַוווינער פון דער ערד זיינען ווי גאָר נישט גע־רעכנט — — —"

אמת, אַ מענטש וואָס פילט נישט זיין נישטיקייט אויף דער ערד, איז אַ חיה, און ערשט ווען ער דערפילט זיין נישטיקייט, ווערט ער אַ מענטש; אָבער צי דען איז מעגלעך אַז צו נבוכדנצרן זאָל זיך האָבן אומגעקערט דער מענטשלע־כער שכל און ער זאָל האָבן אויפגעהויבן די אויגן צום הימל?

די, וועלכע זיינען איין מאָל געשלאָגן געוואָרן מיט ד ע ר בלינדקייט, וואָס זעט נאָר די ערד, באַקומען קיין מאָל נישט צוריק דעם מענטשלעכן שכל, און זיי הייבן קיין מאָל נישט אויף די אויגן צום הימל, — זיי ווייסן גאָר נישט, אַז אַזאַ זאַך איז דאָ, אַז מען קאָן אַ מאָל אָפּרייסן די אויגן פון דער ערד, אין וועלכער זיי האָבן זיך איינגעגעסן מיט די נעגל און מיט די שנייד־ציינער.

די, וועלכע זיינען איין מאָל געשלאָגן געוואָרן מיט נבוכדנצרס קראַנקייט, זיינען אומהיילבאַר.

זיי בלייבן חיות און וווייט פון מענטשן ביז זייער חיהשן סוף. זיי דערקענען שוין קיין מאָל נישט זייער מענטשלעכע נישטיקייט.

איין רפואה איז דאָ פ אַ ר זיי (און פאַר דער מענטשהייט — פ ו ן זיי) — פ אַ ר נ י כ ט ו נ ג.

## י״ח

# כי הזהב הוא הנפש...

פאַראַן קלאָרע שטעלן אין תנ״ך, וואָס פאָדערן אַן ענדערונג אין טעקסט אַ סך מער, ווי אַלע טונקעלע שטעלן, וואָס די תנ״ך־קריטיקערס באַמיִען זיך זיי אויסצוגלייכן.

אַזאַ איז דער אָפּשניט אין דברים י״ב, פּסוקים 23־24:

„נאָר זיי פעסט נישט צו עסן דאָס בלוט, וואָרעם ד אָ ס ב ל ו ט א י ז ד אָ ס ל ע ב ן״...

זינט דעמאָלט איז געוואָרן אַ סך אַנדערש, און מ׳דאַרף ענדערן דעם טעקסט אַזוי: „כי הזהב הוא הנפש״, „וואָרעם דאָס גאָלד איז דאָס לעבן״...

און שולדיק דערין איז משה־רבינו גופא.

„און ער האָט גענומען דאָס קאַלב (דעם עגל הזהב. — י. ר.) וואָס זיי האָבן געמאַכט און האָט עס פאַרברענט אין פייער און צעמאָלן ביז וואַנען עס איז געוואָרן דין, און האָט געשאָטן אויפן וואַסער, און געגעבן טרינקען די קינדער פון ישראל״.

און דער טעם פון גאָלד, ווי עס ווייזט אויס, איז זיי אַריין אין די ביינער און פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג. און עס דאָרשט זיך זיי זינט דעמאָלט נאָך אַ גאָלדענעם טרונק.

און איך ספק זייער, צי ייִדן וואָלטן היינט געווען אָפּגעגעבן מיט אַזאַ לייכט־קייט זייער גאָלד אַפילו פאַר אַ גאָלדענעם קאַלב (פאַר אַן אמתן גאָט אַוודאי נישט...).

צו וואָס דאַרפן זיי אַ בשותפותדיק גאָלדן קאַלב, אַז יעדער איינער פון זיי טראָגט עס אין זיך, אין זיין לייב און לעבן, אין זיינע ביינער; דער עגל־הזהב פליסט אין זיין בלוט, איז געוואָרן זיין בלוט...

דער דור וואָס איז פעיִק געווען אָפּצוגעבן עפּעס פון זיך פאַרן גאָלדענעם קאַלב, איז געשטאַנען אַ סך העכער פונעם היינטיקן דור, וואָס דינט אויך דעם גאָלדענעם קאַלב, אָבער אָפּצוגעבן פאַר אים עפּעס פון זיך, איז ער נישט פעיִק.

עס פעלט אים אַפילו דער געצנדינערישער אידעאַליזם.

י״ט

## וואָס איז דער וווּנדער?

וואָס איז דער וווּנדער וואָס מענטשן האָבן אַזאַ פאַלשע און שוואַכע פאָר־שטעלונג וועגן גאָט, אַז גאָט האָט זיך געוויזן צו זיי בלויז מיטן רוקן.

משה האָט זיך געבעטן ביי גאָט: „לאָז מיך זען דיין פראַכט, איך בעט דיך".

און גאָט האָט געזאָגט: „קאָנסט נישט זען מיין פּנים, וואָרעם אַ מענטש קאָן מיך נישט זען און בלייבן לעבן" (צוויי ווערטער: „ווי פריִער", זיינען אַרויס־געפאַלן פון חומש — י. ר.).

און גאָט האָט געזאָגט: „אָן איז אַן אָרט ביי מיר; זאָלסט זיך שטעלן אויפן פעלדז. און עס וועט זיין, ווען מיין פראַכט גייט פאַרביי, וועל איך דיך אַריינ־טאָן אין אַ שפּאַלט פון דעם פעלדז, און איך וועל אַרויפדעקן מיין האַנט אויף דיר, ביז איך וועל פאַרבייגיין, און אַז איך וועל אָפּטאָן מיין האַנט, וועסטו זען מיין רוקן; אָבער מיין פּנים קאָן נישט געזען ווערן".

אָט אַזאַ פּנים האָט דעם מענטשנס פאָרשטעלונג וועגן גאָט! ער האָט גע־כאַפּט אויף אים אַ בליק פון אַ שפּאַרונע, מיט פאַרבלענדטע אויגן, פון הינטן, שוין נאָך גאָטס פאַרבייגיין...

און נישט האָבנדיק געזען דאָס פּנים פון גאָט, איז דער פריִער־דיקער מענטש פון פאַרן גאָט־דערקענען, גע־בליבן לעבן.

ער איז, צום באַדויערן, נישט אָפּגעשטאָרבן. דער נייער מענטש איז נישט געבוירן געוואָרן. מע קאָן נישט זען גאָטס פּנים און בלייבן לעבן... ווי פריִער.

ער האָט אים דאָך אָבער נישט געזען...

כ

# שרעק האָט גרויסע אויגן

די מעשה מיט די מרגלים געפעלט מיר נאָך פון די חדר־יאָרן אָן; אָבער אויך היינט האָב איך זי ליב צו לייענען. און פון צייט צו צייט צי איך נאָך אַרויס פון איר אַ מוסר־השכל, וואָס איך האָב אים פריִער נישט באַמערקט.

ווייזט אויס, אַז קיין גרענעץ־שוועריקייטן האָבן די מרגלים נישט געהאַט: צוועלף מענטשן זיינען אַריין אין אַ פרעמד לאַנד, דורכגעגאַנגען עס אין דער לענג און אין דער ברייט; צוויי מענטשן האָבן געטראָגן אַ הענגל וויינטרויבן (קאָנט איר זיך שוין פאָרשטעלן ווי ריזיק גרויס דאָס הענגל איז געווען) און קיינער האָט קיין פיפס נישט געטאָן. די וועלט איז נאָך דעמאָלט נישט געווען פאַרהאַקט אויף זיבן שלעסער, און די גרענעצוואַך (אויב אַזאַ איז אַפילו געווען) האָט גאַנץ שוואַך געהיט, און קיין זיכערקייט־פּאָליציי איז מיסתמא אויך אַ רפואה נישט געווען.

אויב אַזוי האָבן דאָך די מרגלים באַדאַרפט איינזען אַז עס איז גאָר נישטאָ קיין לייכטערע זאַך ווי איינעמען אַזאַ לאַנד: דאָס פאָלק איז אַזוי לייכט־זיניק און די גרענעץ איז ברייט אָפן! פאַר וואָס־זשע האָבן דאָס איינגעזען בלויז כלב בן יפונה און יהושע בן־נון?

אַן ענטפער דערויף גיבן די מרגלים גופא, אין קאַפּ׳ י״ג, פסוק 33:

„און דאָרטן האָבן מיר געזען די נפילים, די זין פון ענק וואָס פון די נפילים, און מיר זיינען געוואָרן ווי היישעריקן אין אונדזערע אויגן, און אַזוי זיינען מיר געווען אין זייערע אויגן״.

פריִער האָבן זיך די מרגלים דערפילט קליין, ווי היישעריקן, אין די אייגענע אויגן, און ערשט דערנאָך, זעענדיק זייער שרעק, זיינען זיי אַזוי געוואָרן אויך אין די אויגן פון די כנענים, — על־כל־פנים האָט זיך די מרגלים אויסגעדוכט, אַז זיי זעען אויס ביי יענע אין די אויגן ווי היישעריקן.

און דער אויספיר זייערער איז געווען אַ ריכטיקער: אויב מע קוקט אויף זיך אַליין ווי אויף אַ היישעריק, מוז אויך דער צווייטער אויף דיר אַזוי קוקן.

שרעק האָט גרויסע אויגן: ער האָט זיי די כנענים געוויזן ווי ריזן און במילא האָבן זיי ז י ך דערזען — מיט די זעלביקע אויגן פון שרעק — ווי היישעריקן.

בלויז צוויי, וועלכע זיינען נישט אַריינגעפאַלן אין שרעקפּאַניק, האָבן נישט געזען נישט די כנענים ווי ריזן, און נישט זיך — ווי היישעריקן.

אָבער זיי זיינען געווען אַ מינדערהייט צווישן די מרגלים; די מערהייט האָט אָנגעשטעקט מיט פּאַניק דאָס גאַנצע פאָלק.

די פּאַניק איז געווען אַזוי גרויס אַז זיי האָבן זיך ליבערשט אַרומגעדרייט אין מידבר פערציק יאָר איידער זיך צו דערוועגן גיין מילחמה־האַלטן מיט די ריזיקע שאָטנס, וואָס זייער שרעק האָט פאַר זיי אויסגעמאָלט.

כ״א

# די מעשה מיט יפתחן

די קראַפט פון דיכטונג!

די געשיכטע מיט יפתחן און זיין טאָכטער (וועמענס טראַגעדיע איז גרע־סער — דעם טאַטנס צי דער טאָכטערס?) איז אויסטערליש שיין.

די דערשיטערונג פון טאַטן, וואָס די געליבטע טאָכטער גייט אים אַרויס אַנטקעגן און ער דערזעט אין איר דעם קרבן, דעם בראַנדאָפּער וואָס ער האָט אַ נדר געטאָן צו ברענגען פאַר גאָט ווי אַ דאַנק־מתנה פאַרן ניצחון, — די דאָ־זיקע דערשיטערונג ווערט געמילדערט דורך דער גרייטקייט פון דער טאָכטער צו זיין דער קרבן.

דער טראַגיש־שטורמישער אויסברוך פונעם טאַטן, אין וועמען ליבע וועקט חרטה און מענטשלעכע געפילן (ער דערפילט דאָס לעבעדיק־צאַפּלדיקע אינעם אַבסטראַקטן נדר) ווערן געדעמפט דורך דעם לירישן טרויער, דורך דער לירי־שער צאַרטקייט פון זיין טאָכטער. זי איז גרייט. „פּאָטער מיינער, האָסט גע־עפנט דיין מויל צו גאָט; טו צו מיר אַזוי, ווי עס איז אַרויס פון דיין מויל נאָך דעם ווי גאָט האָט דיר געגעבן אַ נקמה אָן דיינע פיינט...״

און דערנאָך דער פאַרלאַנג פון דער טאָכטער:

„לאָז מיך אָפּ אויף צוויי חדשים: און איך וועל גיין און וועל נידערן אויף די בערג, און וועל וויינען אויף מיין יונגפרוישאַפט, איך און מיינע חברטעס...״

„און זי איז געגאַנגען, זי און אירע חברטעס, און זי האָט געוויינט אויף איר יונגפרוישאַפט, אויף די בערג... און זי האָט פון קיין מאַן נישט געוווּסט״.

סאַר׳אַ דיכטונג! אַן עקסטראַקט פון דיכטונג, אָן שום צומיש פון שפּראַך־וואַסער. די שטאַרקע עסענץ פאַרשיכורט אונדז אַזוי אַז מיר שפּירן נישט דעם שוידער פון דעם רויען פאַקט פון ברענגען מענטשלעכע קרבנות אין דער צייט פון די שופטים!

אָט־דער שוידער ווערט ווי פאַרזונקען אינעם שטורעם פון יפתחס פאַר־צווייפלונג און אינעם לירישן מיידלשאַפט־צער פון יפתחס טאָכטער.

און ער איז דאָך דאָ, דער דאָזיקער שוידער, פון סאַמע אָנהייב ביזן סאַמע סוף. ער איז דאָ, דער שוידער, ביים נדר־געבן: „ד ע ר אַ ר ו י ס ג י י ע ר וואָס וועט אַרויסגיין פון די טירן פון מיין הויז מיר אַנטקעגן... זאָל געהערן צו גאָט, און איך וועל אים אויפברענגען פאַר אַ בראַנדאָפּער״.

האָט ער דען געקאָנט מיינען עפּעס אַנדערש ווי אַ מענטשן, און אַ אייגע־נעם דערצו?

און דאָס וואָס ער איז גרייט צו ברענגען פאַר אַ קרבן זיין טאָכטער באַ־שטעטיקט דאָך דעם פאַקט פון ברענגען מענטשלעכע קרבנות: ער דערשרעקט זיך נישט פאַר אַ מענטשלעכן בראַנדאָפּער, — ער דערשרעקט זיך נאָר וואָס דער

בראַנדאָפּפער איז זיין טאָכטער, נישט קיין אַנדערער, אַ ווייטערער און ווינציקער געליבטער מענטש.

און די טאָכטער איז, ווי עס שיינט, אויך געוווינט צו מענטשלעכע קרבנות, — זי באַדויערט איר מיידלשאַפט, דאָס יונגע לעבן, אָבער זי רעוואָלטירט נישט קעגן דעם, ווייל פאַר איר איז נישטאָ דערין קיין שום אויסערגעוויינטלעכס: „ער האָט געטאָן צו איר זיין נדר וואָס ער האָט אַ נדר־געטאָן״.

און דאָס אַלץ גליטשט זיך קוים פאַרביי אונדזער זיכרון, פאַרביי אונדזער באַוווסטזיין און רירט נישט אָן קיין איין סטרונע פון אונדזערע געפילן — נישט די סטרונע פון עקל, נישט די סטרונע פון צאָרן.

פאַר וואָס? ווייל אונדזער געמיט איז געפאַנגען פון יפתחס טראַגישן גע־ראַנגל — צווישן דעם נדר צו גאָט און דער ליבע צו דער טאָכטער, און פון דער דיכטונג פון יפתחס טאָכטערס רייד און איר האַלטונג.

די וווּנדערלעכע קראַפט פון דיכטונג! זי פאַרוואַנדלט עקלדיקס אין שיינ־קייט, און אָפּשטויסנדיקס — אין רירנדיקס.

צו וואָס זי רירט זיך צו — ווערט גאָלד.

און נישט נאָר מיר פילן נישט אין יפתחס מעשה דעם עקל און גרויל פון ברענגען מענטשן־קרבנות; אויך דער תנ״ך פילט דאָס נישט, — דער תנ״ך, וואָס שטורעמט קעגן דעם מולך־עבודה־זרה.

און אַפילו גאָט גיט איבער די בני עמון אין זיינע הענט, — שוין נאָכן נדר.

און אויך די מסורה מיאוסט זיך נישט מיט אים (שוין נאָכן אויספירן דעם נדר):

יפתח בדורו כשמואל בדורו...

כ״ב

# פונקען

ס׳איז נישט געגוג צו זאָגן: „טו נישט דעם צווייטן דאָס, וואָס דו ווילסט נישט מע זאָל דיר טאָן״. מ׳דאַרף אויפהייבן הויך די פאָן פון דעם לאָזונג: טו דעם צווייטן דאָס, וואָס דו וואָלסט געוואָלט מ׳זאָל דיר טאָן, ווען דו וואָלסט זיך געווען געפונען אין זיין לאַגע.

דאָס ערשטע פאָדערט פאַסיווע עטיק; דאָס צווייטע — אַקטיווע. דאָס ערשטע קאָן אויסהיטן דעם שוואַכן פון אַ געוואַלד־טויט: „מ׳דאַרף אים נישט טויטן, ווייל אויך מיר וואָלט זיך נישט געוואָלט, מע זאָל מיך טויטן״. דאָס צווייטע וועט באַפרייען דעם הונגעריקן פון אַ הונגער־טויט:

„מע דאַרף אָנזעטיקן דעם הונגעריקן, ווייל ווען איך וואָלט זיך געווען געפונען אין זיין לאַגע, וואָלט איך געווען ווען, וואָלט איך געווען געפאָדערט מ׳זאָל מיך אָנזעטיקן״.

*

„פאַראורטייל נישט דיין מיטמענטש, ביז דו וועסט זיך נישט געפינען אויף זיין אָרט״.

דער דאָזיקער כלל איז זייער אַ שיינער, אָבער מ׳דאַרף אים אַ ביסל ענדערן:

„איידער דו טראָגסט אַרויס אַן אורטייל אויף דיין מיטמענטש, שטעל זיך פאָר אַז דו ביסט אויף זיין אָרט״.

דאָס ערשטע פאָדערט פאַסיווע עטיק (וואַרט ביז דו וועסט זיך געפינען אויף יענעמס אָרט!), דאָס צווייטע פאָדערט אַקטיווע עטיק, (וואַרט נישט אויף דער אויסערלעכער ווירקלעכקייט, נוץ אויס דיין פאָרשטעלונג־קראַפט, דערויף איז זי דיר געגעבן געוואָרן). דאָס ערשטע קאָן ראַטעווען אַ מענטשן פון אַן אומגערעכטן אורטייל, — אָפּלייגן דעם מישפּט איבער אים, ביז דער ריכטער וועט זיך נישט געפינען אין דער לאַגע פון באַשולדיקטן. דאָס צווייטע קאָן ברענגען אַ מענטשן אַ פאַרדינטן באַפרייונג־אורטייל (און ווער פון אונדז פירט נישט אויס די פונקציע פון אַ ריכטער צענדליגגער מאָל אַ טאָג?): דער ריכטער דאַרף אָנשטרענגען זיין פאָרשטעלונג־קראַפט, אַריינלעבן זיך אינעם צושטאַנד פונעם מיטמענטש, זיך פאַרקערפּערן אין יענעם און אין יענעמס לאַגע.

דאָס הייסט, דער ריכטער דאַרף ווערן אַ דיכטער.

וואָס פאַר אַ גוטס אַ מענטש זאָל נישט טאָן, טוט ער דאָס אין פּאַציענטישן טראַנס. מיט אַנדערע ווערטער: לעבן לויט אַ־די געזעצן פון אַקטיווער עטיק איז זייער שווער (מ׳פירט נישט אויס אויך די געזעצן פון דער הויכער פאַסיווער עטיק); דערצו דאַרף מען אויפהערן זיין אַ מענטש. אָדער — ווערן אַ מענטש, ד״ה, אַ דיכטער — נישט דווקא מיטן שרייבן, אָבער אומבאַדינגט לויטן איבערלעבן.

כ״ג

# נחס תבה

„נחס תבה״ איז אין יִדיש אַ ווערטל פון גרינגשאַצונג. אַ מאָל שפּירט מען אַפילו אינעם דאָזיקן ווערטל — אַן אונטערטאָן פון פאַראַכטונג. און מ׳קאָן נישט זאָגן — אַז אומפאַרדינטערהייט.

„און גאָט האָט געזאָגט צו נחן: גיי אַריין דו און דיין גאַנץ הויזגעזינד אין דער תבה, וואָרעם דיך האָב איך געזען אַ צדיק פאַר מיר אין דעם דאָזיקן דור. פון אַלע ריינע בהמות זאָלסטו דיר נעמען צו זיבן און זיבן, איטלעכס מיט זיין פּאָר; און פון די בהמות, וואָס זיי זיינען נישט ריין, צו צוויי, איטלעכס מיט זיין פּאָר״.

שטעלט זיך די גרויסע פראַגע: גאָט האָט דאָך געמאַכט דעם מבול דערפאַר, ווייל „יעטוועדער לייב האָט פאַרדאָרבן זיין וועג אויף דער ערד״, און „די ערד איז פול מיט אומרעכט דורך זיי״; טאָ צו וואָס האָט ער אַזוי געזאָרגט פאַר די אומריינע בהמות, זיי זאָלן חס ושלום נישט אומקומען, און געהייסן נחן זיי אַריינ־נעמען אין דער תבה?

אמת, די ריינע האָבן אויך פאַרדאָרבן זייער וועג אויף דער ערד, אָבער מיט זיי איז עפּעס אַנדערש: גאָט איז אפשר געפאַלן אַ קרבן פון דער אייביקער אילוזיע, אַז דאָס מאָל איז געווען אַ צופאַל, אַז דעם צווייטן מאָל וועט זיין אַנדערש מיט זיי; די ריינע וועלן שוין זייער וועג אויף דער ערד נישט פאַרדאַרבן; אָבער וואָסער אילוזיע האָט ער געקאָנט האָבן וועגן די אומריינע ברואים? — זיי זיינען דאָך באַשטימט אויף צו פאַרדאַרבן זייער וועג אויף דער ערד! זיי זיינען דאָך געבוירן דערצו!

שוין דאַן, ווייזט אויס, אין דער אוראַלטער צייט, האָט געהערשט דער פאַל־שער באַגריף פון דעמאָקראַטיע: אויב אַ תבה אויף צו ראַטעווען פון מבול, דאַרפן דאָרט זיין פאַרטראַטן אַלע. אויך די אומריינע ברואים. מע דאַרף אַלעמען אַריינ־נעמען, קיינעם נישט אויסשליסן! דאָס וואָלט געווען נישט דעמאָקראַטיש!

און דער רעזולטאַט האָט זיך גלייך געלאָזט פילן: גאָט האָט באַפוילן צו נעמען צו זיבן פאַרלעך פון די ריינע און צו צוויי פון די אומריינע, אָבער אַריינ־גענומען האָט מען גלייך אויף גלייך, צו צוויי סיי פון די ריינע, סיי פון די אומ־ריינע.

עפנט מען אַ טירעלע פאַרן אומריינעם, גיט עס זיך שוין אַן עצה: עס קריכט שוין אַריין פון אַלע זייטן...

נישט נאָר מע פעלשט גאָטס באַפעל וועגן זיבן און צוויי (כדי כאָטש אויף אַזאַ אופן אָפּצושוואַכן דעם אומפאַרשטענדלעכן קאָמפּראָמיס), נאָר מ׳גיט נאָך צו אומפאַרשעמט: „פון די ריינע בהמות און פון די בהמות וואָס זיינען נישט ריין... זיינען צו צוויי, צו צוויי אַריינגעגאַנגען צו נחן אין דער תבה... אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן נחן״.

איז דען אַ וווּנדער וואָס די וועלט איז אַזוי אומריין? אַז נישט נאָר מ׳איז אַרומגעגאַנגען גאָטס באַפעל און מ׳האָט אַריינגענומען אין נחס תבה ריינס און אומריינס אין אַ גלייכער פּראָפּאָרץ, נאָר אַדרבא, דעם אומריינעם האָט מע געגעבן אַ סך בעסערע שאַנסן זיך צו פאַרמערן, ווי אין חומש שטייט (נח, ח׳, 20): „און נח האָט געבויט אַ מיזבח צו גאָט, און ער האָט גענומען פון אַלע ריינע בהמות... און האָט אויפגעבראַכט בראַנדאָפּער אויפן מיזבח״.

פונעם ריינעם נעמט גאָט אַראָפּ אַ פּראָצענט פאַר זיך, — זיי פאַלן קרבנות אויף זיינע מיזבחות; דאָס אומריינע לאָזט ער זיך פאַרמערן אומגעשטערט, — דאָס לאָזט ער פאַר דער ערד...

יאָ, נישט אומזיסט איז „נחס תבה״ אַ ווערטל פון גרינגשאַצונג און פאַראַכטונג: זי האָט באַשיצט פונעם מבול דאָס ריינע, כדי גאָט זאָל נישט בלייבן אָן קרבנות; דאָס אומריינע אָבער האָט זי באַשיצט לשמה, עס זאָל, חס ושלום, נישט פאַרפעלן קיין אומריינס אויף דער וועלט...

כ״ד

# די מאַכט פון גלויבן

אויב דער תנ״ך באַווייזט עפּעס, איז דאָס די מאַכט פון גלויבן, די מאַכט פונעם גלויביקן, גלויביק־גליאיקן וואָרט.

אַז דער תנ״ך באַווייזט דאָס, קאָן מען אויפּווייזן מיט טויזנט ראיות; אָבער עס איז גענוג זיך אָפּצושטעלן אויף אַ ראיה וואָס גיט אַ בלענד פון צווייטן פּסוק „מיכה״ (א׳).

„ה ע ר ט א י ר פ ע ל ק ע ר אַ ל ע,

„פ אַ ר נ ע ם ד י ע ר ד א ו ן א י ר פ ו ל ק י י ט״.

ווי קינדיש־נאַיוו אַזאַ פּאַטעטישער אויסרוף האָט געמוזט קלינגען אין די אויערן פון די „קלוגע״ אין יהודה און ישראל: עס שטייט אַ נביא, איינער פון אַ מחנה פּאַנאַטיקערס, קעגנערס פון ציוויליזאַציע; איינער פון דער מחנה שרייערס וואָס לאָזן נישט צורו דאָס פאָלק, וואָס זיין שפּראַך איז לאָקאַל־באַגרענעצט; און אָט־דער איינער וויל נישט אַנדערש, ווי נאָר אַז דאָס וואָס ער רעדט פאַר אַ המון אין יהודה, זאָלן הערן אַלע פעלקער און די גאַנצע וועלט.

מע קאָן זיך פאָרשטעלן ווי מ׳האָט דאָס געלאַכט אין די סאַלאָנען פון די „פרות הבשן״, ווען אַ „קלוגער״, וואָס האָט צופעליק געהערט דעם נביא מיכה, פלעגט דאָרט דערציילן ווי דער דאָזיקער מיכה, וואָס אַ חוץ אַ המון ליידיקגייערס הערט אים קיינער נישט אין זיין אייגן לענדל, באַפעלט די גאַנצע וועלט אים צו הערן...

און די דאָזיקע „קלוגע״ זיינען, לאָגיש גענומען, געווען גערעכט: ווען די וועלט וואָלט שוין אַפילו מער נישט געהאַט וואָס צו טאָן, ווי נאָר צו הערן מיכה המרשתין (כאַ־כאַ־כאַ, — גלעקלען די „פרות הבשן״ און קוקן שעלמיש אויף זייערע „אָגערס״, וואָס „הירזשען צו זייערע חברימס פרויען״, — ירמיה, ה׳, ח׳), ווי אַזוי קאָנען זיי אים הערן? נישט נאָר זיינע רייד, אויך זיינע מגילות, זיינע פאַרשריבענע ווילדע געשרייען, דערגייען צו קיינעם נישט אין דער גרויסער ציוויליזירטער וועלט. און דאָך ווייסן מיר היינט, אַז די דעמאָלטיקע „קלוגע״ זיינען נישט געווען גערעכט; מיכה המרשתיס ווערטער און די ווערטער פון זייערע חברים די נביאים זיינען דערגאַנגען צו דער וועלט. זיין באַפעל, אַז די וועלט זאָל אים הערן, איז דערהערט געוואָרן.

אמת, דערווייל האָט אים די וועלט, די גרעסטע טייל וועלט, דערהערט נאָר מיט די אויערן, — נישט מיטן האַרצן; אָבער זיינע ווערטער, וואָס האָבן נישט געהאַט פאַר זיך קיין פרעסע און קיין ראַדיאָ, זיינען נישט צערונען אין דער לופטן; זיינע מגילות, וואָס זיינען נישט אַרויס פון אונטער דער דרוק־מאַשין אין מיליאָנען עקזעמפּליאַרן, האָבן אויסגעהאַלטן יאָרטויזנטערס, האָבן זיך דערוואַרט אויף דער דרוק־מאַשין, דעם ראַדיאָ, דער פרעסע און אויך זיי קאָנען נישט אין גאַנצן פאַרשלינגען אין זייער שרייאיקן, טומלדיק־בהלהדיקן תהום מיכהס רייד.

זיי לעבן נאָך אַלץ מיטן כוח פון גלויבן, — וואָס האָט זיי געבוירן אין מיכה המרשתין, — אַז דאָס וואָס ע ר פילט, דאַרף הערן די גאַנצע וועלט.

און מיר קאָנען זיכער זיין (און זאָל דאָס זיין אונדזער טרייסט אין אַ וועלט וואָס שענדט אויף טריט און שריט די ג ע ה ע ר ט ע, אָבער נישט ד ע ר־ ה ע ר ט ע רייד פון די נביאים) אַז די רייד פון די מיכה המרשתים וועלן נישט דערשטיקט ווערן כל־זמן עס לעבן מענטשן אויף דער וועלט, ווייל דורך זיי, דורך די מיכה המרשתים, האָט אַרויסגעשריגן דער מ ע נ ט ש, זיין אייביקע בענק־שאַפט נאָך גערעכטיקייט, נאָך אַ הייליק לעבן, נאָך אַ לעבן וואָס זאָל האָבן אַ זין און אַ טעם — אַ מענטשלעכן זין און אַ מענטשלעכן טעם.

אויך היינט זיינען דאָ יורשים פון מיכה המרשתי, וואָס דורך זיי שרייט אַרויס דער מ ע נ ט ש צו אַלע פעלקער, צו דער גאַנצער וועלט; און אויך היינט זיינען דאָ „קלוגע" (און ווער פון אונדז איז היינט נישט „קלוג"?), וואָס לאַכן אויס זייער נאַיוון געשריי: „הערט איר פעלקער אַלע!"; אָבער שפּעטערע דורות (קיינער ווייס נישט ווען) וועלן לייענען זייער רוף צו די פעלקער און ז יי וועלן וויסן, אַז דער רוף וואָס אַזוי פיל „קלוגע" האָבן אים אויסגעלאַכט, און אַזאַ ריזיקע פּרעסע־מלוכה, און אַזאַ געדיכטע ראַדיאָ־נעץ האָבן געפּרוווט פאַר־שרייען, איז פאָרט דערגאַנגען צו דער וועלט און איז נישט נאָר ג ע ה ע ר ט, נאָר אויך ד ע ר ה ע ר ט געוואָרן.

און יענע גליקלעכע דורות וועלן וויסן אַז דער רוף צו זיי איז געבוירן גע־וואָרן אין קליינעם, עלנטן לאַנד יהודה, ביי מאָדנע מענטשן, וועלכע האָבן גע־גלייבט מיט אַן אומצעשטערלעכן גלויבן אַז זיי מוזן ריידן צו דער גאַנצער וועלט, אַז די גאַנצע וועלט מוז זיי הערן.

און אַזוי איז טאַקע געשען אַ דאַנק זייער גלויבן.

אַז וויל צו דעם וואָס קאָן כאָטש אין זיין וויזיע אויף איין איינציקער מי־נוט דורכדרינגען דעם חושך פון אונדזער לעבן און דערזען יענע ווייטע גליקלע־כע צייט...

און אויב זי וועט אַפילו קיין מאָל נישט קומען, עקסיסטירט זי אויך פאַר אים אַ דאַנק יענער איינציקער רגע וואָס אין איר זכות איז די וועלט באַשאַפן גע־וואָרן (לויט זיין גלויבן).

כ״ה

# דער מועט המחזיק את המרובה און די שפע וואָס פאַרמאָגט גאָרנישט

דער קלאַסישער מועט המחזיק את המרובה איז — דיכטונג. אַ פּאָר ווער־טער, אָפּט אַפילו איין וואָרט אָדער בלויז אַן ענדערונג אינעם סדר פון די ווער־טער, און עס שפּאַלט זיך דער הימל און איר זעט שיער נישט גאָט; און דאָס האַרץ ווערט אָנגעקוואָלן מיט געפילן און שטימונגען, וואָס נאָר דאָס צמצומ־דיקע דיכטערישע וואָרט האָט עס געקאָנט אויסלייזן אין אייך.

און אויב דיכטונג בכלל איז דער קלאַסישער מועט המחזיק את המרובה, איז דער תנ״ך דער קלאַסישער אוצר פון ביישפּילן, וואָס באַשטעטיקן דאָס.

און איינער פון די בולטסטע ביישפּילן — טאַקע צוליב זיין באַשיידנקייט — איז דער ערשטער פּסוק פון י ח ז ק א ל, אָדער ריכטיקער, דער ערשטער קאַפּיטל זיינער.

דער ערשטער קאַפּיטל פון יחזקאל אַנטהאַלט אַ זעונג מיטן באַרימטן „פלאַ־קעריקן פייער״ וואָס איז מיטן פון אים איז „כעין החשמל״, וואָס יהואש זעצט עס איבער „ווי דער אָנבליק פון בורשטין״, און מיין רבי פלעגט עס אונדז דער־קלערן — צו אונדזער גרויסער התפעלות — „ווי עלעקטריש ליכט׳; אין דאָזיקן קאַפּיטל זיינען אויך דאָ די באַרימטע „פיר חיות״, וואָס ווערן באַשריבן אַזוי גע־נוי און אַזוי „פּאָעטיש״ און — אַזוי רעטאָריש־עקרדיק!

ס׳אָר אַ סך מי יחזקאל גיט זיך צו שילדערן די חיות און די גאַנצע זעונג, און דאָך בלייבט זי דרויסן פון אונדז. זי האָט נישט קיין צוטריט צו אונדזער געמיט. איר שטוינט: ווי קומט צום תנ״ך אַזאַ געניי־נודנע באַשרייבונג? איר פילט דאָ אַ קלימאַט־ענדערונג אינעם סטיל פון תנ״ך. אַנשטאָט וואָס דרך כלל זיינען די באַשרייבנדיקע שטעלן פון תנ״ך — ווי, למשל, קאַפּיטל ג׳ פון ספר „נחום״ און אַן אַ שיעור אַנדערע — בילדלעך־בליציק, פּרעציז און קנאַפּוואָר־טיק, ווי אַ פייל פון אַ מייסטער־שיסער, זינקען מיר דאָ אין אַ וואָרט־נעפּל, וואָס האָט מיטן תנ״ך־סטיל קיין מינדסטע שייכות נישט. דער ריינער שטראָם פון דער תנ״ך־דיכטונג הייבט דאָ שוין אָן אַריינצופאַלן אינעם זומפּ פון דער אַפּאָקאַליפּ־טישער, עפּיגאָניש־אַפּאָקריפישער ליטעראַטור.

אָבער אַ גוואַלדיקע זעונג איז פאָרט דאָ אין דאָזיקן קאַפּיטל, — זי געפינט זיך אין ערשטן פּסוק פונעם קאַפּיטל. יחזקאלס זעונג געפינט זיך אין דער כלומרשט נישט וויכטיקער אויפשריפט צו דער זעונג: „און עס איז געווען אין דרייסיקסטן יאָר, אין פערטן חודש, אין פינפטן טאָג פון חודש, ווען איך בין געווען צווישן די פאַרטריבענע ביים טייך כבר, האָבן זיך צעעפנט די הימלען...״ אָבער נישט פאַר דער זעונג וואָס ער מאַטערט זיך אומזיסט צו ווייזן אונדז, נאָר פאַרן כלומרשטן טפל, פאַר דער דאַטע און פאַרן אָרט, ווו ער האָט דעם כלומרשטן עיקר כלומרשט דערזען...

אַ סקרוך גייט אונדז אַריבער איבער די ביינער, ווען מיר לייענען די פּאָר

ווערטער: „ואני בתוך הגולה על נהר כבר", „און איך געפֿין זיך צווישן די פֿאַרטריבענע ביים טייך כבר" (נישט „ווען איך בין געווען", נאָר „און איך געפֿין זיך"; אָפּט, ווען מע דאַרף זיין ווערטלעך, איבערזעצט יהואש לאָגיש; און ווען מע דאַרף זיין לאָגיש — איז ער ווערטלעך...); אָט איז דער אָנהייב פֿון גלות, געגוי, מיטן יאָר און מיטן טאָג, און מיטן אָרט: אָט דאָ האָט גענומען שפּראָצן און וואַקסן דער יִדישער גלות, דער יִדישער גורל...

די פּאָר שטילע ווערטער „ואני בתוך הגולה על נהר כבר" זיינען פֿול מיט בילד, מיט זעונג, מיט וויזיע, האַרץ־פֿאַרכאַפּנדיקער אינטימער נאָענטקייט מיט יענע ווייט־ווייטע און דאָך נאָענט־נאָענטע...

„ואַני בתוך הגולה על נהר כבר" נעמט קרייזן אינעם ריטעם פֿון מיין בלוט, „ואני" — „און איך"; נישט יחזקאל, נאָר איך געפֿין זיך צווישן די פֿאַרטריבענע... נישט אומזיסט האָט שמעונוביץ, דער העברעיִשער דיכטער, געשאַפֿן אַ וווּנדערבאַר ליד א"נ „על נהר כבר".

יחזקאלס שטילע ווערטער האָבן אויך אין אים (ווי זיי וועלן עס ווירקן אויף יעדן פֿילבאַרן האַרץ!) אַן עפּן געטאָן דעם ברייטן האָריזאָנט פֿון זיין אינטימער פֿאַנטאַזיע און ער האָט דערזען ביים טייך כבר — ז י ך און די גאַנצע קייט פֿון דורות.

די עטלעכע כלומרשט זייטיקע ווערטער האָבן זיך אויפֿגעלייזט ביי שמעונוביצן אין אַ ווּנדערלעכן ליד, פֿול שטימונג און עכטער וויזיע, פֿול מוזיק און אינטימע אַנונגען; אָבער די קאָמפּליצירטע זעונגען פֿון קאַפּיטל־עיקר האָבן נאָך קיינעם נישט אינספּירירט צו שאַפֿן עפּעס — זיי זיינען בלויז מאַטעריאַל פֿאַר עקרדיקע סכאָלאַסטיקערס און וואָרט־שמאַטע־קלייבערס צו גריבלען זיך אין זיי, און אין די גאָר נישט זעענדיקע זעונגען אַריינצוטייטשן כלומרשטע אינהאַלטן, פּוסטע אויסטייטשונגען און אַריינטייטשונגען, ווי פּוסט עס איז די מליצה פֿון די זעונגען.

איך ווייס, מע האָט געקענט אַנטקעגנשטעלן דער מליצהדיק־פּוסטער זעונג די באַרימטע זעונג פֿון די עצמות היבשות; אָבער איך האָב דווקא געוואָלט ווייזן וויפֿל דיכטערישע וויזיע, וויפֿל דיכטערישע וויברירונג עס איז דאָ אין די פּאָר שטילע, קוים באַמערקטע אַריינפֿיר־ווערטער צו אַ „גראַנדיעזער" זעונג.

די ווירקלעכקייט, אין וועלכער יחזקאל האָט זיך געפֿונען ביים טייך כבר, האָט זיך אומגעבעטן אַריינגעריסן אין דער פּאָמפּעז־פֿאַלשער זעונג; זי האָט זיך אַריינגעריסן אומבאַמערקט פֿאַרן באַוווּסטזיין פֿונעם נביא גופֿא, וואָס איז געווען פֿאַרנומען מיט אויסטראַכטן דעם גאַנצן פֿאַראַד אין הימל, און זי האָט זיך באַהאַלטן מיט איר גאַנצער שווערער שטימונג אין אַ ווינקעלע, אונטער אַ פּשוטער דאַטע און אַ געאָגראַפֿישער פֿעסטשטעלונג.

אָבער אויב עס זיינען נאָך היינט דאָ פֿרישע, לעבעדיקע בילדער אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל, געפֿינט איר זיי אין די דאָזיקע טרוקענע, „פּראָזאַיִשע" פֿעסטשטעלונגען.

און איך בין זיכער: אויך זיין קרויוו־וויזיע, זיין וויזיע אין טאָל מיט די אויסגעטריקנטע ביינער, האָט יחזקאל געהאַט און געדיכטעט דאָרט, ביים טייך כבר, צווישן די פֿאַרטריבענע...

אין קיין אַנדער אָרט האָט ער די וויזיע נישט געקענט האָבן; אין קיין אַנ־

דער אָרט האָט ער זי נישט געקענט אויספורעמען אין דיכטונג, פונקט ווי זיין זעונג פון די פיר חיות און די פלאַמען מיטן בורשטין (אָדער דער „עלעקטריע״) האָט ער געקענט צוטראַכטן נאָך דאַן, ווען ער האָט נישט געפילט אַז ער געפינט זיך ביים טייך כבר צווישן די פאַרטריבענע; ווען ער האָט נישט געפילט, אַז אין די ווערטער „ואני בתוך הגולה על נהר כבר״ איז דאָ מער ווי אין זיין גאַנצער כלומרשטער זעונג.

ווען איך לייען איבער דעם שטילן, וואַרעם־עלעגישן אָנהייב פון קאַפּיטל א׳ פון „יחזקאל״ און איך פאַל גלייך אַריין אינעם קאַלטן פייער פון זיינע זעונגען, פאַרשטיי איך ביז גאָר די ווערטער: „ניבא, ולא ידע מה ניבא״. „ער האָט נביאות־געזאָגט און נישט געוווּסט וואָס״.

ער האָט נישט געוווּסט, אַז דער טפל, די איבערשריפט צום קאַפּיטל איז גאָר דער עיקר, ריינע וויזיאָנערע דיכטונג, און דער עיקר איז גאָר — דער טפל...

דער ווערט פונעם ערשטן קאַפּיטל פון ספר „יחזקאל״ באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס צוליב אים זיינען אָנגעשריבן געוואָרן די ערשטע צוועלף ווערטער זיינע.

# נאכוואָרט

נישטאָ פאַר אַ שרייבער קיין מער אַנגענעמע זאַך ווי שרייבן אַ „נאָכוואָרט" צו זיינס אַ בוך, ערב זיין דערשיינען.

בפרט צום בוך „תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס", וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען מיין טרוים.

איך קאָן, אמת, נישט זאָגן אַז דער דאָזיקער טרוים איז מקוים געוואָרן אויף הונדערט פּראָצענט (עס איז זייער ווייט דערפון...), אָבער וואָסער טרוים איז ווען עס־איז מקוים געוואָרן אויף הונדערט פּראָצענט? איך וואָלט זיך צופרידנגעשטעלט מיט פופציק. לאָמיר אָבער לאָזן די פּראָצענטער אין אַ זייט, — דער עיקר איז מיין געפיל אַז מיין טרוים פאַרשמעקט מיט ווירקלעכקייט.

צווישן אַזוי פיל מפּלות, איז אַ קליינער זיג אויך אַ גרויסער ניצחון און איך גענים אים, נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז ווייט נישט קיין פולער...

**

דער אופן פון לערנען תנ״ך אין חדר, האָט נישט געקאָנט באַפרידיקן מיינע פריִע ליטעראַרישע נייגונגען. פונקט ווי דער תלמוד פלעגט ביי מיר רעהאַביליטירט ווערן דורך דער אַגדתא, פלעגט אויך דער תנ״ך ביי מיר רעהאַביליטירט ווערן דורך דער געשטאַלט פון אליהו הנביא, דורך חבקוקס ברייט־אויפגעריסענע אויגן אין דעם מאַיעסטעטישן פּסוק „טהור עינים מראות בדע" און עלעכע. ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דער אייראָפּעישער קולטור, האָב איך זיך גענומען ראַנגלען מיט דער ביבלקריטיק, נישט מחמת רעליגיעזע מאָטיוון, נאָר ליטעראַרישע. דער תנ״ך איז אונטער די הענט פון דער ביבלקריטיק אַזוי צעשטיקלט געוואָרן, אַז צוליב די ביימער האָט מען אויפגעהערט צו זען דעם וואַלד. עס איז מיר אוממעגלעך געוואָרן צו לייענען דעם תנ״ך אוממיטלבאַר, — ביי יעדער שורה, שיעור נישט ביי יעדן וואָרט האָב איך געמוזט אָדער אין זינען האָבן אַן אויסבעסערונג אָדער די זוכן.

צוערשט האָט טאַקע געכישופט דער געדאַנק צו קאָנען האָבן אַ קלאָרן קריטיש־דורכגעזיפּטן טעקסט, אָבער דערנאָך איז אַלץ מער און מער קלאָר געוואָרן אַז ביז מ׳וועט געאָלאָגיש געניי אָפּשאַצן און צעגלידערן די תנ״כישע לאַנדשאַפט, וועט פאַרשווינדן איר גאַנצער צויבער.

וואָס מער איך האָב געוואָלט שטילן דעם אויפגעוואַכטן הונגער נאָך קריטיק, נאָך לאָגישער קלאָרקייט אין יעדן זאַץ, אַלץ מער בין איך געוואָרן הונגעריק נאָך דער אוממיטלבאַרער ליטעראַרישער שיינקייט פונעם תנ״ך אַזוי ווי ער איז, מיט אַלע זיינע אומקלאָרקייטן... איך האָב גענומען פילן אַז דאָס ביסל, וואָס דער רבי אין חדר האָט נישט באַוויזן צו צעשטערן, צעשטערט דאָס קאָלופּען זיך אין די אַלע

קאָמענטאַרן, וואָס ווייזן כמעט געווי ווי אַזוי דער אָדער יענער נביא האָט באַנוצט דאָס אָדער יענעם וואָרט.

מיר איז אַלץ מער און מער קלאָר געוואָרן, אַז סיי דער רעליגיעזער צוגאַנג צום תנ״ך, סיי דער קריטיש־פילאָלאָגישער, פאַרטונקלען פאַר מיר די אוממיטל־באַרע שיינקייט פונעם גרויס־דיכטערישן עלעמענט אינעם תנ״ך. דער תנ״ך, האָב איך דערפילט, איז אַ וועלט, אַ גאַנצע וועלט, און די וועלט קאָן מען נישט געניסן אַפילו אין אַ גוט־איינגעאָרדנטן מוזיי ווו אַלץ איז פרעפּאַרירט, איינגעראָמט באַזונ־דער און פאַרזען מיט פּלעטלעך, — נייערט אין איר פולקייט, מיט אַלע אירע סתירות און טאַקע אין אירע אָפט „נישט־פּאַסיקע״ ראַמען. די שיינקייט פון אַ בליץ מוז מען קאָנען אויפכאַפּן נישט נאָר אין אַ סטיליזירטער פאָרעם, נייערט אויך אויפן פאָן פון דער כמאַרע און פונעם רעגן.

**

שוין אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָב איך גענומען אַריינכאַפּן — אָן שום ליטעראַרישע הינטערגעדאַנקען — אַ שטיקל תנ״ך אוממיטלבאַר, אָן די יידישע און אָן, להבדיל, די גוייִשע מפרשים. און אָפט האָט זיך פאַרוואָלט שפּאַצירן איבערן תנ״ך אָן אַ „בעדעקער״, — לאָזן אומבאַמערקט דאָס, וואָס רעדט נישט צו מיר אומ־מיטלבאַר און זיך אָפּרופן מיטן פולן האַרצן אויף דעם, וואָס רופט ביי מיר אַרויס אַנטציקונג.

די ערשטע תנ״ך־נאָטיץ, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט שרייבן, איז געווען וועגן אליהו הנביא און זיין שיטה איבער די נביאי־הבעל. נישט איין מאָל פלעגט זיך וועלן איבעררייסן ס׳שרייבן אַ רעצענזיע און נעמען זיך צו אליהו הנביא... אָבער ערשט אין מיין גלות־שאַנכיי, ווו די ליידנשאַפט פון אַ קריטיקער האָט געמוזט אויסגעלאָשן ווערן, האָב איך געקאָנט אי מער לייענען דעם תנ״ך, אי אָנשרייבן וועגן אליהו הנביא די נאָטיץ, וואָס האָט פאָרויסגעשוועבט פאַר מיר מיט אַלע פרטים כמעט אַ יאָרצענדלינג.

כדי צו פאַרשטיין דעם כאַראַקטער פון די „תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס״, דאַרף דער לייענער וויסן, אַז איך האָב קיין מאָל נישט געלייענט דעם תנ״ך, כדי צו געפינען שטאָף פאַר נאָטיצן. עס וואָלט אָבער געווען נישט ריכטיק צו זאָגן אַז איך פלעג לייענען דעם תנ״ך פון פאַרגעניגן וועגן, — אי די צייט איז געווען צו אומרויק, אי דער תנ״ך איז צו אומרויק פאַר דעם. איך האָב געלייענט דעם תנ״ך צוליב אַ באַדאַר־פעניש אַרויסצורייסן זיך פון די אייגענע שמאָלע גרענעצן, פון דער ענגשאַפט פונעם שאַנכייער יידישן לעבן, פון די שמאָלע גרענעצן צוערשט פון אַ האַלב־פרייען קאָנצענטראַציע־לאַגער און שפּעטער — פון אַ האַלב־פרייער געטאָ. ערשט אין שאַנכיי האָב איך דערפילט דעם אמתן טעם פון תנ״כישער דיכטונג וואָס איז תמיד אין בעסטן זין פון וואָרט ה יי נ ט צ יי ט י ק, ווייל זי איז תמיד אייביק.

און נאָר דאַן, ווען איך פלעג דערפילן אין תנ״ך עפּעס אייביק־היינטצייטיקס אין יידישן זין אָדער אין אַלמענטשלעכן; נאָר דאַן, ווען איך פלעג עפּעס שאַרף־איבערלעבן אין תנ״ך, דערזען אין אַ נייַ ליכט, פלעג איך דאָס פיקסירן אין אַ נאָטיץ,

וואָס איך פלעג תמיד אימפּראָווּיזירן. אויף די דאָזיקע נאָטיצן האָב איך קיין מאָל נישט געאַרבעט ליטעראַריש, — זיי פלעגן מוזן אַרויסשווימען פון מיין שטימונג פּאַרטיקע, ביז אין די קלענסטע פּרטים כדי איך זאָל זיי פיקסירן. אַן אויסנעם איז געווען בלויז מיין גרעסערע נאָטיץ „ירמיה״, וואָס איך האָב זי איבערגעלעבט אין שאַנכיי אין צוויי באַזונדערע זעאונגען, אָבער אויפגעשריבן האָב איך זי ערשט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אין מעלבורן.

די תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס זיינען אי אַ פראַגמענט, אי אַ גאַנצקייט. אַ פראַג־מענט אין דעם זינען, וואָס סיי אין שאַנכיי, סיי אין מעלבורן האָב איך פיקסירט אויפן פּאַפּיר בלויז אַ קליינע טייל „אימפּראָוויזאַציעס״ פון די, וואָס האָבן פאַרביי־געשוועבט פאַר מיר ביים לייענען דעם תנ״ך, און אַ גאַנצקייט זיינען זיי, ווייל איך האָב קיין מאָל נישט געמאַכט קיין פּלאַן, לויט וועלכן אַזוי פיל און אַזוי פיל נאָטיצן אויף די און די טעמעס דאַרפן אָנגעשריבן ווערן. די תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס וועלן בלייבן אַ פראַגמענט, אויב איך זאָל אַפילו צושרייבן נאָך הונדערטער נאָטיצן (מ׳קאָן דעם אינהאַלט פון תנ״ך — סיי דעם געדאַנקלעכן סיי דעם סימבאָלישן — נישט אויסשעפּן), און זיי וואָלטן געווען אַ גאַנצקייט אין מיניאַטור, אויב איך וואָלט נישט געווען געשריבן מער ווי די נאָטיץ „אליהו הנביא״.

**

אין מיין ספר תנ״ך זיינען פאַרשטעקט אויף אַן אַ שיעור שטעלן שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס אַז איך צייל זיי איבער, ווייס איך אַז אַזוי פיל און אַזוי פיל צענדלינ־גער נאָטיצן זיינען בשעתו נישט אימפּראָוויזירט געוואָרן. הגם איך גלייב נישט, זיי זאָלן נאָך ווען אויפגעשריבן ווערן (עס איז שווער צו כאַפּן די פאַרפלויגענע שטי־מונג און די פאַרשוועבטע וויזיע), דאָך האָב איך קיין האַרץ נישט זיי אַרויסצוואַרפן פון מיין תנ״ך: זיי סימבאָליזירן פאַר מיר יענע טייערע מאָמענטן, ווען עס זיינען אויפגעקומען אין מיר, ביים לייענען דעם תנ״ך, בילדער און געדאַנקען, אַן אַ שיעור אַסאָציאַציעס וואָס האָבן פאַרבונדן פאַר מיר דעם ווייטן אַמאָל מיט דעם נאָענטן היינט.

אָט די טויטע פּאַפּירלעך זיינען פאַר מיר ווי פאַרטריקנטע בלומען, וואָס ליגן אין ביכער און מ׳וואַרפט זיי נישט אַרויס, ווייל זיי דערמאָנען אין אומפאַרגעסלעכע מינוטן. און אין צייטן פון גייסטיקן אָפּפלוס נעם איך מיין תנ״ך, עפן אויף די פאַר־קנייטשטע שטעלן און לייען און לייען און וואַרט אויפן וווּנדער (וואָס געשעט אַלץ זעלטענער און זעלטענער) אַז איך זאָל ווידער דערזען און איבערלעבן דאָס זעלביקע וואָס אַמאָל.

און אויב איך לעב איבער אַפילו בלויז אַ שאָטן פון יענע מאָמענטן, בין איך גליקלעך.

און אויב איך לעב שוין ביי געוויסע שטעלן גאָר נישט איבער עפּעס פרישס, לעבעדיקס און סטימולירנדיקס, פיל איך פון דעסטוועגן, אַז מיין עולה־רגל־זיין צו

די דאָזיקע שטעלן איז פּאַרט אַ גוטע זאַך: דאָס איז אַקוראַט ווי גיין באַזוכן ליבע קברים.

**

איך דאַנק פרוי לאה שוואַרץ, דער רעדאַקטאָרין פון די בוענאָס־איירעסער „שריפטן" פאַר איר איניציאַטיוו פאַרצולייגן דעם אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלט־לעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אַרויסצוגעבן מיינע „תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס" און איך דאַנק דעם אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, פאַר אָנ־נעמען פרוי לאה שוואַרצס פאַרשלאָג.

און נאָך —

איך ווינטש מיינע לייענערס זיי זאָלן דערפילן ביים לייענען דאָס בוך כאָטש אַ טייל פון דער פאַרכטיקער שטימונג, אין וועלכער דער גרעסטער טייל זיינער איז געשריבן געוואָרן.

מעלבורן, דעם 13טן יאַנואַר, 1960.

